דאָס בוך איז דערשינען מיט דער הילף פון:

בצלאל און סאָניע קאָסטנער־פאָנד א"נ פון מלך ראַוויטש
ביַים י. ל. פרץ־פאַרלאַג — תל־אביב;

קרן הנצחת יהדות פולין ע"ש יצחק גרינבוים — תל־אביב;

התאחדות אגודות הסופרים בישראל — תל־אביב;

קלאַראַ און חיים שפילבערג — מאָנטרעאָל, קאַנאַדע;

ד"ר חיים זשיטלאָווסקי־צווייַג — מאָנטרעאָל, קאַנאַדע;

זרובבל־גאָלדמאַן־טיבערג־קרייַז — ניו־יאָרק;

רינגעלבלום־אַנילעוויטש־קרייַז — ניו־יאָרק.

צבי אײַזנמאַן

# בלעטער פון
# אַ פאַרסמאַליעטן פנקס

דערציילונגען און בילדער




תל־אביב תשנ״ו — 1996

# די מאַמע וועט שוין
# מער ניט וויינען

## א

חיפהר פּאָרט. אַ שיף מיט מעפּילים. די עלטערן האָבן מיך אַראָפּגעטראָגן פון דער שיף אין אַ בלעכן וואַנעלע. דאָס וואַנעלע איז געווען ווייך אויסגעבעט מיט דער מאַמעס קליידער, מיטן טאַטנס העמדער. זיי האָבן געהאַלטן דאָס וואַנעלע בײַ די אויערן. חוץ דעם האָבן נאָך זיי זיך נאָכגעשלעפּט צוויי אויסגעמאַטערטע וואַליזעס מיט שטריק פאַרבונדן.

ס׳איז שווער געווען צו וויסן צי איך שלאָף, צי כ׳בין וואַך. איין זאַך איז זיכער געווען — כ׳האָב ניט געוויינט און ניט געשריִען, כאָטש אַרום אונדז האָט מען זיך געשטופּט און געליאַרעמט.

די פּאָרטהאַלע, ווו מען האָט אונדז אַרײַנגעפירט, איז געווען שרעקלעך גרויס, נאָר די אומאָרדענונג — נאָך גרעסער. מען האָט אַרומגעזוכט די סדרנים און זיי ניט געפונען. מענטשן מיט פּעק, זעק און קאַסטנס האָבן געוואַנדערט פון אָרט צו אָרט. עלטערן האָבן אין דעם געדראַנג פאַרלוירן זייערע קינדער. מען האָט די נעמען פון די פאַרלוירענע גערופן דורך די הילכערס. בײַ עמעצן האָט זיך צעבראָכן אַ טערמאָס מיט טיי. בײַ אַן אַנדערן — געעפנט אַ זאַק און די בעבעכעס האָבן זיך צעשאָטן אין אַלע זײַטן.

מײַן רויִקייט האָט בײַ דער מאַמען אַרויסגערופן אַ חשד:

— משה — האָט זי זיך פּלוצעם אָנגערופן — שטעל זיך אָפּ אַ ווײַלע. מען דאַרף זען וואָס איז מיטן קינד. ס׳ליגט עפּעס צו שטיל!

מ׳האָט אַוועקגעשטעלט דאָס וואַנעלע. מ׳האָט זיך איבער מיר אַראָפּגעבויגן, אַ טאַפּ געטאָן דעם שטערן צי כ׳האָב ניט קיין היץ, צי זיך ניט פאַרנעצט. צוריק מיר אַרייַנגעשטופּט דעם העסלעכן סמאָטשיק אין מויל און מען איז ווייַטער געגאַנגען.

כ׳האָב אַלץ ניט געוויינט. לייַטיש זיך אויפגעפירט און ווייַטער זיך צוגעקוקט צו דער אייַזערנער קאָנסטרוקציע, אויף וועלכער עס האָט זיך געהאַלטן דער דאַך, אויף די עמאַליענע טעלערס מיט די עלעקטרישע לעמפּ, כאָטש איין גאָט אין הימל האָט געוווּסט ווי דאָס האָט מיך געלאַנגווייַליקט. כ׳האָב אָבער קיין ברירה ניט געהאַט, ווייַל נאָר דאָס קען מען זען ווען מען ליגט אויף דער פּלייצע און מען קוקט אַרויף.

כ׳האָב זיך געקאָנט בונטעווען. פאַדערן אַז די מאַמע, אָדער דער טאַטע זאָל מיך נעמען אויף די הענט, נאָר כ׳האָב אַרויסגעפילט, אַז מען דאַרף טאַטע־מאַמע ניט שטערן און לאָזן זיי אויספירן עפּעס וואָס איז פאַר זיי זייער וויכטיק.

ס׳האָט לאַנג ניט געדויערט און די מאַמע האָט זיך אויף ס׳נייַ גענומען וועגן מיר זאָרגן:

— משה, כאַפּ נאָר אַ קוק צום קינד. עס דוכט זיך מיר אַז דאָס קינד עטעמט ניט!

דער טאַטע האָט זיך, מיט ניט קיין איבעריקער התלהבות, צו מיר אַריבערגעבויגן און צוגעהערט זיך צו מייַן אָטעם. געוואָלט מיר ווידער אַרייַנשטופּן דעם פּאַסקודנעם סמאָטשיק און אַז כ׳האָב זיך געווערט, ענערגיש אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ, האָט ער אויפגעגעבן. דערפאַר האָב איך אים באַשאָנקען מיט אַזאַ ליכטיקן שמייכל, אַז ער איז שיער ניט צעגאַנגען געוואָרן פון נחת.

אַרום אונדז האָט נאָך דער מענטשן־בינשטאָק גערויעט און געזשומט. מענטשן מיט פאַרשיידענעם אויסזען, פאַרשיידענעם טעמפּעראַמענט. אָנגעטאָן אין אַלערליי מלבושים. גערעדט אויף כּל־מיני לשונות — אָבער אַלע, אַלע זענען זיי געווען ייִדן.

די לופט האָט געאיבלט פונעם שווייס און פונעם שאַרפן די׳די׳טי׳־ריח. ס׳איז געווען דעמפּיק, קלעפּיק און דושנע. די פענצטער פאַרקראַטעוועט און די שויבן מיט פּודן שטויב. בלויז די

רוקטירן האָט מען פונאַנדערגעפּראַלט, נאָר דאָס איז ניט געגוג געווען. דער לופטגליוווער האָט זיך איינגעשפּאַרט און ניט געוואָלט אָפּטרעטן.

עטלעכע קראַנקן־שוועסטער אין ווייַסע כאַלאַטן און ווייַסע טשעפּקעס אויף די קעפּ האָבן זיך דורכגעשלאָגן אַ וועג צווישן דעם אויסגעמאַטערטן עולם און פונאַנדערגעטיילט מאַראַנצן און פּאַפּיראָסן.

ביי לאַנגע, לאַנגע טישן זענען געזעסן פּקידים, געטריבן פון זיך די פליגן, געווישט דעם שווייס און אויסגעפּילט די רובריקן פון די פּרעגבויגנס. געפּרעגט און איבערגעפּרעגט. געשריבן און איבערגעשריבן. מען האָט פאַרלוירן דאָס געדולד. מען האָט זיך דענערווירט. סיי די פּקידים און סיי די עולים. עס האָט זיך שוין געוואָלט זייַן פון יענער זייַט האַלע און די לאַסטאויטאָס זאָלן זיי צעפירן איבער די מעברות.

ב

בײַם אַרויסגאַנג פון דער האַלע האָט אויף אונדז געוואַרט דעם טאַטנס אַ ווייַטער קרוב. ער איז געווען רייַך. געהאַט אַ גרויסן פּרדס און אין פּרדס — אַ הויז. דער קרוב האָט אונדז פאַרגעשלאָגן דערוויילע וווינען אינעם הויז וואָס אין פּרדס און דאָרט אויך באַשעפטיקט ווערן, דערבייַ צוגעגעבן, אַז אין דער מעברה מיט די שורות געצעלטן וועט מען אַלע מאָל אָננעמען.

דער טאַטע האָט זיך געקווענקלט. זיך מישב געווען מיט דער מאַמען. די מאַמע האָט געפּסקנט אַז דער טאַטע דאַרף זייַן דער, וואָס זאָל באַשליסן און דער טאַטע האָט באַשלאָסן — מען פאָרט אין פּרדס. דעם טאַטן האָט בלויז פאַרדראָסן וואָס דער קרוב האָט אונדז ניט פאַרבעטן צו ערשט צו זיך. מיר זאָלן ביי אים זייַן עטלעכע טעג. אויסרוען די ביינער. באַקענען זיך מיט זייַן משפּחה. האָבן צייַט צו דערציילן אים און זייַן הויזגעזינד וואָס מען האָט איבערגעלעבט אין דער מלחמה, ווי אַזוי זיך געראַטעוועט. אַנשטאָט

צו זיך, ווי מיר האָבן זיך געריכט, האָט ער אונדז גלײַך געבראַכט מיט זײַן אויטאָ אין פּרדס. אמת, ער האָט אונדז באַזאָרגט מיט אַ פּרימוס צום קאָכן, מיט אַן אײַזקאַסטן, געשיר, אַלטע, אויסגעדינטע מעבלשטיק און מיט פּראָדוקטן ס׳זאָל סטײַען אויף די ערשטע טעג.

ס׳הויז איז געווען אַלט. דיקע ווענט. הויכער באַלקן. הויכע פענצטער. פון דרויסן בלוי געפאַרבט. אינעווייניק — ווײַס געקאַלכט. אַ יענוועלטיקע קילקייט האָט געוויייעט פון אַלע זײַטן. אַפילו די נײַגעריקע זונשטראַלן, וואָס זענען אַרײַנגעדרונגען דורך די אָפענע פענצטער צו זען און צו באַקענען זיך מיט די נײַע אײַנוווינער, האָבן זיך געשווינד אָפּגעטראָגן כּדי ניט צו פאַרלירן פון זייער געבענטשטער היץ.

צו אָט דעם הויז האָט זיך געפּאַסט דער אַרומיקער פּרדס און צום פּרדס איז געווען ווי אָנגעמאָסטן דאָס בײַדל מיט דער מעכאַנישער וואַסער־פּאָמפּע. דער שוואַרצער מאָטאָר (שוואַרץ פון סאַזשע און סמאָלער) האָט מיט שווערער האָרעוואַניע און אָסטמעדיקער סאַפּערײַ אַרויפגעצויגן דאָס ברונעם־וואַסער צו דעם שטיינערנעם, אויסגעקאַלכטן באַסיין. פונעם באַסיין איז דאָס וואַסער בהדרגהדיק אַריבער אין די בעטאָנירטע, לענגלעכע קאַריטעס. די קאַריטעס האָבן שוין געדאגהט אַז דאָס וואַסער זאָל אָנקומען צו יעדן בוים.

דאָס קאָפּלעכערנדיקע קרעכצערײַ פונעם מאָטאָר איז געווען ווי פון אַ האַרץ. פון אַן אויסגעמאַטערט, אַלט האַרץ וואָס אָט־אָט־אָט וועט עס זיך אָפּשטעלן און עס האָט זיך טאַקע אָפּגעשטעלט, אָבער וווּנדער איבער וווּנדער, נאָך אַ באַשטימטער צײַט האָט עס ווידער אויפגעלעבט און ווײַטער געטאָן דאָס, וואָס מ׳האָט געהייסן טאָן — שעפּן וואַסער פון די דנאָען.

## ג

די מאַמע האָט זיך דאָ געפילט זייער איינזאַם און אַפילו אומגליקלעך, כאָטש הונדערטער פאַררויטלטע, קײַלעכדיקע מאַ־

ראַנצן־בעקלעך האָבן צו איר אַזוי פריַינדלעך אַרויסגעשיַינט פון צווישן די זאַפטיק־גרינע בלעטער און אַלע ביימער פונעם גאַנצן פּרדס האָבן איר צוגעטראָגן אי אין די פאַרנאַכטן, אי אין די פרימאָרגנס גאַנצע זשמעניעס זיסן, שמעקעדיק פאַרשיכּורנדיקן וויַיס־ראָזן צוויט.

איך, איר איין־יאָריק מיידעלע, וואָס האָט זיך פאַרמאָסטן (דערוויַיל אָן הצלחה) סוף־כּל־סוף זיך אויפצושטעלן אויף די צוויי דיקע פיסלעך און נעמען גיין אָן אָנצוהאַלטן זיך אין אַ בענקל, אָן דער מאַמעס קלייד — בין געוואָרן איר פאַרטרויונגס־מענטש. מיט מיר איז איר לייַכטער געווען צו רעדן ווי מיטן טאַטן. אייגנטלעך איז זי געווען די רעדערקע. איך האָב זי בלויז אויסגעהערט.

דער טאַטע האָט איר אַלע מאָל פירגעהאַלטן אַז זי זינדיקט. זי דאַרף זיך שעמען אַזוי צו רעדן, אַז אין די די־פּי־ס־לאַגערן איז איר געווען בעסער ווי דאָ, אינעם אייגענעם לאַנד. זי האָט זיך מיט אים ניט געוואָלט אַריַינלאָזן אין אַ וויכּוח. אַנשטאָט מיט אים האָט זי דעם שמועס שפּעטער אָנגעהאַלטן מיט מיר:

— אים איז גוט אַזוי צו רעדן. ער שטייט אויף אין דער פרי, גייט אַריַין אין פּרדס. מישט זיך אויס מיט די אַנדערע אַרבעטערס. זעט מענטשן. רעדט מיט טראַקטאָריסטן, מיט שאָפערן וואָס ברענגען די קאַסטנס צו אָנלאָדן די פּרוכט. טראָגט כּלים פון אָרט צו אָרט און איך דאַרף קאָכן, וואַשן, רוימען, אָבער אַלץ אַליין. אָן צו זען גאַנצע טעג עמעצן פאַר די אויגן.

מיך האָט זי, וויַיזט אויס, ניט גענומען אין חשבון, ווען זי האָט געזאָגט „אָן צו זען עמעצן פאַר די אויגן". כ'האָב זיך ניט באַליידיקט.

צום ערגסטן איז דער מאַמען געווען אין די נעכט. אין שטוב האָבן ביַי נאַכט געברענט און באַלויכטן צוויי גרויסע נאַפטלעמפּ. די נאַפטלעמפּ זענען ניט מסוגל געווען צו צעטריַיבן די אַלע שאָטנס וואָס האָבן אין דער צו גרויסער, צו הויכער שטוב געפּויזעט פון איין ווינקל צום אַנדערן, געשטשירעט מיט די ציין, געסודעט זיך, געקניפּן איינער דעם אַנדערן, געקיצלט זיך, געוויצלט זיך און געלאַכט אָן אַ קול.

אין דרויסן, פאַר דער טיר, איז ניט בעסער געווען. די ביימער זענען געשטאַנען פאַרצאַגט און אומבאַוועגלעך. דער חושך האָט אויף זיי געדריקט פון אַלע זײַטן. די בלעטער און די פייגל זענען געשלאָגן געוואָרן מיט אַ בלינדקייט. אויך זיי האָבן מורא געהאַט זיך צו באַוועגן. די פינצטערניש האָט זיך ניט גערירט פונעם אָרט. עס האָט אויסגעזען אַז די פינצטערניש וועט שוין דאָ פאַרבלײַבן אויף שטענדיק. עס איז שווער געווען צו גלייבן אַז די ערשטע זונשטראַלן וועלן בכּוח זײַן אַדורכצורײַסן איר שווער געוועב.

געווען אויך אַנדערע נעכט. נעכט פון פולער לבנה־שײַן. פון צאַרטע ווינטעלעך וואָס האָבן ליבעס געפּירט מיט די ביימער־קרוינען. אַזעלכע נעכט האָט מײַן מאַמע פּשוט ניט געזען.

בײַ נאַכט האָט מיך די מאַמע געהאַלטן לעבן זיך. זי האָט זיך געטוליעט צו מיר מער ווי איך צו איר. דער טאַטע האָט אויסגע־לאָשן מיט אַ לאַנגן בלאָז די צוויי נאַפטלעמפּ און איז דער לעצטער געגאַנגען אין בעט אַרײַן. דער לעצטער געגאַנגען, נאָר דער ערשטער אײַנגעשלאָפן. אײַנגעשלאָפן און עס איז אַוועק אַ שנאָרכערײַ, אַז דער דאַך האָט זיך געהויבן. די מאַמע האָט אים געשטורכעט. ער האָט אַ צאַפּל געטאָן, אַרויסגעלאָזט אַן אומפאַרשטענדלעכן מורמל און אויפגעהערט צו שנאָרכן, ווי עס האָט אויפגעהערט די וואַסער־פּאָמפּע אינעם פּרדס־בײַדל איר אָנגעשטרענגטע פּלאָפּלערײַ — און פּונקט ווי די וואַסער־פּאָמפּע האָט זיך אומגעקערט צו איר סקריפּערײַ, אַזוי האָט זיך דער טאַטע אומגעקערט צום שנאָרכן.

לעצטנס האָט די מאַמע אויפגעהערט דעם טאַטן צו שטורכען. זי האָט אים געלאָזט שנאָרכן. מן־הסתּם זיך צו דעם צוגעוווינט. אויך צום רעש פון דער וואַסער־פּאָמפּע האָט די מאַמע מן־הסתּם זיך צוגעוווינט, ווײַל זי באַקלאָגט זיך מער ניט פאַר מיר, אַז דאָס טעמפּע קנאַקערײַ וועט זי אַראָפּפירן פונעם זינען. נאָר די יללות פון די שאַקאַלן האָבן זי אויפגעטרייסלט אַלע מאָל פון דאָס נײַ. ס'האָט זיך איר געדאַכט, אַז זי הערט דורך זייער געוווי אַ רופן, אַ בעטן, אַ קלאָגן ווי פון קינדער, וואָס מ'האָט אַרויסגעריסן פון די מאַמעס הענט. זי האָט געוויינט צוזאַמען מיט זיי.

איר שלוכצן האָט מיך אַרויסגעריסן פונעם שלאָף. זי האָט מײַן

קעפּל צוגעדריקט צו איר ברוסט און מיט אירע טרערן מיר אויסגענעצט דאָס גאַנצע פּנים. צום סוף האָט זי אויפגעוועקט דעם טאַטן. דער טאַטע האָט לאַנג געשאַרט מיט די הענט ביז ער האָט געפונען די שוועבעלעך און אָנגעצונדן איינעם פון די לעמפּ. אַוועקגעזעצט זיך לעבן דער מאַמען און געפּרוווט זי איינגעמען, געפּרוּווט זי באַרויִקן, ווי ניט איך וואָלט דאָ געווען דאָס קליינע, אומבאַהאָלפענע קינד, נאָר זי, די מאַמע:

— נאַרעלע — האָט ער צו איר גערעדט מיט אַ גלעטנדיקער שטים — מען רייַסט דאָ ניט מער קיין ייִדישע קינדער פון די הענט. מיר לעבן שוין ניט צווישן גויים. דאָס בילן פון שאַקאַלן קאָן טאַקע אָפּשרעקן. זיי זענען אָבער ניט געפערלעך. זיי נערן זיך מיט פּאַדלעס און מייַדן אויס דעם מענטש.

די מאַמע האָט אים געהערט און ניט געהערט. זי האָט שוין ניט געוויינט אויף אַ קול, נאָר די טרערן זענען נאָך אַלץ גערונען, זי וויל דאָ מער ניט זייַן און שוין. זי וויל ווינען צווישן מענטשן. זאָל זייַן אַ מעברה. זאָלן זייַן בייַדלעך, זאָלן זייַן צריפים פון בלעך. זי איז אַפילו גרייט צו שלעפּן עמערס וואַסער פון די וואַסערטאַנקען. זי קאָן דאָ מער ניט אויסהאַלטן — און דער טאַטע ס׳זייַניקע:

— ביסט דאָך אַ פאַרשטאַנדיקע. אונדזער אויפהאַלט דאָ איז צייַטווייַליק. מען בויט שוין פאַר נייַע עולים שיכונים. מ׳דאַרף האָבן געדולד. אויך מיר וועלן באַקומען אַ ווינונג.

## ד

ווייַטער פונעם הויז, ווייַטער פון דער בודקע מיט דער וואַסערפּאָמפּע, ווייַטער פונעם פּרדס — אויפן האַלבן וועג צו דעם ליסעוואַטן באַרג, ווו מען האָט זיך געקליבן אויף זייַן שטייניקן רוקן אויפשטעלן אַ שיכּון פאַר די נייַ־געקומענע ייִדן, צווישן וועלכע מיר זענען אויך אַרייַנגערעכנט געוואָרן, איז געלעגן דאָס, וואָס איז אַ מאָל געווען אַן אַראַביש דאָרף. די אייַנוווינער פונעם דאָרף — רוצחים און רויבערס פון ייִדישן האָב־און־גוטס —

זענען בעת דעם באַפרײַונג־קריג אַנטלאָפן איבער דער גרענעץ און דאָס דאָרף איז חרוב געוואָרן.

אין די שבתדיקע טעג פלעגן מיר גײן מיטן טאַטן אַהין שפּאַצירן. דאָ און דאָרט האָט מען נאָך געזען אַ טרעפּל, אַ שטיקל וואַנט, אַן אײַזערנעם שטאַנג פון אַן אײַזערנער טיר. אַ צעבראָ־כענע דזשאַרע. אַ פאַרוואַלגערטע נאַרגילע. אַ צעלעכערטע שיסל. אַ צעפוילטן סאַנדאַל. געבליבן זענען די מישמיש־ביימער, די פײַגנביימער, די לעבעדיקע אַרומצוימונגען פון די שטעכיק־האַרטע סאַברעקוסטעס און די הויכע אַקאַציעס. עס האָבן אויך ניט געפעלט קײן קוסטעס מיט ברוינע, אויסגעדאַרט־געקרײַזלטע שויטן. בײַם מינדסטן האַנטבאַריר האָבן זיך די שויטן אַן עפן געטאָן מיט אַן אומדערוואַרטן טרוקענעם קנאַק און עס האָבן זיך פון זיי אַ שאָט געטאָן גלאַנציקע, פיל־קאָליריקע זריעה־קערנער. מען האָט זיי, די קערנער, געקאָנט אויפסיליען אויף אַ שנירל, ווײַל זיי האָבן אויסגעזען ווי עכטע קרעלן. מען האָט זיי אויך געקאָנט ניצן צו אַנדערע באַפּוצונגען.

דער טאַטע האָט זיי געוואָלט אויפקלײַבן, פונקט ווי ער האָט געוואָלט אָפּרײַסן אַ ביסל פײַגן. מיר איז דאָס זייער געפעלן, די מאַמע האָט זיך ניט געוואָלט צו דעם צורירן. עס האָט איר עפּעס געשטערט צו געניסן פון אָט דער פרוכט. זי האָט געוווּסט אַז די ביימער געהערן שוין צו קײנעם ניט, און אַז עס וועט ניט זײַן ווער עס זאָל זיך מיט זיי פאַרנעמען, זיי פלעגן און באַאַרבעטן, וועלן די ביימער מיט דער צײַט אָפּדאַרן, אָפּקוואַרן. און עס איז טאַקע אַזוי געשען — במשך פון די דרײַ יאָר, וואָס מיר האָבן געוווינט אין פרדס, זענען די ביימער פאַרדאַרבן געוואָרן און מער קײן פּירות ניט געבוירן.

יאָ, כ׳האָב שיִער פאַרגעסן צוצוגעבן אַז אין משך פון די דרײַ יאָר איז צו אונדזער געזינדל צוגעקומען נאָך אַ באַשעפעניש. אַ צאַפּלדיק, זשוואַווע ייִנגעלע מיט חן־גריבעלעך און מיט צע־שמייכלטע ליפּעלעך. אַפילו פונעם שלאָף אַרויס האָט ער גע־שמייכלט. אַזוי אַרום בין איך שוין געווען די „גרויסע״. די מאַמע

האָט געזאָגט אַז אַ מיידעלע פון פיר יאָר מעג זיך שוין ווינציקער שפּילן און מער אָפּהיטן דאָס קליינע ברודערל.

## ה

ענדלער, ענדלער האָבן מיר באַקומען אַ שיכּון און דער שיכּון איז טאַקע אויף יענעם אָפּגעקראַכענעם באַרג.

אויך דאָס מאָל, ביַים אַריבערפאָרן צום נײַעם אָרט האָט אונדז אַרויסגעהאָלפן אונדזער וויַיטער קרוב מיט זײַן אויטאָ. אין די מינוטן איז די שטוב געווען צענומען. אין די מינוטן איז אַלץ געלעגן אין אויטאָ.

דאָס מאָל איז אינעם וואַגעלע געלעגן מײַן ברודערל און איך, די „גרויסע״, בין פריַי געווען צו קוקן אויף די פעלדער, ווו עס האָבן שורותוויַיז אַרומגעזשומט ממטרות און יושרדיק פאַר־טיילט דער ערד זייער וואַסער־פאַרמעג; אויף די פּאַשענדיקע קי; אויף די פאַרביַיפאָרנדיקע אויטאָבוסן און אויף אַלץ וואָס האָט פאַרביַיגעשוועבט פאַר די אויגן.

אַ שמאָלער כּביש, אַ פריש געפלאַסטערטער, האָט זיך געצויגן אַרויף צו, ווי אַ שוואַרצער אָנגעדראָלענער אָדער אויפן געלב־לער־גרויען, שטיינערדיקן ליַיב פונעם באַרג.

פון ביידע זיַיטן כּביש, פון צווישן די פאַרטריקנטע דערנער, האָבן אַרויסגעשפּראָצט עטלעכע צענדליק וויַיסע היַיזער, ווי עמעצער וואָלט זיי אויף דעם הויכן, פּוסטן באַרג צעשאָטן און באַפוילן — וואַקסט!

פון די נײַע בנינים האָט זיך נאָך געטראָגן דער ריח פון קאַלך און פרישער פאַרב. אויך די מענטשן, וואָס האָבן שוין אין אַ טייל פון זיי געוווינט, זענען געווען ניַי־געקומענע, אַרויסגענומענע פון די מעברות..

די היַיזער־רייען האָבן זיך מיט גאָרניט אונטערגעשיידט איינס פונעם אַנדערן. אַפילו די קאָלירן פון פענצטער און טירן זענען געווען די זעלבע. אָן אַ ביימל, אָן אַ ביסל גרינס איז דער ייִשוב

געוועזן אַ העלער פלעק אויפן גרויען בגד פונעם באַרג.

מיר זענען שוין מיט מזל אין דער נײַער דירה. די מאַמע האָט געהאַלטן אין איין איבערשטעלן דאָס ביסל אָרעמקייט, וואָס מיר האָבן מיטגעבראַכט. זי איז אַרומגעגאַנגען איבער די צוויי צימערלעך מיט אַ שמאַטע און געהאַלטן אין איין ווישן, און אַז דער טאַטע האָט ניט געהערט — אויסגערופן, אַז ערשט, פילט זי, זענען מיר אָנגעקומען אין ישׂראל. זי האָט געוואָלט אויסמעקן פון איר זכּרון די דרײַ יאָר אין פּרדס. ווײַזט אויס געהאַט פֿאַר־געסן, אַז זי האָט עס מיר שוין איין מאָל געזאָגט, ווײַל אין אַ פּאָר טעג אַרום איז דאָס איבערגעחזרט געוואָרן און אויך אין אַזאַ צײַט ווען דער טאַטע איז געפאָרן צו זײַן אַרבעט אין פּרדס. דער טאַטע איז שוין ניט מער קיין פּשוטער אַרבעטער. אונדזער ווײַ־טער קרוב האָט אים אָנפאַרטרויט צו פאַרוואַלטן מיטן פּרדס און אַכטונג געבן אַז די סעזאָן־אַרבעטן זאָלן אויסגעפירט ווערן ווי עס דאַרף צו זײַן.

טראָץ דעם וואָס אי די מאַמע און אי דער טאַטע האָבן מיר אײַנגערעדט (און איך האָב אין דעם שוין געגלייבט) אַז כ׳בין אַ „גרויס מיידל״, האָבן זיי מיך געשיקט אין דעם פריש געעפנטן קינדער־גאָרטן.

אין די ערשטע טעג האָב איך זיך געהאַלטן אַ ביסל ווײַטלעך פון די פיר־פינף־יעריקע קינדער. ס׳האָט מיר ניט געפּאַסט זיך צו חברן מיט אַזאַ קליינוואַרג. זייער זינגען, זייער דרייען זיך אין אַ ראָד. זייער אומפאַלן און אויפשטיין, זייער שרײַען און לאַכן, פליעסקען מיט די הענט צום טאַקט פון דער גננתס פּײַקל, איז מיר אויסגעקומען זייער קאָמיש. כ׳האָב ניט געפילט ווי די זאָרגלאָזע צעשפּילטקייט איז אין מיר אַרײַנגעדרונגען און מיך באַוועלטיקט. דער „איך״ און דער „זיי״ איז ביסלעכווײַז פאַרווישט געוואָרן.

די גננת אַהובה האָט מיך זייער געריכט פאַר דער מאַמען: ווי זעלבשטענדיק איך בין, ווי קלוג, ווי גרייט איך בין יעדערן צו העלפן.

אָט האָט די גננת אַהובה דערציילט דער מאַמען אַ זייער טשיקאַווע מעשׂה:

— איך מוז אײַך זאָגן אַז בנוגע קליטת־עליה פּאַסן זיך קינדער גיכער צו צו דער נײַער ווירקלעכקייט ווי דערוואַקסענע. אָט האָבן מיר דאָ אין גן אַ מיידעלע פון אַ יאָר פיר. זי איז ערשט ניט לאַנג געקומען מיט אירע עלטערן פון רומעניע און זי רעדט שוין מיט אַלעמען און צו אַלעמען עברית. דערקעגן דער מיידעלעס עלטערן זענען נאָך אַלץ צעטומלט מיט דער שאַרפער ענדערונג פון זייער לעבן. זיי פּלאָנטערן און קאָנען זיך ניט קיין עצה געבן מיטן „בײַ אונדז״. איין מאָל מיינט עס די אַלטע היים אין רומעניע און אַ צווייט מאָל איז דער „בײַ אונדז״ אין ישראל. זיי פּלאָנטערן זיך, אָבער ניט זייער קינד. זי ווייסט ווי אײַנצוטיילן איר וועלטל: צו דער ליאַלקע, וואָס הייסט „קאַטאַרינאַ״, מיט וועלכער זי האָט זיך נאָך געשפּילט דאָרט, אין רומעניע, רעדט זי רומעניש און צום האָריקן בערעלע „דובי״, וועלכן זי האָט שוין דאָ באַקומען — עברית. צו טאַטע־מאַמע רומעניש און צו די קינדער אין גאַס, אין גן־ילדים און צו סתּם מענטשן — עברית, אַפילו ווען די מענטשן פאַרשטייען ניט די שפּראַך אַזוי גוט, אָדער זיי קענען נאָך אין גאַנצן ניט קיין עברית.

דאָ אַנומלט האָט דער טאַטע אין גוטן־מוט זיך אָנגערופן צו דער מאַמען:

— ווייסט, מײַן אוצר (אויך מיך רופט ער טייל מאָל „מײַן אוצר״. ער דאַרף איין מאָל פאַר אַלע מאָל באַשליסן ווער פון אונדזביידן איז זײַן „אוצר״). בעתן פאָרן, ווען איך האָב אַרויפ־געקוקט צום באַרג, האָבן די נײַע הײַזער אויסגעזען אין מײַנע אויגן ווי אַ מחנה ווײַסע בושלען, וואָס האָבן זיך אַרונטערגעלאָזט אַפּרוען אויף אַ ווײַלע. איצט, אַז כ׳קוק פון דער נאָענט אויף די הײַזער, זעען זיי ווײַט ניט אויס ווי קיין פייגל וואָס דאַרפן זיך באַלד אַ הייב טאָן און אַוועקפליִען. מיט דער גאַנצער שווערקייט פון זייערע בעטאָנענע גופים זענען זיי אַרײַנגעקלאַמערט אינעם באַרג.

די מאַמע האָט מיט אַ קלוגן שמייכל געלאָזט אים אויסרעדן

זיך און אים צוגעטראָגן די טיי צום טיש.

כ׳זאָל זאָגן אַז כ׳האָב אַזוי גוט פאַרשטאַנען וואָס דער טאַטע האָט געמיינט ווען ער האָט גערעדט וועגן הײַזער וואָס זענען ווי פייגל, אָדער פייגל וואָס זעען אויס ווי הײַזער. איין זאַך האָב איך יאָ געוווּסט, אַז די מאַמע וועט שוין מער ניט וויינען אין די נעכט, ניט דריקן מער מײַן קאָפּ צו זיך און ניט אויסנעצן מײַן פּנים מיט אירע טרערן. עס הערן זיך ניט מער און עס וועלן זיך מער ניט הערן אין די נעכט די גוואַלדגעשרייען פון שאַקאַלן און ניט דער איינטאָניקער ריטעם פונעם מאָטאָר וואָס ציט מיט די לעצטע כּוחות דאָס וואַסער פון די גרונטן.

# ניין, גברת, ניט אַוועקגיין!

אַן אייזל־קאַראַוואַן האָט פון אַ ווײַטן קוואַל אַרויפגעבראַכט צו איר וואַסער אויפן באַרג. יעדער אייזל מיט צוויי בלעכן וואַסער אָנגעהאָנגען אויף די זײַטן. אייזל צו אייזל צוגעבונדן מיט אַ שטריק, זענען זיי געגאַנגען איינער נאָכן אַנדערן און פון סאַמע הינטן די אַנטרײַבערס — צוויי באַרוועסע אַראַבער מיט גראָבע שטעקנס אין די הענט. פון צײַט צו צײַט האָבן זיך די שטעקנס אַראָפּגעלאָזט אויף די מאָגערע הינטנס פון דעם, צי פון יענעם אייזל. פון צײַט צו צײַט פלעגן די אַנטרײַבערס אַ שיק טאָן אַ צעכאָרכלטע קללה איבער די לאַנג־אויערנדיקע קעפּ פון די קליי־נע באַשעפענישן.

טראָץ דעם אונטעריאָגן האָבן זיך די אייזלען ניט אַזוי שטאַרק געאײַלט. געשטעלט קליינע טריטלעך און בײַם ראַנד פון וועג געכאַפּט אין מויל אַרײַן וואָס עס האָט זיך געלאָזט: אַ פּאַר־אַיאָריקע מאַראַנצן־שאָלעכץ, שטעכיק־האַרטע דערנער. אַפילו אַ פאַרוואַלגערט שטיק צײַטונג־פּאַפּיר איז גוט געווען, אַבי די ציין זאָלן האָבן וואָס צו קײַען. זענען זיי זיך פּויל געגאַנגען באַרג־

אַרויף און מיט יעדן טראָט האָט דאָס וואַסער פון די בלעכן אַרויס־געפּליוכעט מיט ריטשקעלער צעשמאָלצענעם זילבער. דער שטוי־ביקער וועג האָט זשעדנע אויסגעלעקט די טראָפּנס. ווען דער קאַראַוואַן האָט דערגרייכט דעם באַרג, זענען שוין די בלעכן געווען האַלב ליידיק.

דאָס האָט אָבער ניט אָפּגעשראָקן די פרוי. מאָרגן פאַרפרי וועלן זיך די אייזלען ווידער לאָזן צום קוואַל און פון דאָס ניי אַרויפברענגען וואַסער און דאָ, אויפן באַרג, אַרום איר, וועט בליִען דאָס לעבן. זי וועט פאַרזעצן בלומען און גרינס, אַזוי ווי זי האָט זיך אַ נדר געגעבן, בעת איר פוס האָט דעם באַרג באַ־טראָטן.

דערוויַיל איז דאָ דער אַרום געווען גאַנץ ליידיק. אַ ביימל דאָ, אַ קוסטל דאָרטן און זי וויל דאָ זען אַ וואַלד. אַ גאַנצן וואַלד. דערוויַיל געוועלטיקן די דערנער. אויף וויפל דאָס אויג גרייכט — דערנער. שטיַיף, שטויביק און אויסגעצויגן האָבן די דערנער דאָ, אַזוי אָפּגעשטאַרצט דעם גאַנצן, לאַנגן זומער און אָפּגעוואַרט מיט זעלטענעם געדולד די ערשטע ווינטער־רעגנס. אַ פאַרטריקנטע שטילקייט האָט זיך געוועבט צווישן זייערע גרוי־געלבע שטענגלעך. בלויז ווען עס איז פון ערגעץ אָנגעקומען אַ ווינטל, זענען זיי גע־וואָרן רירעוודיקער, בויגעוודיקער. מיט די שטעכל־פינגער און שטעכל־קעפּ פאַרנאַרט דאָס ווינטל צווישן זייערע פאַרקאָלטנטע צוויַיגלעך און געטאָן זיך מיטן ווינטל הוידען, רוישן און פלוישן, ביז דעם ווינטל איז נמאס געוואָרן די שפּיל און ס׳האָט זיך פון זיי אָפּגעטראָגן.

יאָ, זי וועט דאָ פאַרזעצן בלומען און גרינס, אַזוי ווי זי האָט זיך אַ נדר געגעבן, בעת איר פוס האָט צום ערשטן מאָל דעם באַרג באַטראָטן.



דאָ, אַנומלט, איז פאַרביַי דעם באַרג אַן אַלטער אַראַבער. ער האָט געשטוינט און ניט געגלויבט זיַינע אייגענע אויגן, וואָס האָבן פּלוצעם דערזען אַן אויסגעוואַקסן מויערל אויפן ווילדן

באַרג און אין מויערל — אַ פרוי אַליין, אָן אַ קינד, אָן אַ רינד, אָן אַ משפּחה. אַליין.

די פרוי האָט אים פאַרבעטן אין שטוב אַרײַן. געגעבן אייל־בערטן, ברויט און האָניק צו עסן און טיי צו טרינקען.

דער אַראַבער האָט געלויבט אַללאַן און אים געדאַנקט פאַרן צושיקן אים אַזאַ גוטן מענטש אויף זײַן לאַנגן וועג.

געזעגענענדיק זיך, האָט דער זקן איר אָנגעוווּנטשן, אַז זי זאָל דאָ אויסדויערן. זי איז מיט אים אַרויס פאַר דער שוועל און דער־בײַ אַ פרעג געטאָן, צי ווייסט ער אפשר די סיבה פאַר וואָס באַדעקן זיך די ווענט און דער דיל מיט אַ פײַכטקייט אין די ווינטער־חדשים. דער וואַנדערער האָט באַטראַכט דעם מויער פון אינע־ווייניק און פון אויסנווייניק מיט אַ מבינותדיקן בליק. אַ קלאַפּ געטאָן מיטן שטעקן איבער די ווענט, אײַנגעהערט זיך. ווידער אַ קלאַפּ געטאָן, דערנאָך אויפגעהויבן צוויי שטיינער, וואָס זענען איבערגעבליבן פון דער בויאונג און זיך געוואַלגערט לעבן דער שטוב. גענומען זיי שטויסן איינס אין אַנדערן און צום סוף גע־פּסקנט, אַז שולדיק איז דער שטיין — ער איז צו ווייך:

— די מויערערס האָבן אײַך אָפּגענאַרט — האָט דער זקן אַ ברום געטאָן, ניט אַרויסנעמענדיק די ליולקע פון מויל — זיי האָבן זיך באַנוצט מיט די שטיינער פונעם זעלבן באַרג און דער שטיין טויג ניט. די רעגן־וואַסערן וועלן אים פרײַער, צי שפּעטער דורכנעצן.

ער האָט אויסגעדרייט דאָס געקאַרבטע פּנים מיט דעם שטע־כיק־שיטערן בערדל, אויפגעהויבן אַ גערונצלטע, אויסגעאַרבעטע האַנט און אָנגעוויזן אויף צפון:

— צום בויען דאַרף מען ברענגען שטיינער פון דאָרטן!

צו מאָרגנס, נאָכן באַזוך פונעם אַלטן אַראַבער, האָט זיך די פרוי אַרונטערגעלאָזט, רײַטנדיק אויף איר אייזל צום גלילער שטעטל, וואָס איז געלעגן פונאַנדערגעשפּרייט אַרום דעם באַרג און מיטגענומען איינעם פון די שטיינער אויף צום באַראָטן זיך. אויך דאָ האָט מען איר געזאָגט דאָס זעלבע וואָס זי האָט געהערט פונעם אַראַבער.

די פרוי האָט באַשטעלט מויערערס, באַשטעלט שטיינער — דאָס מאָל פון צפון־באַרג און געהאָפט גלײַך נאָך פסח זיך נעמען צו דער אַרבעט. דערווײַל האָט זיך אָנגערוקט דער ווינטער און צום ווינטער דאַרף מען זיך גרייטן. אײַנגעהאַנדלט עסנוואַרג און דאָס אַרויפגעפירט אויפן רוקן פון אייזל צו זיך אין שטוב. אַן אַנדערש מאָל געקויפט נאַפט און קליידער, ווײַל אין די רעגנס איז אָפט מאָל ניט מעגלעך אַראָפּצונידערן פונעם באַרג.

כּדי עס זאָל איר דער ווינטער ניט זײַן אַזוי אומעטיק און זי זאָל האָבן מיט וועמען אַ וואָרט איבערצובײַטן, האָט זי געדונגען אַן אַראַביש מיידל, וואָס מען האָט זי גערופן נאַדראַ.

די פרוי האָט נאַדראַן געבראַכט פון אַ ניט ווײַטן דאָרף. פאַרן לאָזן זיך צום באַרג האָבן זיי זיך פאַרהאַלטן אויף אַ קורצינקן אָפּרו אינעם שטילן, אַ ביסל פאַרשלאָפענעם גלילער שטעטל. מען האָט זיך געדאַרפט אײַלן. עס האָט אַ צי געטאָן מיט פאַרנאַכטלעכער קילקייט. די נאָך־סוכּותדיקע זון האָט געהאַלטן בײַם אויסגיין. אַ צענדליק שויבן האָבן זיך פאַררויטלט. דערנאָך האָט די אַראָפּ־נידערנדיקע זון אונטערגעצונדן נאָך אַ צענדליק שויבן. צום סוף האָבן שוין אַלע פענצטער, פאַרגאַפטע צום מערב, דערברענט די רעשטלעך רויט אויף זייערע גלאַנציקע שויבפלאַכן.

ווען די פרוי מיט נאַדראַן זענען ענדלעך צוגעקומען צום אַרײַנגאַנג פונעם הײַזל, איז שוין דער טאָג געווען אויס. די נאַכט־שאָטנס האָבן ווי געוואַרט אויף דעם. זיי זענען זיך צונויפגעלאָפן און מיט זייערע לאַנגע פינגער און אַרויסגעשטרעקטע צינגער פאַרשוואַרצט דעם הימל און פאַרשוואַרצט דעם באַרג. בלויז פון אונטן האָבן אַרויפגעבלישטשעט די צעציטערטע שײַנען פון די באַלויכטענע הײַזער און זיך איבערגעוואונקען מיט די ערשטע שטערן אויפן הימל.



אין שטעטל האָט דאָס אומגעריכטע באַווײַזן זיך פון דער פרוי אַרויסגערופן גרויס נייגער. עס איז אַריבער אַ גאָר לאַנגע צײַט ביז מען האָט זיך צוגעוווינט צו איר רײַטן אויף אַן אייזל, צום

געבראָכענעם עברית מיט אַ שפּאָר ביסל ענגלישע ווערטער פאַר־מישט, צו איר קאַלטער העפלעכקייט, וואָס האָט אָפּגעהאַלטן די מענטשן פון צו זוכן איר געזעלשאַפט און צו איר אָפּזונדערן זיך אין איר אויסגעבויט הײַזל אויפן שפּיץ פון באַרג. צוגעוווינט זיך, אָבער דער נײַגער איז נאָך אַלץ געבליבן.

נאָך איידער די מענטשן פונעם שטעטל האָבן זיך דערוווּסט ווי זי הייסט, האָט מען איר אַ נאָמען געגעבן „די פרוי פונעם באַרג" און אַזוי איז שוין פאַרבליבן. ווי נאָר די פרוי פלעגט זיך באַווײַזן — אַרומגעהילט אין איר ווײַס־טיולענעם שאַל, און ברייט־ראַנדיקן, ווײַסן הוט — פאַרבײַרײַטן די שמאָלע, טרעפּלדיקע געסלער, האָבן מאַמעס צונויפגערופן די קינדער און אויף איר אָנגעוויזן:

— קינדער, „די פרוי פונעם באַרג" !

מען האָט וועגן דער פרוי געוווּסט אַז זי איז רײַך און קומט פון ווײַטע מקומות. מען האָט אָבער ניט געקאָנט דערגיין צי זי איז אַ גרושה, אַן אלמנה, אָדער געהאַט אַ מאַן און אים ערגעץ איבערגעלאָזט. מען האָט ניט פאַרשטאַנען פאַר וואָס די פרוי איז דאָ אַהערגעקומען און דווקא אויסגעקליבן אַ מקום וואָס איז ווילד און פּוסט. געטראַכט האָט מען, אַז עפּעס אַן אומגליק האָט זי צו דעם געשטויסן, אָדער ס'איז סתם אַ קאַפּריז אַזאַ פון אַ רײַכער, עגאָצענטרישער דאַמע און אַז דאָס געלט וועט זיך ענדיקן, וועט זי פונעם באַרג פאַרשווינדן און דער באַרג וועט צוריק ווערן אַ היים פאַר שאַקאַלן, פאַר שלאַנגען און פאַר כּל מיני פייגל און פלאַטערלער. דאָס אַלץ זענען אָבער געווען נאָר טראַכטענישן און די אמתע סיבה האָט קיינער ניט געוווּסט.



דערווײַל איז אַרײַן דער ווינטער. די פרוי און מיט איר נאַדראַ, דאָס אַראַבישע מיידל, האָבן די ווענט מיט סמאָלע אויסגעשמירט, לויט דער עצה פון אַ בעל־מלאכה און געוואַרט אויף רעגנס.

די ערשטע רעגנס האָבן ניט דורכגענעצט. זיי האָבן זיך בכלל

פאַרשפּעטיקט.ביידע פרויען פלעגן זיצן אין די לאַנגע ווינטער־נעכט בײַם נאַפט־אייוועלע, געטרונקען טיי מיט מיענטע, געננייט פּוירהענגלער, איבערגעקליבן אַרבעס. דער שאָטן פונעם נאַפט־לעמפּל איז אַרומגעשפּרונגען איבער דער שטוב און דער ווינט האָט געפּאַטשט אין די שויבן און טיר.

ווען די פרוי אייז געבליבן אַליין, ווײַל נאַדראַ איז געגאַנגען שלאָפן, פלעגט זי צורוקן נאָענטער דעם נאַפטלאָמפּ, אַרויסנעמען אַ פאָטאָגראַפיע און זיך גריבלען אין איר לאַנגע מינוטן, צי גאָר זיך פאַרטיפט אין אַ בוך, אָדער געשריבן בריוו קיין אויסלאַנד אויף גרויסע בויגנס פּאַפּיר.

אין איינער אַ נאַכט איז עס געשען:

אַ דונער נאָך אַ דונער האָט זיך אַדורכגעקייקלט איבערן הימל מיט אַ צעהוקעטן גרימצאָרן און די בליצן נאָך זיי, מיט זייערע פײַערדיקע שווערדן. די הימלשע טראַכט האָט ניט אויסגעהאַלטן און געמפּלט מיט רעגן.

די פרוי האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף און אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט. אירע וואַרעמע פיס האָבן דערפילט די קעלט פון וואַסער. דער גאַנצער דיל איז געווען פאַרפלייצט. כאָטש זי האָט זיך אויף דעם געריכט, איז זי דאָך געוואָרן צעטומלט. געגומען זוכן שווע־בעלער. געפונען זיי, די קנויט פונעם לעמפּל אָנגעצונדן. געוואָלט אַרויפזעצן דאָס גלעזל, איז דאָס גלעזל אַרויסגעפאַלן פון די הענט און זיך צעבראָכן. איז זי געבליבן מיטן רויכערנדיקן לעמפּל און פון אַלע זײַטן האָט גערונען דאָס רעגן־וואַסער. פונעם אַנדערן צימער איז נאַדראַ אַרײַנגעלאָפן מיט אַ געוויין און זיך צוגעטוליעט צו דער פרויס אָרעם. די פרוי האָט זיך געשטאַרקט, אַוועקגעשטעלט דאָס קאָפּטשענדיקע לעמפּל אויפן טיש און באַרויִקט דאָס ציטערנ־דיקע מיידל. שפּעטער האָבן זיי ביידע מיט גרויסע עמערס אָנגע־הויבן אויסשעפּן דאָס וואַסער.

צוויי פרויען אין ווײַסע, נאַסע העמדער האָבן געשעפּט און געשעפּט עמערס שוואַרץ וואַסער און דורך דער אָפענער טיר אַרײַנגעגאָסן עס אין דער שוואַרצער נאַכט.



יאָרן האָבן זיך אַראָפּגעקײַקלט אויפֿן באַרג און אויפֿן באַרג זייערע סימנים געלאָזט. דרײַ נײַע שטיבער זענען אַרײַנגעוואַקסן אין די שטיינער און אַ יונג נאָדלוועלדל האָט נייגעריק אַראָפּגעקוקט צום שטעטל און צו די אַנדערע בערג פֿונעם גליל.

ווען די פּרוױ האָט געדונגען אַרבעטער אויף צו פֿלאַנצן אָט די ביימער, האָט זי קוים געגלויבט, אַז זייערע דינע וואָרצל־פֿעדעם וועלן בכּוח זײַן, אין דער ערשטער צײַט, צו דערנערן די ראַכיטישע שטענגלעך מיט דעם ביסל־פֿאַרחלשטע נאָדל־בלעטער און צוגלײַך זיך דורכשלאָגן אַ וועג צווישן די שטיינער־שפּאַלטן און פֿאַר־פֿעסטיקן זיך אויף אַזוי פֿיל, אַז אין די ווינטער־חדשים זאָל זיי קיין ווינט און קיין רעגן ניט אומוואָרפֿן און זומער־צײַט — דער חמסין און די זון־היץ ניט אויסטריקענען און פֿאַרשׂרפֿען.

דאָס שטעטל, די איינוווינער פֿונעם שטעטל האָבן מער ניט געספּקט אין דער פּרוױס כּוונות צום באַלעבן דעם באַרג. דאָס שטעטל האָט אַ שליאַך, ווי אַ שטריק, פֿאַרוואָרפֿן צום וועלדל און צו די שטיבער איז דער מרחק צווישן באַרג און שטעטל קלענער געוואָרן.

די פּרוױ מיט נאַדראַ פֿלעגן אַנטקעגן גיין די מענטשן, וואָס האָבן אין די שבתדיקע טעג זיך געלאָזט אויף אַ שפּאַציר צום וועלדל.

ס׳האָבן זיך אָבער אונטערגערוקט שווערע צײַטן. די אַראַבישע שכנים זענען אָנגעפֿאַלן אויף ייִדישע ייִשובים.

אַראַבישע פֿאַרבײַגייער פֿלעגן זיך אָפּשטעלן אויפֿן באַרג. מיט בייזע בליקן באַטראַכטן די הײַזקעס, דאָס יונגע וועלדל און שטום און ניט־פֿאַרגינעריש זיך אָפּגעטראָגן. די פּרוױ האָט אויפֿגעכאַפּט זייערע בליקן און זי האָט זיך אפשר צום ערשטן מאָל פֿון איר זײַן דאָ, דערשראָקן.

אין איינעם אַ פֿאַרנאַכט, ווען זי איז געשטאַנען און באַאַרבעט איר שטיקל פֿעלד אינעם צונטער פֿון דער אונטערגייענדיקער זון, איז אַן ענגלישער אָפֿיציר אויסגעוואַקסן אויפֿן באַרג. זי האָט אים באַמערקט פֿון דער ווײַטנס. צוערשט האָט ער אויסגעזען ווי אַ פּינטעלע, נאָר דערנאָך איז ער געשטאַנען גרויס און טונקל פֿאַר

דער בלאָנדער, גרוי־אויגיקער פרוי און פונעם פערד אויף איר אַראָפּגעקוקט.

געקומען איז ער זי וואָרענען אַלס שכן — האָט ער געזאָגט — עס לויערן גרויסע סכנות אויף אַלע וועגן און ער וואָלט איר גע־ראָטן צו פאַרלאָזן דעם באַרג און זיך אַריבערקלײַבן אין שטעטל און צוגעגעבן, אַז קיין שום שלעכטע כּוונות האָט ער ניט דערבײַ.

די פרוי האָט לאַנג ניט געענטפערט. אָפּגעווענדט דעם קאָפּ פונעם אָפּיציר און מיט איר קוק אַרומגענומען דאָס פעלד, דעם בלומען־גאָרטן, די הײַזער, דאָס נאָדל־וועלדל. דערנאָך זיך אויס־געדרייט צו נאַדראַן, וואָס איז געשטאַנען מיט אַ רידל לעבן איר און זי אַ פרעג געטאָן:

— האַ, וואָס זאָגסטו, נאַדראַ ?

און ווען נאַדראַ האָט, אַ פאַררויטלטע, געענטפערט:

— ניין, גברת, ניט אַוועקגיין!

האָט די פרוי אויפגעהויבן איר קאָפּ צום וואַרטנדיקן אָפּיציר און אים אַנטשלאָסן אָנגעקוקט. דער אָפּיציר האָט שוין מער גאָר־ניט געזאָגט און ניט געפרעגט. זיך לײַכט פאַרנייגט, אַ צי געטאָן דאָס ציימל פון זײַן קליין, אַראַביש פערדל און אַוועקגעריטן.



די פרוי איז פונעם באַרג ניט אַראָפּ, האָט די שטאָט פון צופוסנס זיך אַ הייב געטאָן, אַ שפּאַר געטאָן צום באַרג, ווענלדיק דער פרוי שטאַרקן אין איר באַשלוס.

מויערן און שטיבער האָבן זיך גענומען דראַפּען אַלץ נאָענטער אַרויף צו דער פרוי פון באַרג.

זוומער־הײַזקעס האָבן צעעפנט זייערע טירן אויף דאַטשע און אָנגעפילט דעם אַרום מיטן הילך פון קינדער און דערוואַקסענע.

די פרוי איז אַרויס פון איר צו לאַנגער התבודדות. מען האָט אָנגעהויבן קומען צו איר. אויך זי פלעגט גערן באַזוכן די נײַע שטיבער. אין גיכן אָבער איז איר דער טומל און דער הו־האַ צוגעגעסן געוואָרן. די אַלע נײַע מויערן האָבן איר מיט אַ מאָל פאַרשטעלט דעם זון־פאַרגאַנג און דער רעש פון די נײַ־צוגע־

קומענע תּושבים האָט איר ניט געלאָזט מער פֿאַרנעמען דעם שאָרך פֿון די בלומען אין זייער וואַקסן.

ווען נאַדראַ האָט מיט איר באַזאָרגטן בליק אָנגעקוקט די פּרוי און געמיינט דערמיט צו זאָגן און צו פֿרעגן וואָס איז די סיבה פֿון דער ענדערונג וואָס איז אין איר פּלוצעם פֿאָרגעקומען און וואָס באַדײַטן די סימנים פֿון אומגעדולד, וואָס איז אויף איר אָנגעלאָפֿן, האָט די פּרוי צו איר געזאָגט:

— דער באַרג איז ניט מער אונדזערער!

די באַניײַטע אַראַבישע אָנגריפֿן האָבן איר, אין אַ צײַט אַרום, דעם באַרג צוריקגעגעבן.

ווען די באַוואָפֿנטע באַנדעס האָבן זיך הפקרדיק ווידער צע־לאָזט איבערן גליל, האָבן זיך אין אײַלעניש די טירן פֿון די דאַ־טשעס פֿאַרקלאַפּט און די דאַטשניקעס זענען אַוועק, איז די פּרוי ווידער געבליבן אַליין. נאָר ווען יונגע בחורים און מיידלעך מיט ביקסן אין די הענט און מיט געשטריקטע, וואָלענע, צוויי־שפּיציקע היטלען אויף די קעפּ, האָבן זיך איין מאָל באַוויזן אויפֿן באַרג און זיך צעלייגט אין איר שטוב און אין די דרײַ אַנדערע הײַזקעס מיט האַק־און־פּאַק, מיט קליינע רוקזעקלעך, פֿינדזשאַנעס און פֿריילעכן קלאַפּן זיך אין פּלייצע — האָט די פּרוי דערפֿילט ווי אַ וואַרעמקייט נעמט זי אַרום. אַ נײַע היימישקייט האָט זיך צע־שפּילט אין אַלע ווינקעלעך און ווען דער באַרג איז אָפּגעשניטן געוואָרן, ווען די אַראַבער האָבן פֿאַרמאַכט דעם וועג, וואָס האָט געפֿירט צום שטעטל, איז די פּרוי געבליבן מיט אָט די בחורים און מיידלעך. אַרומגעהאַוועט אַרום זיי און זיך געפֿילט ווי אין אַ גרויסער משפּחה.



דאָס זײַן אויפֿן באַרג איז געוואָרן וואָס אַ מאָל שווערער. פֿון די אַראַבישע פּונקטן האָט מען אָן אויפֿהער געשאָסן און נאָר ווען די נאַכט פֿלעגט צופֿאַלן איז געוואָרן שטיל. האָט זיך דאָס לעבן אײַנגעשטעלט אין די נאַכט־שעהען, בײַ נאַכט האָבן מיידלעך גע־וואַשן וועש און בײַ נאַכט האָט מען, בײַם שײַן פֿון לוקסן, גע־

גראָבן טראַנשייען וואָס פֿאַרבינדן מיטן וועלדל. איז דאָס וועלדל מיט די גרינע, דינע נאָדל־ביימער געוואָרן זייער פֿעסטונג.

שפּעטער האָט אָנגעהויבן אויספּעלן ברויט.

ווען די פּרוי מיט נאַדראַן האָבן דעם לעצטן ביסן פֿאַרטיילט און ס׳איז שוין ניט געווען מער אויף וואָס צו וואַרטן, האָבן די בחורים און מיידלעך אויסגעקליבן פֿון צווישן זיך צוויי שליחים און זיי געשיקט אין וועג אַרײַן. איינער פֿון די שליחים איז צו זײַן ציל ניט דערגאַנגען, געבליבן ליגן אַן אונטערגעשאָסענער אויפֿן ברעג פֿון וואַלד. דער צווייטער האָט זיך אַדורכגעריסן און איז יאָ אָנגעקומען. אין דער זעלביקער נאַכט האָט זיך דערהערט אַ זשום־מען. די באַלאַגערטע האָבן דאָס זשומען דערקענט און דעם „פּרי־מוס״, דעם ייִדישן נאַכט־פֿליִער אַ צייכן געגעבן. זענען עטלעכע זעק מיט ברויט און מיט וואָפֿן אַראָפּגעוואָרפֿן געוואָרן.

די אויסגעהונגערטע קעמפֿער זענען, ניט געקוקט אויף דער באַנײַטער שיסערײַ, מיטן טאָגשפּראָץ אַוועק צווישן די פֿעלדזן אויפֿצוקלײַבן די זעק.

שווער איז געווען דער וועג צווישן די שטיינער. צעריסן האָבן זיך די קליידער אָן די פֿעלדזן־שפּיצן און די פֿיס — צעוווּנדיקט. דערנאָך אָבער, ווען מען איז בשלום צוריקגעקומען און די שטוב מיט דער פּרוי אויף דער שוועל איז זיי אַנטקעגנגעשוווּמען — האָבן זיי איר צוגעטראָגן דאָס ברויט און זייערע רויטע, ניט אויס־געשלאָפֿענע אויגן האָבן געשײַנט.

אַמשווערסטן איז געווען אין די נעכט. נעכט קאַלטע. אָנגע־לאָדן מיט סכּנה. מען איז געזעסן אין די פּאָזיציעס וואָס אין וועלדל, זיך געבלאָזן אין די פֿאַרשטײַפֿטע פֿויסטן און זיך צוגעהערט צו יעדן שאָרך, וואָס האָט זיך געהערט פֿון דער אַראַבישער מחנה.

די אָנגעשטרענגטע שטילקייט האָט נאָכגעלאָזט בעת די פּרוי און נאַדראַ זענען אַראָפּגעקומען צו די יונגע־לײַט אין וועלדל און זיי געבראַכט דזשאַרעס הייסע קאַווע.

אין גאָר אַ נאַסן פֿאַרטאָג, אין איינעם פֿון די גענג מיט קאַווע, איז נאַדראַ געטראָפֿן געוואָרן פֿון אַ קויל, פּונקט ווי די קויל וואָלט נאָר אויף איר געטשאַטעוועט. נאַדראַ איז געפֿאַלן מיט צעשפּרייטע

הענט ווי אַ פויגל וואָס מ׳האָט אונטערגעהאַקט די פליגל. ניט קיין קרעכץ, ניט קיין פּיפּס. פּשוט געפאַלן און אויס.

די פרוי האָט זיך אָן כּוחות אַראָפּגעגליטשט אויף די קני און אונטערגעהויבן נאַדראַס קאָפּ. זי האָט זיך אַ לאַנגע ווײַלע אײַנ־געקוקט אין איר פּנים. דער טויט האָט שוין באַוויזן צו לייגן זײַן חותם. כאָטש געוווּסט אַז נאַדראַ הערט שוין ניט, האָט די פרוי אירע ציטערנדיקע ליפּן צוגענייגט צו נאַדראַס אויער און דאָרט אַרײַנגעמורמלט אַזוי, אַז ניט דער ווינט און ניט דער קוסט און ניט דער שטיין זאָלן הערן. דערנאָך צוריקגעלייגט נאַדראַס קאָפּ אויף דער פײַכטער ערד. צוגעמאַכט איר די אויגן. אַ גלעט געטאָן. זיך אויסגעווישט אַ טרער. אויפגעשטעלט. אויסגעגלײַכט. גענומען די דזשאַרע און גיך, גיך גענומען שפּרײַזן באַרג־אַראָפּ צום װעלדל.

# דער פּעטער ראָבערט און די מומע ראָזאַליע

## א

ווען כ׳בין געווען אַ קינד, האָב איך ניט פאַרשטאַנען, און כ׳פאַרשטיי עס ניט עד־היום, פאַר וואָס דער גוטער און איידעלער פּעטער ראָבערט האָט ליב געהאַט מיך צו קנײַפּן אין באַק מיט אַזאַ כּוח, אַז עס האָבן זיך מיר אַזש געשטעלט טרערן אין די אויגן. ווען ניט די קיילעכדיקע שאָקאָלאַדקעס, געפילטע מיט ראָם און מיט אַ קאַרש, וואָלט איך זיך אַוודאי צעוויינט. די שאָקאָלאַדקעס, אײַנגעוויקלט אין זילבער־פּאַפּיר, האָט מיר דער פּעטער גלײַך אונטערגערוקט מיט אַ שולדיקן שמייכל, כּדי צו באַרזיסן דעם ווייטאָג וואָס דאָס קנײַפּן האָט מיר פאַרשאַפט.

כ׳בין געווען זשעדנע נאָך זיסוואַרג און בפרט נאָך אַזעלכע שאָקאָלאַדקעס, וואָס האָבן אַזוי געמאַניעט און גערייצט. אַפילו ווען דאָס האָט מיך געקאָסט אַ שפּאָר ביסל ווייטאָג.

בײַ אונדז אין שטוב האָט מיך ניט דער טאַטע און ניט די מאַמע מכבד געווען מיט אַזאַ נאַשוואַרג. אין בעסטן פאַל האָט מען מיך געקויפט אַ צעלאָפאַן־טאָרבעלע מיט צוקערלעך. טאַטע־מאַמע האָבן מיך ניט געקאַרגט קיין עסן, אָבער זיסוואַרג איז געווען אַ לוקסוס, און זיי האָבן ניט געהאַט קיין איבעריקן פּיאַסטער.

דער פעטער ראָבערט און די מומע ראָזאַליע האָבן ניט גע־האַט קיין קינדער. דערקעגן האָבן זיי פאַרמאָגט אַ גרויסע דירה, מיט אַ סך צימערן און אַ סך מעבל, מיט בילדער אויף די ווענט, מיט בלומענטעפּ און אַ פּיאַנע, וואָס אויף איר שוואַרץ־לאַקירטן דעקל איז געשטאַנען אַ זילבערנער, פיר־אָרעמדיקער לײַכטער. כּלערליי פיגורלעך פון גלאָז, העלפאַנדביין און פּאָרצעלײַ זענען געווען צעשטעלט אין אַלע ווינקעלעך פון די גערעמע צימערן, אַחוץ דעם שלאָפצימער. דאָרטן זענען געשטאַנען בלויז צוויי צו־נויפגערוקטע בעטן, און פון ביידע זײַטן — נאַכטשענקלעך מיט עלעקטרישע שטיילעמפּלעך, באַדעקטע מיט טונקעלע אַבאַזשורן, וואָס האָבן געהאַמעוועט דאָס ליכט. אויף ביידע נאַכטשענקלעך זענען תּמיד געלעגן דײַטשע אילוסטרירטע זשורנאַלן.

אין אָט דער תּל־אָביבער דירה זייערער האָט אַלץ געאָטעמט און דערמאָנט אין דעם לאַנד פון וועלכן זיי זענען קוים מיטן לעבן אַנטלאָפן. דעם פעטערס קמץ־בערדל און די וואָנצעס אַלאַ ביס־מאַרק, זײַן קליידן זיך, זײַן שפּרייַזן איבער די תּל־אָביבער גאַסן מיטן שפּאַציר־שטעקעלע אין האַנט, האָבן ניט געלאָזט ספקן פון וואַנען ער שטאַמט. אויך די בלייכע, בלאָנדע, הויכע מומע ראָזאַליע האָט זיך ניט אַזוי גרינג צוגעפּאַסט צו דעם היגן קלימאַט און אין די חמסין־טעג האָט זי געטראָגן קליידער, אין וועלכע ס'איז געווען שווער צו אָטעמען. פון דער אַכזריותדיקער זון האָט זי זיך באַ־שיצט מיט אַ קאָלירטן שירעם.

נאָך אַ שפּאָר ביסל יאָרן אין לאַנד האָבן זיי נאָך אַלץ גע־רעדט צווישן זיך דײַטש. די מומע ראָזאַליע האָט זיך יאָ אויסגע־לערנט אַ ביסל עברית. אויך דער פעטער האָט דאָ און דאָרטן פאַר־שטאַנען אַ וואָרט. ער האָט געאַרבעט אין אַ באַנק און געטענהט, אַז צו חשבונות זענען גילטיק אַלע שפּראַכן און אויף דער עלטער

װעט ער זיך ניט מער גײן אױסלערנען אַ נײַ לשון.

בעצם איז דער פּעטער ראָבערט ניט געװען קײן אמתער פּעטער און די מומע ראָזאַליע איז ניט געװען קײן אמתע מומע, נאָר דער מאַמעס װײַטע קרובים, װאָס האָבן געלעבט אין דײַטש־לאַנד און זענען פֿון דאָרטן בײַ צײַטנס אַנטלאָפֿן. דאָ אין לאַנד האָבן זײ אונדז באַלד אָפּגעזוכט. די מומע ראָזאַליע האָט זיך פֿלו־צעם דערמאָנט, אַז זי פֿאַרשטײט נאָך אַ ביסל ייִדיש און אַז אין די קינדער־יאָרן, אין שטעטל, האָט מען זי גערופֿן רײזעלע. דאָס האָט געדאַרפֿט זײַן געגנוג, כּדי אָנצוהאַלטן די קרובהשאַפֿט מיט אונדז. זײ האָבן ספּעציעל געװאָלט, אַז איך זאָל זײ רופֿן „פּעטער״ און „מומע״.

מיך האָבן זײ ליב געהאַט פֿון דער ערשטער רגע אָן. איך האָב זיך שװער צו זײ דערנענטערט צוליב זײער אַנדערשקײט, צוליב דעם פֿרעמדן קלאַנג פֿון זײערע נעמען און דער אומפֿאַרשטענד־לעכער שפּראַך זײערער. אָבער אַ קינד פֿון פֿינף יאָר קאָן מען אָפּקױפֿן אױף פֿאַרשײדענע אופֿנים, װי למשל דורך אַ ראָװער מיט דרײַ רעדער...

זײ האָבן אונדז אָפֿט פֿאַרבעטן צו זיך. כ׳בין נתפּעל געװאָרן פֿון דעם רחבות אין זײער װױנונג. מ׳האָט זיך דאָרטן געקאָנט באַהאַלטן, קײנער זאָל ניט װיסן װוּ מ׳איז אַהינגעקומען. איך האָב אױסגעניצט די פֿרײַהײט אַלץ אָנצורירן, מיט יעדער זאַך זיך צו שפּילן. אַפֿילו װען כ׳האָב אײן מאָל צעבראָכן אַ שװערע װאַזע, האָט די מומע ראָזאַליע זיך אױך ניט געבײזערט אױף מיר.

די מומע ראָזאַליע איז אַזױ לאַנג צוגעשטאַנען צו דער מאַמען, ביז זי איז אײַנגעגאַנגען דערױף מיך צו ברענגען צו זײַ פֿרײַטיק פֿאַר נאַכט און מיך צוריק אָפּנעמען אַהײם מוצאי־שבת.

די מומע האָט זיך אין מיר געשפּיגלט. איר גלעטן מיך איז געװען ענלעך צו דער מאַמעס גלעטן. זי האָט אָבער געהאַט מער צײַט און מער געדולד װי די מאַמע. זי האָט מיך אָפֿט גענומען אױף די הענט און מיט אירע הײסע ליפּן מיר אױסגעקושט דאָס פּנים. בשעת־מעשׂה האָט זי מיך צוגעדריקט פֿעסט צו זיך, אַז כ׳האָב דורך דער דינער בלוזקע דערפֿילט אירע פֿולע בריסטן. איך

האָב פאַרוואָרפן מײַנע הענט אַרום איר האַלדז, צוגעמאַכט די אויגן און זיך איבערגעגעבן מיט לײַב און לעבן אירע צערטלעכקייטן. פון אירע האָר און פון איר האַלדז האָט זיך געטראָגן אַן איידעלער ריח, וואָס האָט פאַרשלעפערט.

די מומע ראָזאַליע האָב איך קיין מאָל ניט געזען אַ נאַקעטע. דערקעגן האָב איך אויף איינעם פון די בילדער אויף דער וואַנט יאָ געזען אַ פרוי אין איר גאַנצער נאַקעטקייט, פאַר אַ שפּיגל. כאָטש די פרוי אויפן בילד האָט אויסגעזען אַ סך ייִנגער פון דער מומע און געהאַט לאַנגע האָר וואָס האָבן איר פאַרדעקט אַ שטיק פון דער פּלייצע, האָב איך אין איר געזען די מומע.

## ב

מיר האָבן געוווינט אין שכונת מאָנטעפיאָרע, אין אַ צוויי־משפּחהדיק נידעריק הויז, מיט צוויי באַזונדערע אַרײַנגענג און צוויי באַזונדערע וועראַנדעס. ס׳רוב הײַזער אין דער שכונה זענען געווען איינשטאָקיקע און געבויט אין דער נידער. פון גאַס האָט מען זיך געדאַרפט צו זיי אַראָפּלאָזן. אויך דער וועג צו דער שכונה האָט געפירט באַרג־אַראָפּ. דעריבער האָט מען געליטן אין די ווינטער־דיקע חדשים, ווען ס׳האָט שטאַרק גערעגנט, פון פאַרפלייצונגען. פון די שטובזאַכן און פון בעטגעוואַנט האָט מען לאַנגע וואָכן געפילט אַ טוכלען ריח און די ווענט האָבן זיך געשיילט.

זומערצײַט, אין די פאַרנאַכטן, נאָך אַן אַרבעטסטאָג, האָט מען ניט געקאָנט קיין סך געניסן פון דער וועראַנדע, מחמת דעם אָנפאַל פון די קאָמאַרן. עס האָט ניט געהאָלפן קיין שמירעכץ אויף די הענט און אויפן פּנים. מען האָט ניט געקאָנט פון זיי פּטור ווערן. די קאָמאַרן האָבן זיך אויך ווינציק וואָס געשראָקן פאַרן ריח פון נאַפט, אָדער פאַר רויך.

אין דער שכונה זענען דאָ און דאָרטן געוואַקסן אייקאַליפּטוסן און סיקאָמאָרן. דער שאָטן אונטער די סיקאָמאָרן איז געווען געדיכטער און די קילקייט האָט דאָרטן געדויערט לענגער ווי אונ־

טער די אייקאַליפּטוסן. זייער רויטלעכע פּרוכט איז ענלעך צו פייגן אָבער מען קאָן זיי ניט נעמען אין מויל. די אַראָפּגעפאַלענע פּרוכטן האָבן גיך אָנגעהויבן פוילן און די לופט אַרום דיביימער איז אַ לאַנגע צײַט געווען זויערלעך. אויף די שפּיצן פון די ביימער און צווישן די צווײַגן האָבן געגעסטיקט מחנות פייגל מכּל־המינים. זייער צוויטשערײַ האָט זיך פאַרצויגן ביז ס׳איז געוואָרן נאַכט און זיי האָבן זיך אײַנגעשטילט.

מײַן טאַטע איז געווען אַ שטובן־מאַליער, אַ „באַוווסטזיניקער״ אַרבעטער, אַרײַנגעקוקט אין די בראָשורן וואָס די הסתדרות האָט אַרויסגעגעבן, געלייענט דעם דבר, און דעם ערשטן מײַ דעמאָנ־סטרירט מיט די אַרבעטער און זייערע מנהיגים לענג־אויס דער אַלענבי־גאַס. אין שטוב איז געהאַנגען אַ בילד פון בערל קאַצע־נעלסאָן און אויך אַ רעפּראָדוקציע פון דע ריוויעראַס אַ פויער־געשטאַלט, וואָס טראָגט אויף זײַן אײַנגעהויקערטער פּלייצע אַ שווערן קויש מיט באַנוול, נאָר וואָס אַראָפּגענומען פון די פעלדער.

ער איז געווען מאָגער און פלינק, דער טאַטע מײַנער, מיט אַ בלאָנדן קאָפּ האָר, וואָס האָבן זיך געבונטעוועט קעגן דעם „טעמבעל־היטל״ און זיך געריסן צו דער פרײַער לופט. יעדן אינ־דערפרי איז ער אַרײַנגעקראָכן אין די פאַרשוויצטע, שטײַפלעכע אַרבעטסקליידער, גענומען דעם לייטער, דעם עמער מיט די באַרשטן, שפּאַכטלען, פענדזלען, און אַוועק אין שטאָט אַרײַן. דאָס האָט אָבער ניט געמיינט אַז ער האָט יעדן טאָג באַקומען אַרבעט.

מיר האָבן אויך געהאַט אַ ראַדיאָ־אַפּאַראַט, אַן אָפּגעקויפטן, פון דער צווייטער האַנט. ער האָט מער געראַשט און געכריפּעט ווי געשפּילט, פון דעסטוועגן האָט דער טאַטע ניט מוותּר געווען אויף די טאָג־נײַעס און זיי אויסגעהערט ביזן סוף.

די דירה איז באַשטאַנען פון איין גרויס צימער מיט אַ קליינער קיך, ווו ס׳איז געווען אַן אײַזקאַסטן און, אויף אַ בענקל, אַ פּרימוס צו קאָכן. מיר האָבן אויך געהאַט אַ באָדצימערל, אַ מין קעמערל, ווו מען האָט קוים מיט צרות אַרײַנגעשטעלט אַ וואַנע און איבער דער וואַנע — אַ שפּריצער.

טאַטע־מאַמע האָבן געלעבט בשלום. דער טאַטע האָט קיין

זאַך ניט געטאָן אָן צו פרעגן ביַי דער מאַמען. ער האָט איר גע־בראַכט דאָס פאַרדינטע געלט, ניט איבערגעלאָזט פאַר זיך קיין איין פיאַסטער אין קעשענע. מיט אירע קורצזיכטיקע אויגן האָט זי אים פאַרצירעוועט די שקאַרפּעטקעס, פאַרלאַטעט אַ בגד אויף דער ניימאַשין, צוגעטראָגן צו דער ציַיט וואַרעמס, נאָכן אַהיימ־קומען, אַרומוואַשן זיך און איבערטאָן.

דורכגעווערטלט האָט מען זיך נאָר אין בשותּפותדיקן בעט, נאָכן פאַרלעשן דאָס ליכט. און שטענדיק איז עס געווען צוליבן „קינד", וואָס זיַין בעטל איז געשטאַנען גאָר נאָענט צו זייער געלעגער :

— וואָס ברענט ? דאָס קינד וועט הערן ! דאָס קינד איז נאָך וואַך ! — האָט זיך פון דער פינצטערניש אַרויס געהערט דער מאַמעס בעטנדיקע שטים.

דער טאַטע האָט עפּעס צוריקגעברומט און מען האָט ווידער געהערט ווי די מאַמע חזרט איבער דאָס זעלביקע, אָבער שוין אויפגערעגטער, מיט מער תּקיפות.

צום סוף האָט זי נאָכגעגעבן, ווי אַלע מאָל. עס האָט זיך דערהערט דאָס סקריפּען פונעם בעט און דאָס סאָפּען. דערנאָך האָט זיך אַלץ איַינגעשטילט. בלויז דער טאַטע האָט נאָך לאַנג, אַן אומצופרידענער, געמרוקעט עפּעס אומפאַרשטענדלעכע רייד. צום סוף האָט אים די מידקייט גובר געווען און ער איז איַינגעשלאָפן.

אין דער פרי איז גאָרנישט געווען צו דערקענען. די מאַמע האָט, ווי אַלע מאָל, אים איַינגעפּאַקט דעם פרישטיק אויף מיט־צונעמען און אים דערלאַנגט געלט, מיט אַ רשימה פון זאַכן, וואָס ער דאַרף איַינקויפן אויפן שוק־הכּרמל. ביַים אַרויסגיין פון שטוב, האָט ער, פון געוווינהייט, איר געגעבן אַ געכאַפּטן קוש. ער האָט אויך מיַין פּנים ליַיכט אָנגערירט מיט זיַינע ליפּן, כּדי מיך ניט איבערצוּוועקן. דערנאָך איז ער אַרויס פון שטוב מיטן גאַנצן קלאַפּער־געציַיג, וואָס ער האָט געהאַלטן אויף דער וועראַנדע.

דער טאַטע האָט צו מיר גערעדט עברית. אויך די מאַמע האָט מיט מיר גערעדט עברית און ניט געפילט ווען זי גייט אַרי־

בער אויף ייִדיש. זי האָט געוואָלט איך זאָל קענען ייִדיש. זי האָט געפּלאַנעוועט אַז אַ מאָל, ווען זי וועט האָבן אָפּגעשפּאָרט געלט, וועט זי פאָרן קיין פּוילן, זיך זען מיט טאַטע־מאַמע און מיט דער משפּחה. זי האָט צוגעזאָגט מיך מיטצונעמען.

— צו ערשט — האָט די מאַמע מיר אויסגעמאָלן מיט אַ שטילער, אײַנגעהאַלטענער שטים — צו ערשט וועט מען פאָרן מיט אַ גרויסער שיף איבערן ים, און ווען מע וועט אַראָפּ אויפן ברעג, וועט מען ערשט דאַרפן פאָרן איבער לענדער מיט דער באַן, ביז מע וועט אָנקומען קיין פּוילן, ווו זיידע־באָבע וועלן אויף אונדז וואַרטן מיט אָפענע אָרעמס. מיר וועלן אַהין אָנקומען זומערצײַט, ווען דער מאַרק איז פול מיט רויטע קאַרשן, שוואַרצע יאַגדעס און גרינע אַגרעס. דאָס זענען אַזעלכע זאַפטיקע פּרוכטן — האָט זי מיר געגעבן צו פאַרשטיין — וואָס דאָ־הי זעט מען זיי ניט און זייער טעם איז נאָך געשמאַקער פון מאַראַנצן און באַנאַנעס.

די מאַמע האָט זייער געבענקט נאָך אירע עלטערן און יעדן בריוו וואָס איז פון זיי אָנגעקומען האָט זי באַגאָסן מיט טרערן, אַפילו ווען מ׳האָט איר געשריבן וועגן פריילעכע ימים־טובים און וועגן חתונות.

פון אָט די אַלע פּלענער איז גאָרנישט אַרויסגעקומען. זי איז ניט געפאָרן. ס׳איז קיין מאָל ניט געווען גענוג געלט, כאָטש די מאַמע האָט אויך צופאַרדינט מיט אַרבעט אויף דער ניימאַשין. דערנאָך איז אויסגעבראָכן די מלחמה און עס זענען מער ניט געקומען קיין בריוו פון פּוילן.

ג

ווען כ׳בין אַלט געוואָרן זעקס יאָר און אָנגעהויבן גיין אין שול, האָט מיך די מומע ראָזאַליע מער ניט גענומען אויף די הענט, מיך מער ניט געקושט אויף די ליפּן און מער ניט געדריקט צו זיך. זי האָט מיך שוין געהאַלטן פאַר אַ גרויסן בחור און זיך

באַנוגנט מיט אַ גלעט איבער מײַנע האָר. אָדער אַ לײַכטן קוש אין שטערן. כ׳האָב זיך אַ לאַנגע צײַט אַרומגעטראָגן מיט אַ געפיל, אַז איך בין מיט עפּעס שולדיק, וואָס די מומע האָט מיך ניט מער אַזוי ליב ווי פריִער.

איין מאָל, אין אַ קאַלטן, ווינטערדיקן פרײַטיק־צו־נאַכטס, בין איך געוועזן אַן עדות פון אַ מין שפּיל, וואָס האָט געהייסן סעאַנס. איך האָב זיך אָבער ניט געריכט, אַז אָט דער סעאַנס וועט אומגעריכט אַזוי ווייטיקלעך איבעררײַסן דעם שיינעם קאַ־פּיטל פון מײַנע קינדער־יאָרן.

אָנגעהויבן האָט עס זיך דערמיט, וואָס די מומע ראָזאַליע, אין אַ טונקעלן קלייד, מיט אַ שנירל פּערל אויפן האַלדז, און דער פּעטער ראָבערט, אין אַ טונקעלן אָנצוג, האָבן זיך אַוועק־געשטעלט אַקוראַט צו אַ באַשטימטער צײַט לעבן דער טיר; צו דער מינוט, צו דער רגע, ווי אויף קאָמאַנדע, האָט זיך דאָס טירגלעקל צעקלונגען און די פאַרבעטענע געסט זענען אַריבער־געטראָטן די שוועל: שטאַמגעסט, וואָס האָבן זיך פון צײַט צו צײַט געטראָפן און פאַרבראַכט איינע בײַ די אַנדערע, לויט דער ריי.

צוויי אַלמנות — איינע אָנגעטאָן אין שוואַרצן, די אַנדערע, ניט אין שוואַרצן, אָבער מיט אַ פּנים וואָס האָט געלאָזט וויסן, אַז זי איז אַליין און מ׳דאַרף אויף איר רחמנות האָבן; אַן עלטע־רער קאַוואַליר מיט אַ ביינערדיק פּנים און מיט צוויי לאַנגע ביינערדיקע הענט; און אַ פּאָרפאָלק — דער מאַן האָט געהאַט אַ שטים פון אַ פרוי, און די פרוי האָט געהאַט וואָנצעלעך ווי פון אַ מאַן.

די מומע ראָזאַליע האָט זיך געקושט מיט יעדער פרוי באַ־זונדער. בעצם ניט קיין ממשותדיק קושן זיך. די מומע האָט צו־נויפגעצויגן די ליפּן ביז זיי האָבן אויסגעזען ווי אַ שנעבעלע. די געסט האָבן געטאָן דאָס זעלביקע, און אויף אַזאַ אופן האָט זיך איין שנעבעלע צוגערירט צו אַ צווייטן. דאָס איז געווען אַזוי קאָמיש, אַז מ׳האָט זיך קוים געקענט אײַנהאַלטן פון לאַכן.

אָפּגעפּאַרטיקט מיט די פרויען, האָט מען גענומען באַגריסן

זיך מיט די מענער. איטלעכער פון זיי האָט געוואַרט אויף זײַן ריי, זיך טיף פאַרנייגט און אַ קוש געטאָן דער מומעס רעכטע האַנט מיט אַזאַ פּיעטעט, ווי דאָס וואָלט געווען אַ הייליקטום. דערנאָך זענען די אַרײַנגעקומענע אַריבער אין רשות פון פּעטער ראָבערט. זײַן באַגריסן זיך איז געווען קורץ: אַ האַנטקוש די פרויען, אַ האַנטדריק די מענער.

שפּעטער האָט מען געגעסן שטרודל מיט קאַווע, מיט דער טראַדיציאָנעלער „שלאַגזאַנע״. ביז דעם מאָמענט איז מיר דער־לויבט געווען בײַצוזײַן. איך האָב געמעגט זיצן צווישן די געסט און זיך אויפפירן ווי עס פּאַסט פּאַר אַ „גוט דערצויגן קינד״: ניט הוידען מיט די פיס, ניט קראַצן זיך, ניט דלובען אין דער נאָז, און וואַרטן ביז די מומע וועט מיר דערלאַנגען אויף אַ באַ־בלימלט טעצל אַ שטיקל שטרודל, וואָס מע דאַרף עסן פּאַוואָליע, יעדן ביסן צוטראָגן צום מויל מיטן קליינעם, זילבערנעם גאָפּעלע. דאָס שווערסטע איז געווען זיך אײַנצוהאַלטן אַזאַ לאַנגע צײַט און ניט צורירן זיך צו דעם זילבערנעם טאַץ מיט דעם פריש־געבאַקענעם שמעקעדיקן שטרודל.

דאָס טרינקען קאַווע האָט זיך פאַרצויגן. צווישן איין זופּ און אַ צווייטן האָט מען זיך „אונטערגעהאַלטן״ אויף אַ קולטורעלן אופן. מ׳האָט גערעדט מיט מאָס, ניט צו הויך. פון צײַט צו צײַט האָט מען זיך אַפילו צעלאַכט. דאָס פּאַרצעלײַענע טעפּעלע מיט קאַווע האָט זיך געהאַרכיק געלאָזט פירן צו די ליפּן און אין זעלביקן ריטעם זיך אומגעקערט בשלום אויפן וואַרטנדיקן טע־צעלע.

צום סעאַנס זענען די מומע, דער פּעטער און זייערע געסט אַריבער אין סאַלאָן. דער סאַלאָן איז געווען קאַרג באַלויכטן. דאָרטן האָט שוין געוואַרט אויף זיי אַ קײַלעכיק טישל און אויפן טישל — אַן איבערגעקערט גלאָז. די שטולן אַרום טישל — לויט דער צאָל בײַזײַענדיקע.

די האַלב־פינצטערניש האָט אָפּגעזונדערט און פאַרדעקט דאָס מעבל, די פּיאַנע, די בילדער אויף די ווענט, כּדי מען זאָל זיך קאָנצענטרירן בלויז אויפן אָפּגעדעקטן נאַקעטן טישל. די

טונקלעניש האָט אויך געשאַפן די געהעריקע שטימונג; ס׳איז געווען אַ יענעוועלטיקע, פאַרבאָרגענע טונקלעניש, וואָס האָט געשראָקן און צוגעצויגן, צוגעצויגן און געשראָקן. דער שמועס איז געוואָרן שיטערער, ביז מ׳איז אין גאַנצן אַנטשוויגן געוואָרן. דאָס שווייַגן איז אַריבער פון איינעם צום אַנדערן און פאַר־טאָפּלט דאָס וואַרטן און די שפּאַנונג. מ׳האָט געהאַלטן די הענט אויפן טישל. אויך די הענט האָבן געשוויגן.

גראָד דעמאָלט, ווען מ׳איז אַריבער אין סאַלאָן, האָט מען מיך אָפּגעשיקט אין בעט אַרייַן. אָבער ווו איז געווען דאָס בעט און ווו איך? כ׳האָב געברענט פון נייַגער. כ׳האָב דעם גאַנצן פאַרלויף פון דעם אויסטערלישן סעאַנס געזען פון הינטערן פאָרהאַנג, וואָס האָט זיך געפאַלדעוועט איבערן ברייטן סאַלאָן־פענצטער.

די מומע ראָזאַליע איז געווען דער „מעדיום״. איך געדענק שוין ניט צי די מומע האָט זיך דערווייַטערט פונעם טישל, זיך אָפּגעזונדערט, איידער דאָס גלאָז האָט זיך אַ ריר געטאָן, צי נאָך דעם, ווען זי איז ביסלעכווייַז אַרייַן אין טראַנס. זי האָט פאַרמאַכט די אויגן און פאַרריסן דעם קאָפּ אין דער הייך, ווי פון דאָרטן געוואַרט אויף אַ צייכן, אַ קלאַנג. פּלוצעם האָט דער מומעס גוף אַ האַסטיקן צאַפּל געטאָן, ווי אַן עלעקטרישער שטראָם וואָלט אַדורך דורך אירע גלידער. זי האָט גערעדט ווי פון שלאָף, גע־רעדט מיט עמעצן וואָס איז געווען זייער ווייַט. איר קול האָט זיך געהויבן און אַראָפּגעלאָזט, הייזעריקלעך און געביטן. זי האָט מיט אַ מאָל אויסגעשטרעקט די הענט און גערופן מיט לאַנגע הפסקות: „פריצל!... פריצל!״

און פּלוצעם איז די מומע אַ פאַל געטאָן. קודם האָט עס אויסגעזען, אַז זי וויל גאָר אַ פלי טאָן, זיך אָפּרייַסן פונעם אָרום און אַוועקשוועבן. נאָר אַז דאָס האָט זיך איר ניט אייַנגעגעבן, האָט זי געזוכט מיט די הענט אַן אָנשפּאַר אין דער לופטן. צום סוף איז זי געבליבן ליגן ווי אַן אונטערגעהאַקטער בוים, ניט באַוויזן אַ קרעכץ צו טאָן.

דער פעטער ראָבערט האָט ניט פאַרלוירן קיין איבעריקע

מינוט. ער האָט די מומע אַ ביסל אונטערגעהויבן, אָנגעשפּאַרט איר קאָפּ אויף זײַן קני און זי אַ טרייסל געטאָן, איין מאָל און נאָך אַ מאָל. ער האָט איר אַרומגעווישט דאָס פּנים מיט אַ פײַכט טיכל. און ווען דאָס האָט ניט געהאָלפֿן, האָט ער איר דערלאַנגט אַ פּאַטש. דער פּאַטש האָט אָפּגעהילכט ווי אַ גלאָק פֿון די פֿײַער־לעשערס, וואָס קלינגט אויף טרעוואָגע. ס'איז אים אָבער ניט געראָטן זי צו דערמינטערן. אויך דער אַרויסגערופֿענער דאָקטער האָט עס ניט באַוויזן. די מומע איז מער ניט אויפֿגעשטאַנען. זי איז אַוועק צו יענעם פּריצל. זי האָט זיך, ווײַזט אויס, ניט פֿאַרגעשטעלט, אַז פֿון יענעם פּריצל קאָן אַ מאָל ניט מער זײַן קיין וועג אויף צוריק.

איך האָב זיך צעוויינט, אַלע האָבן זיך צעוויינט. זיי האָבן געוויינט הויך, אויף אַ קול, קוויטשענדיק. איך — פֿאַרשטיקט, אויס מורא מע זאָל ניט אַנטפּלעקן מײַן באַהעלטעניש הינטערן פֿאַר־האַנג. קיינער האָט זיך אָבער אויף מיר ניט אומגעקוקט. קיינער האָט ניט געטראַכט וועגן מיר. קיינער האָט מיך ניט געזוכט. מײַנע טרערן זענען געווען מער פֿון רחמנות אויף זיך אַליין, ווי אויף דער מומע ראָזאַליע, וואָס איז אויסגעגאַנגען פֿאַר מײַנע אויגן, און אויפֿן פּעטער ראָבערט, וואָס האָט זי נאָך אַלץ גע־טרייסלט און געפּאַטשט, כאָטש ער האָט פֿאַרשטאַנען אַז דאָס וועט גאָרנישט העלפֿן.



אַ שטיק צײַט נאָך דעם ווי די מומע ראָזאַליע איז גע־שטאָרבן, האָט דער פּעטער פֿאַרקויפֿט די וווינונג, דאָס מעבל, די טעפּעכער, די פֿיגורלעך, די פּיאַנע — וואָס קיינער האָט אויף איר קיין מאָל ניט געשפּילט — און זיך אַוועקגעלאָזט אין דער וועלט אַרײַן. ער האָט עס געטאָן בסוד, ווײַל ער האָט געוווּסט אַז מײַן מאַמע און בפֿרט מײַן טאַטע וועלן אים ניט מוחל זײַן וואָס ער איז יורד געווען פֿון לאַנד.

אַ האַלב יאָר נאָך דעם ווי מײַן פּעטער איז אַוועקגעפֿאָרן, איז אויפֿגעקומען מדינת־ישׂראל.

# דער מענטש

געהאַט האָט ער גרויסע און שווערע הענט. די דלאָניעס זענען ביי אים אַלע מאָל געווען פייכט. די פינגער האָבן אויס־געזען קרומלעך. מען האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז זיי האָבן חשק צוצופאַלן צו עמעצנס האַלדז און אַזוי לאַנג שטיקן, ביז די צונג וועט בלייבן הענגען אין דרויסן.

ווען מען וואָלט איינגעפאַלן, אַז אָט די הענט זענען מסוגל אויפצוהייבן אין פעלד אָדער אין גאַס אַ פייגעלע מיט אַ צע־בראָכן פיסל, מיט אַ נאָכהענגענדיק פליגעלע, אָפּזוכן אַ העלצל און פאַרפעסטיקן דאָס צעבראָכענע אָרט מיט אַ שנירל; דער־נאָך אַריינלייגן דאָס פאַרוווּנדעטע פייגעלע אין בוזעם, דאָס לייב זיינס זאָל עס דערוואַרעמען, און עס מיטנעמען צו זיך אין זיין דאַכשטיבל. אין שטיבל האָט ער דאָס פייגעלע געהאַלטן אַזוי לאַנג ביז די ווונד האָט זיך פאַרהיילט און עס האָט געקאָנט צוריקפליִען מיט די אייגענע כּוחות אין פעלד.

געזונט געוואָרן איינס — האָט זיך שוין אָפּגעפונען אַ צווייטס, אַ דריטס. ער האָט די פאַרוווּנדעטע, האַלב־טויטע פייגעלעך אויס־געזוכט ווי פון אונטער דער ערד.

אין גאַס האָט מען זיך צו אים באַצויגן מיט חשד. זיין אָפּ־געלאָזענער הולך, זיין אָפּזונדערן זיך, האָט אים אויסגעטיילט פון דעם אַרום. איין מאָל האָט מען אים אַרעסטירט און באַשולדיקט אין אַ רויבאָנפאַל און מאָרד; ער האָט אַפילו ניט געקאָנט באַ־ווייזן אַז ס׳איז אַ טעות, אַז ס׳רוב צייט געפינט ער זיך אין זיין שטיבל, ווו ער פאַרנעמט זיך מיט קראַנקע פייגעלעך.

פאַר די איינוווינערס פון הויז און פאַר דער סביבה האָט עס אויסגעזען נאַטירלעך וואָס מען האָט אים אַרעסטירט. אַ מענטש אָן אַ משפּחה, אָן פריינד, אָן אַ סטאַבילער אַרבעט: מען ווייס אַפילו ניט פון וואָס ער ציט זיין חיונה. דערצו נאָך מיט אַזעלכע מגושמדיקע, קלעפּיקע הענט!

די איינציקע וואָס האָט ניט געספּקט אַז ער איז אומשולדיק,

איז געווען דאָס פּאַראַליזירטע מיידל אין דעם אַנטקעגנדיקן הויז, וואָס איז גאַנצע טעג געזעסן אין אַ ווענעלע אויפֿן באַלקאָן און זיך צוגעקוקט צו דעם מענטש און זײַן אויסטערלישער פּירונג. דאָס איז געווען איר פֿאַרווײַלונג, איר צײַטפֿאַרטרײַב אין כּמעט אַלע שעהען פֿון טאָג, ביז מען האָט זי אַרײַנגעפֿירט צוריק אין שטוב, אויף נאַכטלעגער.

זי האָט אים ניט געזען קאָכן, ראַמען, וואַשן. ס׳רוב האָט ער געגעסן טרוקנס. אָפּט שטייענדיקערהייט, ווי קיין צײַט ניט געהאַט. די פֿייגל האָבן אים אויסגעפּילט די טעג. זי האָט געזען ווי ער צערטלט זיי, די פֿייגעלער, ווי ער האָדעוועט זיי, ווי ער בלאָזט פֿונאַנדער די ווייכינקע פֿעדערלעך, און צום סוף לאָזט ער זיי פֿרײַ.

זי האָט געטראַכט, אַז די פֿייגל זענען אומדאַנקבאַרע באַ־שעפֿענישן. קיין איינס פֿון זיי קומט ניט צוריק צום פֿענצטער פֿון זײַן גואל. קיין איינס זעצט זיך ניט אויף זײַן אַקסל, טוליעט זיך ניט צו אים מיטן קעפּעלע. קיין איינס פֿלאַטערט ניט אַרום זײַן קאָפּ מיט אַ פֿריילעכן געצוויטשער פֿון אָפֿענע הימלען.

פּלוצעם איז דער מענטש נעלם געוואָרן. פֿון די צײַטונגען האָט זיך דאָס מיידל שפּעטער דערוווּסט זײַן פֿולן נאָמען און אין וואָס מען איז אים חושד. דער נאָמען האָט זיך איר ניט אײַנגעקריצט אין זכּרון. אין געדאַנק האָט זי אים ווײַטער גערופֿן: דער מענטש.

דאָס פּאַראַליזירטע מיידל האָט אים געראַטעוועט, דעם מענטש. זי האָט געדענקט גענוי דעם טאָג, ווען ער האָט כּלומרשט — ווי די צײַטונגען האָבן געשריבן — אויסגעפֿירט דעם מאָרד. געווען איז דאָס אַקוראַט אין יענעם טאָג, ווען מ׳האָט זי, אין די פֿרימאָרגן־שעהען, אַוועקגעפֿירט צו אַ פּראָפֿעסאָר פֿון אויס־לאַנד, וואָס האָט, אין איינעם מיט די היגע דאָקטוירים, זי בודק געווען, און געזאָגט אַז מען קאָן איר ווינציק העלפֿן.

אין די נאָכמיטאָג־שעהען פֿון יענעם טאָג איז זי געזעסן אויפֿן באַלקאָן אין איר ווענעלע, אַ פֿאַרצאָגטע און דערשלאָגענע.

זי איז געווען אין כּעס אויף דער גאַנצער וועלט, אויף זיך, אויף די שטוביקע, אויפן הימל וואָס איז אַזוי בלוי, אויף די פענצטער וואָס גלאָצן סתּם אין גאַס אַריַין, און אויך אויף אים, אויף דעם מענטש פון אַנטקעגן איבער, וואָס פאַרעט זיך, ווי שטענדיק, אַרום זיַינע פייגל, מיַיסטרעוועט פון דראָט און העלצלעך ניַיע שטיַיגן, און עס אַרט אים ניט וואָס אירע דאָקטוירים האָבן היַינט געפּסקנט.

איר עדותשאַפט איז געווען באַגלייבט. די פּאָליציי איז גע־קומען צו דער מסקנה, אַז פונעם מיידלס באַלקאָן קאָן מען טאַקע זען וואָס עס טוט זיך אין שטיבל ביַי דעם מענטש, און אַז מען קאָן טאַקע פון דאָרטן זען דאָס פּנים זיַינס.

אין קאַנצעלאַריע, ביַי דעם אויספאָרשער, האָט זי אים ווי־דער געזען, דעם מענטש; דאָס מאָל פון דער נאָענט. ביַים פולן טאָגליכט איז זיַין פאַרוואַקסן פּנים געווען בלייך און אויסגעמאַ־טערט, אָבער ער האָט אויסגעזען יינגער ווי עס האָט זיך איר אויסגעוויזן פון דער וויַיטנס, פון איר באַלקאָן. עס איז געווען דאָס איינציקע מאָל ווען זי האָט זיך געפונען אַזוי נאָענט לעבן אים און געקענט צו אים אַרויסרעדן אַ וואָרט, נאָר די צונג האָט זיך ביַי איר ניט געלייגט צו רעדן.

די פּאָליציי האָט געמאָלדן דעם מענטש, אַז אויפן סמך פון דעם מיידלס עדות־זאָגן, ווערט ער באַפריַיט. עס זענען ניט פאַראַן קיין גענוגנדיקע באַוויַיזן, אַז ער איז שולדיק. ער האָט דאָס אויפ־גענומען קאַלט. עס האָט געמאַכט דעם איַינדרוק, אַז ער ווייס בכלל ניט וואָס מען וויל פון אים, פאַר וואָס מען האָט אים אַרעס־טירט, און פאַר וואָס מען הייסט אים אַצינד גיין אַהיים.

נאָך זיַין צוריקקומען, האָט דער מענטש קיין איין מאָל ניט אויפגעהויבן די אויגן צו דעם מיידל אין ווענעלע אויפן קעגנ־איבערדיקן באַלקאָן. און איר איז געגאַנגען אין לעבן ער זאָל אויף איר אַ קוק טאָן. זי האָט מיט איר בליק געטשאַטעוועט אויף אים, אים באַשווירן אין געדאַנק, געבעטן ער זאָל כאָטש אַ

שמייכל טאָן צו איר, כאָטש אַ לײַכטן שאָקל מיטן קאָפּ. עס האָט ניט געהאָלפֿן.

אין דמיון האָט זי זיך געזען ווי אַ פֿייגעלע, וואָס וויגט זיך אויף אַ צווײַג און זינגט. דער מענטש ווערט פֿאַרכּישופֿט פֿונעם געזאַנג און ער זוכט דאָס פֿייגעלע, גייט פֿון איין בוים צום צווייטן, פֿון איין צווײַג צו אַ צווייטן. אויב ער וועט עס ניט געפֿינען, וועט עס זיך אַ שלײַדער טאָן מיטן גוף צו דער ערד, אָדער אויף דער שאַרף פֿון אַ שטיין, כּדי פֿאַרווונדיקט צו ווערן און פֿישטשען ביז די לעצטע כּוחות. דעמאָלט וועט דער מענטש עס דערהערן און ער וועט קומען.

די פֿאַנטאַזיע איז אָבער ניט מקוים געוואָרן. אין איינעם אַ פֿאַרנאַכט, בײַ זונפֿאַרגאַנג, איז דאָס מיידל פּלוצעם אײַנגעשלאָפֿן; פֿאַרוואָרפֿן דעם קאָפּ, ווי אַ פֿייגעלע, און אויף תּמיד אַנטשלאָפֿן געוואָרן.

ווען דאָס מיידל איז שוין ניט געווען, און בלויז דאָס מעטאַלענע וועגעלע איז געלעגן איבערגעקערט מיט די רעדער אַרויף, האָט דער מענטש פֿון קעגן איבער זיך צעוויינט. דער אָרום זײַנער איז מיט אַ מאָל אָרעמער געוואָרן, אויסגעליידיקט פֿון עפּעס אַ וויכטיקן חלק, וואָס ער האָט פֿריִער ניט אָפּגעשאַצט. דורך די לאַנגע חדשים וואָס דאָס מיידל איז געזעסן אויפֿן באַלקאָן, איז זי געוואָרן אַ טייל פֿון זײַן פּייסאַזש, פֿון די פֿענצטער, דעכער, אַנטענעס און זונקעסלען. איז זי בלויז געווען אַ חלק פֿון אָט די חפֿצים? אַוודאי ניט! זי איז דאָך געווען אַ לעבעדיק באַשעפֿעניש.

ער האָט בעצם געוווּסט, אַז זי קוקט זיך אײַן אין אַלץ וואָס ער טוט. אָפֿט מאָל האָט זי אים געזען אַ נאַקעטן, ווען ער איז אַרויס פֿון באָד. ער האָט זיך פֿאַר איר ניט געשעמט. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז זי ציט דעמאָלט לענגער אויס דעם האַלדז און שטרעקט פֿאָרויס דעם קאָפּ. דאָס האָט זיך אים אָבער, ווײַזט אויס, נאָר אויסגעדאַכט. עס קאָן דאָך ניט זײַן, אַז אירע אָפּגעשטאָרבענע גלידער זאָלן זיך אָנצינדן מיט אַ פֿונק פֿון תּאווה.

פאַר וואָס האָט ער זיך פלוצעם צעוויינט? ער ווייס ניט. די טרערן האָבן אָן זײַן וויסן גענומען קוואַלן. דאָס מיידל וועט אים פעלן, דאָס איז זיכער. עס פאַרדריסט אים וואָס ער האָט דורך דער גאַנצער צײַט איר ניט געגעבן קיין רמז, אַז ער זעט זי, אַז ער פילט איר פאַראַנענקייט. עס פאַרדריסט אים אויך וואָס ער האָט איר דאָרטן, אין דער קאַנצעלאַריע פון דער פּאָליציי, ניט אַרויסגעוויזן אַ טראָפּן דאַנקבאַרקייט. ס'איז ניט געווען פון שלעב־טיקייט, נאָר ער האָט זיך פשוט דערשראָקן. ער איז בטבע אַ שווײַגער און ער מײַדט אויס צו פאַרבינדן זיך מיט מענטשן. עפּעס ציט אים מער צום אָפענעם פעלד.

נאָך דעם ווי דאָס מיידל איז נעלם געוואָרן פון באַלקאָן, האָט דער מענטש צום ערשטן מאָל דאָס פענצטער מיט אַ פאָר־הענגל פאַרשטעלט. און ווײַל מיר האָבן שוין גאָרנישט מער גע־קאָנט זען וואָס אין שטיבל טוט זיך, מחמת דעם פאַרצויגענעם פאָרהענגל, רייסן מיר איבער די מעשׂה און אויף דעם אָרט שטעלן מיר אַ פּונקט.

## דער קאַלענדאַר

ערב ראש־השנה.

אויף איינעם פון די גאַסגעשטעלן, ווו מען האָט פאַרקויפט פאַרשיידענע ווינטשקאַרטן און קאַלענדאַרן פון אַלע סאָרטן, פון אַלע גרייסן, פון אַלע שאַטירונגען, האָט זיך אויך געפונען אַן אַלטמאָדישער קאַלענדאַר, אַזאַ צו וועלכן מיר זענען יאָרן אויף יאָרן געוווינט געווען צו זען אין אונדזערע אַלטע היימען. אַזאַ וואָס האָט געהאַט פאַר יעדן טאָג אַ באַזונדער בלעטל און פאַר־מאָגט, חוץ פון דער לויפנדיקער דאַטע אויך דאַטעס פון דער ייִדישער געשיכטע, פון דער וועלט־געשיכטע, שפּריכווערטער, פסוקים און ציטאַטן פון שרײַבערס און פילאָזאָפן.

באַזונדערס האָבן זײַנע בלעטער אָפּגעצייכנט און אונטער־געשטראָכן די דאַטעס פון גירוש ספרד, כמיעלניצקיס שחיטות, פּאָגראָמען אין צאַרישן רוסלאַנד און פון גאָר נאָענטן חורבן פון ייִדישע קהילות, וואָס די האַקנקרייץ־טרעגער האָבן איבער־געלאָזט אין די אייראָפּעיִשע לענדער.

איז אָט דער אַלטמאָדיש געקליידטער קאַלענדאַר, מיט זײַן גאַנצן בלעטער־פּאַרמעג, געלעגן אויפן געשטעלט און אַזוי פאַר זיך אַרײַנגעקלערט:

— ווּ בין איך דאָ אין מיטן? עמעץ האָט אַ טעות געהאַט און מיך פאַרביטן. געמיינט מן הסתם דאָס יונגוואַרג און באַקומען אַן אַלטן תּרח. נאָר ניט מסוכּן. ניט מסוכּן. דער, וואָס זוכט מיך, וועט סײַ ווי מיך געפינען אינעם רווישיקן אָנוואָרף פון קאַלירן. אינעם מישמאַש פון בונטע געמעלן, אינעם גערדראַנג פון קאַלענ־דאַרן און ווינטשקאַרטן, וואָס יעדער פון זיי וויל פאַר יעדן פּרײַז געפעלן.

און טאַקע — בײַם סוף פון טאָג האָט מען אונדזער גוט־באַקאַנטן קאַלענדאַר געקויפט. געקויפט, אַהיימגעבראַכט און אים געשטעלט אויף אַ שרײַבטיש וואָס האָט געשמעקט מיט טראַ־דיציע און מיט סאָלידער אײַנגעפונדעוועטקייט.

די ערשטע, וואָס האָבן אים מקבל־פּנים געווען און אָפּגע־מאָסטן (ווי מען זאָגט בײַ לײַטן) פון קאָפּ ביז די פיס, זענען געווען די ברילן. ברילן, וואָס מען נוצט צום שרײַבן און צום לייענען. זייער קוק איז געווען סתּמיק און עס איז שווער געווען אָפּצושאַצן וואָס פאַר אַן אײַנדרוק עס האָט אויף זיי געמאַכט דעם קאַלענדאַרס פּלוצעמדיק דערשײַנען אויפן שרײַבטיש.

ניט ווײַט פון די ברילן האָט זיך געפונען די פעדער, אָבער די פעדער האָט זיך באַצײַטנס און דיסקרעט אָפּגערוקט אין אַ זײַט, כּדי מען זאָל זי ניט חושד זײַן, אַז זי מישט זיך אַרײַן אין דער היעראַרכיע פון די, וואָס באַפעלקערן דעם שרײַבטיש.

— ווי גיט מען צו פאַרשטיין — האָט זיך געמוחט דער קאַלענדאַר — דעם שטיילאָמפּ מיט דער יאַרמלקע אויפן שפּיץ קאָפּ, דעם שטויס פּאַפּירן און די זאָרגלאָז צעוואָרפענע צעטלער,

דעם מעסער, וואָס איז באַגרענעצט נאָר צום אויפשניידן קאָנ־ווערטן. דער פען, די ברילן און די ווערטערביכער, אַז ער וויל קיינעם ניט אַרויסשטויסן, אַז ער קאָנקורירט ניט מיט קיינעם, אַז ער באַנוגנט זיך מיט דעם אָרט וואָס איז אים צוגעטיילט געוואָרן ?

דער קאַלענדאַר האָט בחינם געזוכט אינעם אַרונטערגעבוי־גענעם קאָפּ פונעם שטיילאָמפּ עפּעס אַן אויפבליץ, אַ ווונק פון פאַרשטענדעניש פאַר אַ נייעם שכן, וואָס אַלץ אַרום אים איז אַזוי אַנדערש, אַזוי אומבאַקאַנט. זיין לאָמפּיש פּנים איז געווען פאַרחתמעט און קאַלט.

ביי די צעטעלעך, פּאַפּיר־בויגנס און ווערטערביכער איז גלייך געווען צו דערקענען, אַז זיי האָבן אים ניט געוואָלט נעבן זיך, אַז זיי דאַרפן אים ניט און קאָנען זיך אָן אים באַגיין. זיי האָבן זיך אויפגעפירט אַזוי, ווי זיי וואָלטן אים ניט באַמערקט.

עס האָט דעם קאַלענדאַר געאַרט זייער באַנעמונג. ס'האָט אים פאַרדראָסן די גרינגשעצונג. מען האָט געקענט מיינען פון מי יודע וואָס פאַרא אַדלליט זיי שטאַמען. זיי ווערן דאָס אפשר פאַרלייקענען, אין דער אמתן אָבער, זענען זיי קרובים (יאָ, יאָ — קרובים !). אין סך־הכל שטאַמען זיי פונעם זעלבן מקור. פונעם זעלבן מאַטעריאַל.

די צעטעלעך האָבן זיך ביי יעדער געלעגנהייט באַרימט, אַז זיי זענען פלינק און לייכט צום באַנוצן, אַז מען שרייבט אין זיי אַריין די שפּראָצן און אויפבליצן פון די ערשטע געדאַנקען, ערשטע פאָרמולירונגען, וואָס אָן דעם קאָן מען זיך גאָרניט פאַר־שטעלן אַ גרויסע שריפטלעכע אַרבעט.

די ווערטערביכער ווידער האָבן זיך געגרייסט, אַז זיי שטעלן צו פאַר דעם, וואָס שרייבט די גרויסע אַרבעט, דעם פּאַרטייטש און דעם מיין פון די שווערסטע באַגריפן.

די ווייסע, די נאָך ניט־באַשריבענע בויגנס פּאַפּיר האָבן גע־שוויגן. זיך געפּוילט אַריינצולאָזן אין אַ וויכּוח ווער פון וועמען איז בעסער, איז וויכטיקער, איז גרעסער מיט זיינע אויפטוען, מיט זיינע דערגרייכונגען. נאָך אַלעמען ווערן זיי, די פּאַפּיר־בויגנס,

דער הויכפּונקט — אַלע מחשבות קאָנצענטרירן זיך, אַלע רעיו־נות קריסטאַליזירן זיך אויס אויף זייער גלאַטיקער אויבערפלאַך.

אויב מען גלייבט זיי ניט, קאָן מען אַ פרעג טאָן בײַ דער פּען. די פּען איז דער באַגלויבטסטער עדות.

צו דעם אַלעם איז נאָך צוגעקומען אַ נײַ אָנשיקעניש — דער קאַלענדאַר. ער וויל אַלעמען איבערצײַגן, אַז ער איז דער באַשיידנסטער פון די באַשיידענע. אין דער אמתן האָט אויך ער זיך געשטופּט צום אויבן אָן.

ווען ווענען וויל ער איינרעדן, אַז ער און נאָר ער באַשטימט דעם אומבײַט פון טאָג אויף נאַכט און ער וואַכט, אַז דער זייגער זאָל פּינקטלעך אויסמעסטן די צײַט?!

אויף אַזאַ ביטול האָט זיך דער קאַלענדאַר ניט געריכט. דאָס איז שוין אַריבער אַלע גרענעצן. זאָל מען אויף אים זאָגן וואָס מען וויל. דאָס אָבער ענדערט ניט דעם פאַקט, אַז קיינער פון די הויכגעשעצטע תושבים פונעם שרײַבטיש, קאָן אים ניט פאַר־טרעטן אין די אַלע זאַכן וואָס זענען שייך צום טאָג־טעגלעכן לעבן. ער, און ניט קיין אַנדערער, טוט דערמאָנען ווען עס פאַלט אויס אַ ראש־השנה, אַ יום־טוב, אַ חול־המועד. ווען מען איז געלאַדן צו אַ חתונה, אַ ברית און להבדיל — ווען מען דאַרף גיין צום דענטיסט. ווען דער אינסטאַלאַטאָר דאַרף קומען.

ניט אַנדערש, נאָר די צעטעלעך, די פּאַפּירן זענען אים פּשוט מקנא, ווײַל ווי נאָר די טיר פונעם קאַבינעט עפנט זיך אין די פרימאָרגן־שעהען, איז צום אַלעם ערשטן דערנענטערט מען זיך צו אים. זיי האָבן דאָס ניט געקאָנט אויסהאַלטן. געשפּרונגען ממש פון דער פּאַפּירענער הויט, געשאָרכט און געשושקעט זיך און מן־הסתּם אויסגערעדט אויף אים וואָס אין דער קאָרט שטייט.

זאָלן זיי — האָט דער קאַלענדאַר געטראַכט בײַ זיך — זײַן חשיבות וועט דערפון ניט געמינערט ווערן. יעדן טאָג האָט ער געשענקט און ער וועט ווײַטער שענקען פון זײַן בלעטערדיקן האָב און גוטס (בייזע צינגער זאָגן, אַז ניט ער „שענקט”, נאָר מען רײַסט פון אים אָפּ די בלעטלעך). ער קאַרגט ניט און וועט ניט קאַרגן. עס וועט סטײַען. ער האָט זיי, די בלעטלעך, גענוג

אויף אַ גאַנץ יאָר. ער איז טאָלעראַנטער, לאָיאַלער פון די אַלע גרויסהאַלטערס. ווען ער זעט, אַז מען זעצט זיך צום טיש און מען פאַרצייכנט עפּעס אײַליק אין די צעטעלעך — זאָל מען פאַר־צייכענען. אים שטערט עס ניט. צי גאָר, ווען מען פּילט אויס בויגנס נאָך בויגנס מיט אַזעלכע געקרײַזלטע אותיות — פאַר־גינט ער. דערויף זענען פאַראַן פּאַפּיר־בויגנס מען זאָל זיך מיט זיי נוצן. עס טרעפט אָבער אַז מען איז ניט אַזוי צופרידן מיטן געשריבענעם און מען צערײַסט אַ בויגן — איז אים פריקרע צו זען יענעמס דורכפאַל. אין אַזעלכע מאָמענטן ליגן די אַנדערע פּאַפּירן און די אַנדערע צעטעלעך ווי די לעמער און לאָזן ניט אַרויס קיין פּיפּס וואָס מען האָט זייערס אַ לײַבלעכן ברודער אויף שטיקער צעריסן און אין פּאַפּיר־קויבער אַרײַנגעשמיסן.

דער טאָג פון נײַנצנטן אַפּריל איז פאַרן קאַלענדאַר געווען גאָר אַ שווערער טאָג. ס'האָט אויף אים געדריקט דער זכרון. ער האָט זיך געוואָלט טיילן מיט עמעצן פון די שרײַבטיש־באַוווינערס מיט זײַנע אַנונגען, מיט זײַנע שפּירונגען, מיט זײַנע האַרצריסן, וואָס ווערלן זיך שוין מן־הסתּם קיין מאָל ניט פאַר־היילן, כאָטש אויסערלעך זעט מען עס ניט אָן און די דאַטעס פון די שפּעטערדיקע געשעענישן פאַרדעקן אַזוי ווי יענעם איי־טערדיקן פלאַסט. ער האָט אויף קיינעם ניט געוואָלט אַרויפלייגן דעם לאַסט, אָבער אַזאַ חברה יונגוואַרג, ווי די צעטעלעך, האָבן געמעגט וויסן, אַז מען דאַרף אין אַזאַ טאָג, ווי דער נײַנצנטער אַפּריל, זיך אויפפירן לײַטישער — ניט רעשן אַזוי, ניט שטופּן איינער דעם אַנדערן און ניט אונטערשפּרינגען אין דער לופט.

זיי האָבן אים ניט געוואָלט הערן און אים געבעטן, דעם קאַלענדאַר, ער זאָל זיך ניט מישן, ניט שטערן זייער לעבן.

זיי האָבן אים פאַרזיכערט, אַז זיי געדענקען וואָס עס איז געשען אין יענעם ערב־פּסח, אין יענעם אַפּריל־טאָג אויף דער ווײַטער ערד פון גלות. זיי האָבן אויך דאַטעס פון נײַנצן זיבן־און־זעכציקסטן יאָר, פון דרײַ־און־זיבעציקסטן, פון צוויי־און־אַכציקסטן. מען קאָן אָבער דאָס לעבן ניט פאַרוואַנדלען אין איין לאַנגער קייט פון זיצן שבעה, פון רײַסן קריעה.

דאָ אַנומלט, האָט דער, וואָס האָט דעם קאַלענדאַר דאָ אַוועק־געשטעלט, צונויפגענומען אַ צאָל צעטעלער, פאַרשריבענע פּאַפּיר־בויגנס, די פּעדער, די רעזערוו־ברילן און איז אַוועקגעפאָרן און אויס, און דווקא אים, דעם קאַלענדאַר, איבערגעלאָזט. עס זענען אויך געבליבן די ווערטערביכער, וואָס טוען דיר אַ טובה אַז זיי שענקען דיר אַ בליק און דער שטײלאַמפּ, דער שווײַגער, וואָס טוט זיך טייל מאָל אָנצינדן אָן אַ פּאַרוועץ און אָן אַ פּאַרוואָס און מען מוז זיך פאַר אים היטן ווי פאַר פײַער.

עס האָט דעם קאַלענדאַר זייער געאַרט וואָס ער איז גע־בליבן שטעקן אויפן אויסגעליידיקטן טיש. ער איז דערפון קראַנק געוואָרן, האָט פאַרלוירן די צײַט־רעכענונג. זיין קאַלענדאַרישער גוף איז געשוואָלן געוואָרן פון ערגערניש און פון אַרויפגעצווונ־גענער בטלה.

עטלעכע אָפּגענוצטע פּאַפּיר־בויגנס האָבן זיך פון אים אָפּ־געריקט, ווי מורא געהאַט זיך אָנצושטעקן.

דאַקעגן, דער שטײלאַמפּ, האָט זיך אומדערוואַרט געענדערט צום גוטן — געוואָרן צוגעלאָזענער, וואַרעמער, געטאַפּט בײַם קאַלענדאַר דעם דופק, ווי ניט איז געטרייסט און פון צײַט צו צײַט אים אײַנגעגעבן אַ פונק פון האָפענונג. דאָס געשווילעכץ איז אָבער ניט אָפּגעטראָטן. פאַרקערט — זיך נאָך פאַרמערט און דעם, וועלכער איז אַוועקגעפאָרן, האָט מען אַלץ ניט געזען און ער, דער קאַלענדאַר, האָט זיך ניט געקאָנט קיין עצה געבן מיט די אַלע דאַטעס, טעג און חדשים וואָס האָבן אין אים געבושעוועט, וואָס האָבן אים צעריסן די געדערים און אָן עמעצנס הילף האָט ער זיך ניט געקאָנט פון זיי באַפרײַען.

ערשט פאַר דעם אָנקום פון אַ נײַעם יאָר האָט דער קאַלענדאַר דערהערט טריט. באַקאַנטע טריט. סוף כּל סוף! זיך דערוואַרט!

דעם קאַלענדאַרס פּאַפּירן האַרץ האָט אויפגעכוואַליעט. ער האָט שוין אויסגעקוקט אויף דער מינוט צו ד'ערפילן יענעמס פינ־גער אויף זײַן אויסגעבענקטן, אויסגעקרענקטן קערפּער.

דער צוריקגעקומענער האָט טאַקע גענומען דעם קאַלענדאַר אין האַנט און אָנשטאָט אים אַ גלעט טאָן, אַ רעד טאָן, זיך פאַר־

ענטפערן וואָס אַזוי לאַנג געלאָזט אויף זיך וואַרטן — אָנשטאָט דעם האָט זיך דער קאַלענדאַר געפונען אין קויבער און אויף זײַן אָרט, אויפן שרײַבטיש, האָט דער צוריקגעקומענער אַוועקגעשטעלט אַ נײַעם קאַלענדאַר.

דער נײַער קאַלענדאַר ווייסט ניט און וועט ניט וויסן, אַז דער, וואָס ליגט אים צופוסנס, אין קויבער — איז געווען אַ שוטה, אַ גלויבער וואָס האָט געדינט מיט לײַב און לעבן, וואָס האָט געריסן פון זיך פאַסן פאַר יענעם און געהאָפט, אַז מען וועט אָפּשאַצן און אים לאָזן געלאַסן, געלאַסן, טאָג נאָך טאָג צוקומען צום סוף פון די טעג און ניט אויסגענוצט, ניט באַפּרידיקט, ניט אויסגעלעבט געפינען זיך אויפן דנאָ פון קויבער און דער קויבער איז זײַן באַ־גרעב.

עס האָבן אים ניט געהאָלפן די ציטאַטן פון שרײַבערס און פילאָזאָפן. עס זענען אים ניט בײַגעשטאַנען די פסוקים פון דער הייליקער תּורה און ניט דער שאַרפזין פון די שפּריכווערטער — פאַר אים איז דער פּאַפּיר־קויבער דער סוף פון אַלע סופן.

## דער קרבן־עולה

כ׳בין אַ שעפּס. אַ געוויינטלעכער שעפּס. איינער פון דער סטאַדע. מע פירט מיך אין בית־המיקדש. מײַנע בעלי־בתּים זאָגן, אַז דווקא איך בין ראוי אויסצופילן די מיצווה פון עולה־קרבן־זײַן, ווײַל כ׳בין אָן אַ פּגם, אָן אַ מום. גאַנץ מײַן גוף, ריין מײַן נשמה. איך אָבער ווייס, אַז אַחוץ דער מיצווה, ווילן זיי מיט מײַן בלוט אויסקויפן זייערע קליינע און גרויסע זינד. מיט מײַן בראַנד־אָפּער אויסבעטן בײַם האַר פון דער וועלט לײַטזעליקייט, און ס׳זאָלן דערפילט ווערן זייערע קליינע און גרויסע פאַרלאַנגען.

אַלץ אין מיר בונטעוועט זיך, כ׳וויל ניט זײַן קיין קרבן פאַר עמעצנס זינד, אַפילו ניט קיין קרבן־מיצווה. כ׳צופּ אַ גרעזל, כ׳זופּ

מײַן װאַסער. כ׳גיב מײַן װאָל. כ׳לעב מיר שטיל און באַשײדן, כ׳טו קײנעם ניט באַעװולען, קײנעם ניט ברענגען קײן שאָדן. כ׳בין זיכער אַז אַפילו גאָט װיל ניט מײַן קרבן.

איך פּרוּװ זײ דאָס זאָגן דורך מײַנע פֿײַכט־גלאַנציקע אױגן און כ׳העלף זיך אַרױס מיט אַ שװאַכן מע־מע, נאָר מײַנע בעלי־בתּים קוקן ניט צו פֿיל אין מײַנע אױגן, און מײַן מעקען מאַכט ניט אױף זײ קײן רושם. דער בעל־הבית טראָגט מיך פֿאַרװאָרפֿן אױף זײַן אָפּגעדעקטן אַקסל. הינטער אים גײט זײַן װײַב, און נאָך איר — די קינדער.

לאַנג איז דער װעג פֿון גליל קײן ירושלים. שװער איז דער װעג קײן ירושלים. ביז שבֿועות מוז מען אָנקומען צוזאַמען מיט די הונדערטער אַנדערע עולי־רגל פֿון שומרון און יהודה, און מ׳איז טאַקע אָנגעקומען צו דער צײַט.

כ׳האָב קײן מאָל ניט געזען קײן שטאָט. אין גליל װױנען ס׳רוב מענטשן אין הײַזקעס פֿון לײם און אין די בערגיקע ערטער — אױך אין הײלן. די חיונה ציט מען פֿון דער ערד. דער גאַנצער אַרום איז מיט תּבֿואה־פֿעלדער, װײַנגערטנער, בינשטאָקן, אײלבערט־בײמער און הױכע ציפּרעסן.

דאָ, אין ירושלים, זענען די הײַזער צו געדיכט באַזעצט. קריכט ממש אײנס אױפֿן אַנדערן. די הײַזער זענען פֿון שטײן, מיט פֿלאַכע דעכער, מיט טרעפּ, מיט גאַניקעס. די הױפּטגאַסן און פּלעצער זענען אױסגעלײגט מיט ברײטע, פֿלאַכע שטײנער. די הינטערגעסלעך — מיט אָפֿענע רינשטאָקן אין מיטן װעג.

װען דער בעל־הבית זאָל מיר אױפֿבינדן די פֿיס און מיך שיקן זוכן אַ גרעזל צו קײַען — װײס איך גאָר ניט װי כ׳װאָלט זיך אַן עצה געגעבן, כאָטש גײ לעק און גריזשע די שטײנער פֿון ברוק.

ניטאָ דאָ קײן פֿרײַער בלאָז פֿון װינט, װאָס לופֿטערט דורך די װאָל און קילט די הױט פֿון לײַב. ניטאָ דאָ די ברײטקײט, די שטיל־קײט, די װײכקײט פֿון פֿעלד. ניט דער טאָג ניט די נאַכט זענען װי אין דאָרף.

דער טאָג פֿאַרעט. די לופֿט שטיקט. ס׳איז מיר שװער צו טראָגן

די וואָל אויף מײַן לײַב, נאָר דאָס איז ניט אַזוי פּחדימדיק ווי דער געדאַנק אַז מע פירט דיך צו דער שאַרף פון מעסער.

מײַנע בעלי־בתּים ווייסן, אַז אונדזער שעפּסנפאָלק איז הכנעה־דיק און מילד און באַשאָנקען מיט אַ קורצן זכּרון, דעריבער מיינען זיי, אַז מע מעג מיט אונדז טאָן וואָס דאָס האַרץ גלוסט און עס דאַרף פאַר אונדז זײַן אַ כּבוד־גדול געבראַכט צו ווערן אין בית־המיקדש און צו זײַן אויפן מזבח אַ הייליקער פּײַעראָפּער פאַר גאָט.

דערווייל ליג איך אויפן אָפּגעדעקטן אַקסל פון מײַן בעל־הבית. ווען איין אַקסל ווערט אים מיד, לייגט ער מיך אַריבער אויפן צווייטן (וואָסי, צי בין איך אַן ערשט־געבוירן לעמעלע, וואָס קאָן נאָך ניט גיין אויף אייגענע פיס?). מיט איטלעכן טריט דערנענטערן מיר זיך צום הר־הבית.

פון זײַטיקע וועגן און שטעגן שטראָמען נאָך און נאָך מענטשן. מיר קלעטערן איבער גאָר אַ סך שטיינטרעפּ. אַ טייל מענטשן טראָגן אין געפּלאָכטענע קויבערס זייער שפּײַזאָפּער און אַ טייל — שעפּסן. ענלעכע צו מיר. דער חילוק איז, וואָס איך ווייס וווּאַהין עס פירן די טרעפּ. מײַנע ברידער־שעפּסן ליגן צו רוּק, ווער אויף אַ האַנט־וועגעלע און ווער אויף אַן אַקסל, ווי איך, און חלומען מסתּמא וועגן אַ קיל ווינקל און וועגן אַ זאַפטיק ביסל גראָז. איך רו ניט, דריי זיך, רײַס זיך, וואַרף זיך און מעקע ביז הייזעריקייט. דער בעל־הבית נאָגלט מיך צו מיט זײַנע פעסטע הענט צו זײַן פעסטן קאַרק.

כ׳קען אים ניט פאַר אַזאַ אַכזר. בדרך־כּלל איז ער זיך גאַנץ נישקשה באַגאַנגען מיט מיר און מיט די אַנדערע שעפּסן. מיר קיין מאָל קיין שטויס ניט געטאָן. ניט געשריִען אויף מיר. ס׳איז אויך ניט געווען קיין סיבה דערצו. כ׳האָב אים, אַזוי ווי אַלע שעפּסן, געגעבן צו דער צײַט מײַן וואָל. ווען כ׳קאָן רעדן מיט זײַן לשון, וואָלט איך אים געפרעגט:

— בעל־הבית, בעל־הבית, אויב ס׳איז, ווי דו זאָגסט, אַזאַ גרויסע מיצווה צו ברענגען קרבנות, אויב מע דאַרף, אויב מע מוז, אויב גאָט וויל עס אַזוי שטאַרק, פאַר וואָס האָסטו ניט אויסגעקליבן

אַ שפּײַזאָפּפער פון זעמלמעל באַשמירט מיט אײל, און מיך געשווינט, ניט אָוועקגעשענקט ?

ס׳איז ניט אַזוי לײַכט אַרויפצושטײַגן. די טרעפּ זענען ממש באַלאַגערט מיט האַלב־נאַקעטע און באָרוועסע מענטשן. אײנער רײַבט זיך אָן אַנדערן. אײנער שטויסט דעם צווייטן. איטלעכער וויל זײַן נאָענטער צום טויער פון הויף, וווּ ס׳איז דער מזבח. צווישן המון — אויסגעדאַרטע זקנים, קאַליקעס אָנגעשפּאַרטע אויף שטעקנס, אָן הענט, אָן פיס, בלינדע, אַלטע פרויען מיט ליידיקע שיסלען, יונגע פרויען מיט קינדער אויף די הענט, מיט קינדער בײַ דער זײַט. אַלץ ליאַרעמט, אַלע פּילדערן. דער גאַנצער ערב־רב וואַרט אויף שיריים, אויף לונג־און־לעבערס, וואָס די געהילפן פון די כּהנים וועלן זיי אַרויסברענגען און פונאַנדערטיילן.

דער אַרײַנגאַנג פון די וואָס ברענגען קרבנות איז שמאָל. אויך דאָ איז אַ דוחק. מײַן בעל־הבית מיט זײַן משפחה גראָבט אַרײַנצושטופּן זיך, און מיר זענען אין אַ גאָר גרויסן הויף מיט אַ סך זײַלן.

אין פאַרשיידענע ערטער פונעם פאַרנעמיקן הויף שטייען אויף קליינע פײַערלעך מעשענע פאַנען און אין די פאַנען פּרעגלען זיך וואויל־שמעקנדיקע קרײַטעכצער. אַ בלווילעכער רויך הייבט זיך און קרײַזלט זיך פון די פאַנען. דער רויך קיצלט די נאָזלעכער. איבער די פאַנען וואַכן יונגע געהילפן פון די כּהנים מיט געקרײַזלטע שוואַרצע בערד, מיט ברייטע גאַרטלען אויף די נאַקעטע לענדן, און וואַרפן כּסדר צו פרישע זשמעניעס קרײַטעכצער. די אָנגענעמע ריחות קענען ניט אין גאַנצן פונאַנדערטרײַבן דעם איבלדיקן גערוך פון פאַרטריקנט בלוט, וואָס טראָגט זיך פונעם מזבח.

אַהין איז פאַרווערט אַרײַנצוקומען. מע גענענט בלויז ביז צו דער שוועל, דאָרטן שטייען די כּהנים און נעמען צו פון יעדן אײנעם זײַן קרבן.

טשאַטעס שוואַרצע פייגל קרײַזן נידעריק אַרום. דער בלוט־ריח, ווײַזט אויס, ציט און לאָקט.

מײַן בעל־הבית שטעלט זיך אויף און נעמט מיך ווידער אין זײַנע אָרעמס. איך דערפיל די וואַרעמקייט פון זײַן גוף. אויך מײַן

שעפּסישער גוף איז וואַרעם. אַלע מײַנע אברים טרייסלען זיך. דער פּחד פאַרקלעמט מיר די אויגן. די זיסלעכע פּאַרע פון בלוט פאַר־האַקט מיר דעם אָטעם. בעסער אַזוי. ניט קלערן, ניט הערן. ניט פילן.

מיר דערנענטערן זיך. די מענטשן לאָזן הינטער זיך די וואָכע־דיקייט. זייערע טריט זענען פול מיט יִראַת־הכּבֿוד צו דעם אָרט. זיי פילן דעם אָטעם פון גאָט. זיי שפּירן זײַן גײַסט. זיי האָבן מורא אויפצוהייבן דעם בליק. די לופט איז פול מיט הייליקן ציטער. מיר זענען שוין גאָר נאָענט. מיר מוזן ווידער וואַרטן. פאַר אונדז שטייען נאָך עטלעכע מענטשן.

כ'הער איבער מיר דעם שוואַרצן פלאַטער פון די שוואַרצע פייגל. זיי קוויטשען מיט באַנומענע קולות:

— שפּעט! שפּעט! שפּעט!

מײַנע ברידער, די תּמימותדיקע שעפּסן, צעבלעקען זיך בציבור. דאָס בלעקען איז פול מיט געוויין און תּחנונים. עס שלאָגט זיך אָן אין די מאַכטיקע זײַלן וואָס רינגלען אַרום דעם הויף, די זײַלן שטויסן פון זיך אָפּ דאָס בלעקען מיט האַרטער, מירמלדיקער קאַלט־קייט.

די שעפּסן מעקען. די שעפּסן בלעקען. און די פייגל אין דעם שגעונדיקן געווירבל קראַקען אויס די פינצטערע בשׂורה:

— פאַרפאַלן! פאַרפאַלן! פאַרפאַלן!

## אַ שטים האָט אים גערופן

אַ שטים האָט אים גערופן — איז ער געגאַנגען.

די ביימער, לענג־אויס דעם וועג, האָבן אים געוואָרנט:

— גיי ניט. וועסט נכשל ווערן. וועסט ניט אָנקומען!

די דערנער, בײַם שליאַך, האָבן אים מיט זייערע שטעכעדיקע אָרעמס געפּרוּווט פאַרהאַלטן:

— גיי ניט. װעסט געניזוקט װערן. קײנער איז ביז הײַנט ניט דערגאַנגען!

דאָס װאַסער, װאָס האָט אים געזעטיקט דעם דורשט, האָט אים מיט זײער פּליסיקן געמורמל, געװאָלט אָפּרעדן:

— גיי ניט. דער װעג איז װײַט, פאַרפּלאָנטערט און צעדרײט. פול מיט שטרויכלונגען און געפאַרן. זאָלסט זיך ניט נאַרן, אַז דװקא דו װעסט דערגרײכן, װוּ אַנדערע זענען געפאַלן און עס איז ניט געבליבן קײן זכר פון זײער געביין!

דער קאָרן, פאַזע װעג, האָט אים מיט זײַן געלער צײַטיקײט, אַרײַנגעשאָרכעט אין די אויערן:

— גיי ניט. אַ שאָד די מי. װי נאָר דו װעסט זיך דערװײַטערן פון אַ מענטשלעכן יִשוב, פון װעלדער, סעדער, גערטנער, פון קי און שעפּסן און אָנקומען צו די זאַלציק־װיסטע הױכענישן, צו דעם כאַאָס פון די משונהדיק געפורעמטע בערג און צעשטערן מיט דײַן רעשנדיקן געקלעטער זײער דורותדיקע רו, װעלן זײ דיך שטױסן און שלײַדערן פון אײן באַרג צום אַנדערן. זײ װעלן מיט דיר ניט רעדן. זײ װעלן דיך ניט הערן. זײ װעלן דיר סײַ װי דעם סוד, דאָס פאַרבאָרגענע אָרט, ניט אַנטפּלעקן. זײ װעלן מיט זײער געשטײן דיך שטופּן צום אָפּגרונט און דיך צװינגען צו שפּרינגען אין תּהום!

ער האָט די בײמער, די דערנער, דעם װאַסערפאַלוס און די צײַטיקע זאַנגען ניט געפאָלגט. די שטים צו לאָזן זיך אין װעג, האָט אים געקלונגען אין די אויערן. געקרעפטיקט אין אים דעם גלויבן, דערהויבן זײַן גײַסט און אים געשטאַרקט — טראָץ אַלע װאָרענונגען.

פּלוצעם האָט זיך אויפן בלוי צעשטראַלטן הימל באַװיזן אַ שװאַרצער פלעק. אַ באַװעגלעכער שאָטן פון אַ פויגל — אַ ריז. אַ פויגל — אַ גיגאַנט. יעדער אויג בײַ אים — אַ שפּיז און די באַפעדערטע פּיס — צװײ מעכטיקע זײַלן. ער האָט מיט זײַן גוף די זון פאַרשטעלט. איז װי אויסגעלאָשן געװאָרן די װעלט. דער פויגל האָט צעפּאָכעט זײַנע אימהדיקע פליגל איבערן גײערס קאָפּ און דערבײַ אַרויסגעלאָזט פון זיך אַזאַ מין הײזעריקן קװיטש, װאָס

האָט געקאָנט אַ באַרג שפּאַלטן. דער גייער האָט זיך ניט דערשראָקן, ניט פאַרהאַלטן. האָט דער פויגל מיטן פאַרבויגענעם שנאָבל און מיט די אויסגעקרימטע נעגל זיך איינגעביסן אין דעם וואַנדערערס אויגן און אַזוי לאַנג דאָרט געפּיקט ביז פון די אויגן זענען געבליבן בלויז צוויי פאַרבלוטיקטע לעכער. ערשט דאַן האָט זיך דער פויגל אָפּגעריסן פון דער נידער און זיך אָפּגעטראָגן צו אַזעלכע ווייטן, ווו אַ מענטשנקינד קאָן ניט דערגרייכן.

ווען די אויגן זענען ביים מענטש אויסגערונען, האָט זיך זיין גאַנצער גוף גלייך אָנגעפילט מיט אַ געדיכטער, קלעפּיקער פינצ־טערניש. די פינצטערניש איז אַרויסגעקראָכן דורך די אויגן־לעכער און דער גאַנצער אַרום איז פאַרשמירט געוואָרן מיט אַ ניט־דורכ־דרינגלעכער שוואַרצקייט. די שוואַרצקייט איז געווען אַזאַ, אַז ער איז געצוווּנגען געווען זיך צו פאַרהאַלטן, ווייל עס איז ניט מעגלעך געווען צו שטעלן אַ טראָט פאָרויס, אָדער אַ טראָט אויף צוריק. עס איז שוין בכלל ניט געווען מער קיין „פאָרויס” און קיין „צוריק”. קיין צייטאומבייט פון טאָג און נאַכט. זיין וועלט איז פאַר איין מאָל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין אומענדלעכן חושך.

פון ערגעץ גאָר ווייט איז איילנדיק אָנגעלאָפן די שטים. זי האָט אַרומגעקרייזט און געעכאָט איבער דעם בלינדנס קאָפּ:

— בן־אדם, פאַל ניט ביי זיך! צווייפל ניט! שטאַרק דיין גע־מיט! בייג זיך אַראָפּ. ביי דיינע פיס ליגט אַ שטעקן גראָב. אַ שטעקן פעסט. אַ שטעקן, וואָס מען קאָן זיך אויף אים פאַרלאָזן — איז הייב אים אויף. איז נעם אים אין די הענט. ער וועט דיך אויף אַ מינוט ניט לאָזן אַליין. ער וועט דיר זיין אַ שותּף, זיין אַ פריינד. ער וועט גיין פאָרויס און שפּרייזן נעבן דיר. ער וועט דיך היטן און וועט דיך פירן!

ווי נאָר דער מענטש האָט דעם שטעקן אין די הענט גענומען. ווי נאָר ער האָט באַוויזן אַריבערשטייגן פון איין הויכקייט צו אַ צווייטער, איז פאַר אים קאַפּויער געקומען אַ בערגל. אַ פאַרהאַר־טעוועט זאַלצבערגל, וואָס נאָר בלינדע זענען מסוגל צו זען.

די זעלבע שטים, וואָס האָט פריִער געדונערט פון די הייכן,

האָט זיך אויף ס׳נײַ אָנגערופן. דאָס מאָל ניט איבער אים, נאָר אין אים. אין די טיפענישן פון זײַן װעזן:

— קלאַפּ, קלאַפּ אָן מיטן שטעקן אינעם בערגל. פאַרזוים ניט! די שעה פון גנאָד איז געקומען!

האָט ער אָנגעקלאַפּט.

צו זײַן געהער איז דערגאַנגען אַ שטײַגן, אַ גרײַפּן, אָן אָפּ־קלאַנג פון עפּעס װאָס ס׳איז נאָך ניט געװען צו באַגרײַפן מיטן פּשוטן שׂכל.

דער בלינדער איז צוגעפאַלן מיטן אויער צום בערגל. דאָס בערגל האָט זיך געטרייסלט, געהויבן. עפּעס האָט זיך דאָרט אונטן גערודערט. עס האָט זיך דערטראָגן אַ געבורום, אַ רײַבעניש, אַ שטופּערײַ. צוויי קעגנזעצלעכע כּוחות האָבן זיך צונויפגעשטויסן. ס׳איז געװען אַ געראַנגל אויף טויט און אויף לעבן. צום סוף האָט דאָס בערגל ניט אויסגעהאַלטן און נאָכגעגעבן דעם דרוק. די זאַלצ־ברילעס האָבן געפּלאַצט מיט אַזאַ אויפטרייסלענדיקן רעש, אַז די אַרומיקע בערג האָבן אויפגעציטערט. דער רעש איז באַגלייט גע־װאָרן מיט פֿײַערפונקען, װאָס האָבן זיך צעשיט אין אַלע זײַטן. די שטיינער זענען זיך צעפאַלן און צעקרישלט.

אומבאַמערקט איז די נאַכט אויסגערונען. אַ לײַכט װינטל איז געקומען צו פליִען און מיטגעבראַכט די ערשטע זונשטראַלן. דאָס װינטל און די זונשטראַלן זענען געװען די איינציקע עדות װען פונעם בערגלס טיפענישן האָט זיך אַרויסגעשיילט אַ פרוי. זי האָט פּאַמעלעך אויסגעגלײַכט איר רוקן און פאַרהויבן דעם קאָפּ צום אָנוואַקסנדיקן טאָגליכט. דאָס װינטל האָט צעשויבערט אירע האָר. מיט ציטערנדיקע פינגער האָט זי באַטאַפּט דאָס פּנים און אַרײַנגעעטעמט אין זיך אַזוי פיל לופט, װיפל עס האָט זיך געלאָזט. עס איז אַוועק אַ סך צײַט ביז זי האָט געלאָזט הערן איר קול. די װערטער האָבן זיך אַ קײַקל געטאָן איבער די אַנטבלויזטע קעפּ פון די בערג. איבער די אײַנגעהויקערטע פּלייצעס פון די בערגלעך. איבער די אויסגעטראָטענע װעגלעך פון קעמלען און שלאַנגען. זיי זענען געװען קלאָר און דורכזיכטיק, װי קלאָר און דורכזיכטיק

עס איז געווען איר ערשטע טרער, נאָכן אויפשטייַגן פונעם שטיי־נערנעם געפענגעניש:

— זייַ געבענטשט, דו מענטש. זייַ געערט, דו גייער. עס האָט דיך מייַן צער און מייַן עלנט אַהערגעבראַכט. האָסט די שאַנד פון מיר אַראָפּגענומען, צונישט געמאַכט די שטראָף און מיר צוריק־געגעבן די ניט־אויסגעלעבטע יאָרן.

— צו פיל, צו פיל צייַט האָסטו געלאָזט אויף זיך וואַרטן. די ביימער, וואָס זענען דאָ אַ מאָל געוואַקסן, זענען במשך פון דורות אָפּגעדאַרט געוואָרן. די גראָזן — אויסגעשטאָרבן און די פייגל — זיך צעפלויגן. שטויבן האָבן אַלץ פאַרדעקט. שטויבן און זאַלץ האָבן אַלץ באַוועלטיקט. בלויז ווינטן פּאַשען זיך דאָ איבערן זאַל־ציקן מדבר.

— גאָטס צאָרן האָט זיך דאָ אויסגעגאָסן און באַפעלקערט דאָס אָרט מיט בערג, אָנשטאָט מענטשן. זייַן קללה הויערט ביז הייַנט און ווער ווייסט ווי לאַנג נאָך וועט עס דויערן. פון דייַנע בלינדע אויגן שייַנט די שכינה און זי וועט אונדז באַלייַכטן דעם וועג. שטרעק מיר דייַן אָרעם און לאָמיר פּאַמעלעך איבער די בערגלעך אַ שפּרייַז טאָן.

נאָך איידער זיי האָבן אַ טראָט געשטעלט, האָט זיך די פרוי ווידער אָנגערופן:

— באַווייַז מיר דעם שטעקן!

האָט דער בלינדער דעם שטעקן פון זייַן האַנט אין איר האַנט איבערגעגעבן. האָט זי דעם שטעקן אין דעם צעעפנטן בערגל אַרייַנגעשטעלט און ביידע זענען שטיל און געלאָסן אַוועק. באַרג אַרויף, באַרג אַראָפּ. סטעשקע אייַן, סטעשקע אויס.

דער שטעקן איז געבליבן שטעקן פאַרשעמט און פאַריתומט אין דער אויסהוילונג פונעם בערגל זאַלץ. ער איז געווען באַטריבט און פאַרצאָגט און מיט שטומען צער נאָכבאַגלייט דעם בלינדן מאַן מיט דער פרוי, וואָס אירע אויגן זענען נאָר וואָס אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פונעם זאַלצגליווער. זיי האָבן זיך דערווייַטערט, באַרג אַרויף, באַרג אַראָפּ. סטעשקע אייַן, סטעשקע אויס, געוואָרן קלייִן און קלענער, ביז זיי זענען אין גאַנצן פאַרשוווּנדן.

# אין אַ נאַכט אַזאַ לאַנגער,
# מיט די געמעלן
# פון יאָסל בערגנער

דער שלאָף האָט זיך פאַרפאַנצערט און לאָזט מיך ניט אַרײַן צו זיך. די קאָלדרע — שטעכיק. דאָס בעט — קאַנטיק. ס׳שענקל האָט זיך צו מיר אויסגעדרייט מיט דער פלייצע און די טיר קריצט מיט די שליסלציין. בלויז די רויז האָט אַרויסגעקוקט צו מיר פון גלאָז וואַסער פרײַנדלעך און אַפילו מיר געשענקט אַ ראָזלעכן שמייכל. די רויז איז געווען די אײנציקע אין מײַן צימער, וואָס האָט מיר פאַרזיסט דעם ביטערן טעם פון דער לאַנגער נאַכט.

פון יענער זײַט פענצטער האָט די פינצטערניש געשוימט און געשוימט. אירע שוואַרצע כוואַליעס האָבן שוין דערגרייכט צו די שויבן און געסטראַשעט זיי יעדער מינוט צו פאַרשווענקען. ס׳האָט אויסגעזען, אַז די נאַכט וועט זיך שוין קיין מאָל ניט ענדיקן. ס׳האָט אויסגעזען, אַז דער חושך וועט שוין אייביק געוועלטיקן.

איך האָב ניט געהערט אַז דער שליסל זאָל זיך איבערדרייען. איך האָב ניט געזען אַז די טיר זאָל זיך עפענען, און דאָך איז מײַן צימער פאַרפולט געוואָרן מיט יאָסלס שנאָבלדיקע מענטשן. יאָסלס מענטשן מיט די פייגלקעפּ זענען אַרויס פון די בילדערדיקע ראַמען און מיך אַרומגערינגלט. איך האָב זיך מיט זיי געפרייט. כ׳האָב זיך פאַר זיי געשראָקן. געפילט זיך מיט זיי אַזוי נאָענט. געפילט זיך מיט זיי אַזוי פרעמד.

כ׳האָב זיי אַרײַנגעקוקט אין די קײַלעכדיקע אויגן. זייערע בליקן זענען געווען האַרט. זייערע אויגן האָבן, ווײַזט אויס, קיין מאָל קיין טרער ניט געלאָזן.

דאָס האַרץ אין מיר האָט זיך געוואָרפן ווי אַ געגנבעטע טויב אין בוזעם. כ׳האָב געוואַרט אַז זייערע קרומע שנאָבלען זאָלן זיך אָן עפן טאָן, כּדי צו הערן דעם קלאַנג פון זייער פייגלשפּראַך, נאָר זייערע שנאָבלען זענען געווען פאַרקלעמט ביז ווייטאָג.

זיי זענען מיר נאָכגעגאַנגען און כ׳האָב ניט געהערט זייערע טריט. זיי האָבן באַוועגט מיט די אַקסלען, אויסגעשטרעקט די הענט. זייערע הענט האָבן אויסגעזען ווי פאַרטריקנטע צווייַגן, פון וועלכע דער ווינט האָט שוין פון לאַנג אַראָפּגעריסן אַלע בלעטער.

ס׳איז מיר אייַנגעפאַלן, אַז ס׳האָט זיי קיינער קיין מאָל קיין האַנט ניט דערלאַנגט, קיין גלעט ניט געטאָן, ניט פאַרבעטן זיי צום טיש.

כ׳האָב זיך אין זיי אייַנגעקוקט. געוואָלט אונטערשיידן ווער איז ווער, נאָר אַלע האָבן זיי געהאַט איינע און די זעלבע פייגל־קעפּ.

זיי האָבן אויסגעפילט די שטוב און אין שטוב האָט געהערשט די זעלביקע בית־עולם־שטילקייט ווי פריִער, איידער זיי האָבן זיך באַוויזן.

כ׳האָב זיי געוואָלט עפּעס זאָגן. עפּעס אַזוינס וואָס זאָל זיי דערפרייען, וואָס זאָל אַרויסרופן בייַ זיי דעם מינדסטן שמייכל. די ווערטער זענען מיר אָבער אַרויסגעפאַלן פון מויל, ווי פיש פון אַ צעלעכערטער נעץ.

דער שפּיגל און דער לאָמפּ האָבן דערשטיקט מיט זייער געדיכטן אומעט די רויז אויפן שענקל. זי איז מיט אַ קוים־געהערטן זיפץ אויסגעגאַנגען.

כ׳האָב געלאָזן יאָסלס פאַרשנאָבלטע פאַרשווינען — דעם שפּיגל, דעם לאָמפּ, דאָס שענקל און דאָס בעט, און כ׳בין אַרויס מיט דער טויטער רויז אין דרויסן. דער דרויסן איז געווען אויסגעליידיקט, ווי נאָך אַ מגפה.

בלויז יאָסלס מגושמדיקע, אָנפּאָרעמדיקע מלאכים האָבן זיך דאָרטן אַרומגעדרייט אָן אַ טאָלק און אָן אַ סדר. צונויפגעזאַמלט זיך בייַ די ראָגן. געגאַנגען אַהין און אַהער. געקוקט צו די הייכן, מיט בלוט־פאַרלאָפענע אויגן. זייערע פליגל זענען געווען פון אַן אומבאַשטימטן קאָליר — ניט ווייַס, ניט בלוי, ניט גרין. זיי האָבן פאַרלוירן די בייגעוודיקייט און אויסגעזען ווי צוגעשרויפט צו דער פּלייצע.

די פליגל האָבן געפּרוווט, מיט די לעצטע כּוחות, זיך אַ הייב

טאָן, אַ שוועב טאָן. זיי זענען אָבער גיך אַרונטערגעפאַלן מיט אַ פאַרשעמטן כליפּ.

די מלאכים האָבן ניט נאָכגעגעבן. מיט פאַרביסענער עקשנות געזוכט אַ וועג צום הימל, צום פאַרלוירענעם גן־עדן, פון וועלכן יאָסלס פענדזל האָט זיי אַרויסגעמאַניעט. זיי האָבן זיך אומגעלומ־פערט געדראַפּעט און געקראָכן אויף די ווענט פון הײַזער, אויףביימער, אויף פּלויטן. פון זייערע לופטיק־לײַכטע געוועבן זענען געבליבן בלויז צויטן.

כ'האָב געזען, אַז פון בענקשאַפט צו די הימלען, וועלן זיי איינס נאָך איינס אויסהויכן די פאַרבן און אַפילו יאָסלס פענדזל וועט מער ניט זײַן אין שטאַנד צו פאַרהיטן זיי פון דעם ערדישן טויט.

די שטילקייט וואָס איז זיי נאָכגעגאַנגען, האָט זיך ניט געקאָנט מער אײַנצוימען און האָט זיך צערעוועט מיט אַ באַנומען קול, פון וועלכן אַלע הײַזער, אַלע דעכער, אַלע ביימער און אַלע לאַמטערנס האָבן אויפגעציטערט. דאָס ציטערן האָט זיך איבערגעגעבן צו די ווײַטע שטערן אויפן ווײַטן הימל. די שטערן האָבן זיך געצונדן, געלאָשן און געקאַרטשעט, ווי דאָס ערדישע קול־דממהדיקע געשריי וואָלט זיי אָפּגעבריט.

כ'האָב אין האַרצן תּפילה געטאָן, אַז דער וואָס זיצט אין די הייכן זאָל זיך אַרײַנמישן, אָפּדעקן אַ זוים פון דעם הימלדיקן פאַר־האַנג און צוריקנעמען צו זיך זײַנע איבערגעגעבענע משרתים, זיי ניט לאָזן מער וואַלגערן זיך אין שוואַרצן אָפּגרונט פון נאַכטיקן ים.

דערווײַלע איז אָנגעקומען, זיך אָנגערוקט, זיך דערנענטערט טראָט בײַ טראָט, אַן רעש, אָן טומל, נאָך פערציק יאָר בלאָנקען אין די וויסטענישן פון צעשטער און חורבן — אַ קאַראַוואַן, אַן אומגעהײַער לאַנגער, זיגזאַגישער קאַראַוואַן פון יאָסלס וואַרשע־ווער מעבל, וואָס ער האָט מיט זײַן פּאַליטרע געראַטעוועט פון די חרוב־געוואָרענע ייִדישע היימען, וביד־רמה זיי געפירט צום צו־געזאָגן לאַנד. זיי האָבן אַרויסגעטויכט פון דער נאַכט־פינצטערניש און שפּרײַזן אָן אויפהער, און שפּרײַזן אָן אָפּהאַלט: שענק און

שענקלער. בענק און בענקלער. קאָמאָדן, קרעדענצן. סאָפעס און שאַפעס. טאַפּטשאַנעס און דיוואַנען. בעטן, בעטלער און וויגן.

כ׳האָב צעעפנט מײַן טיר און זײַ אַלעמען אַרײַנגענומען. קיי־נער איז ניט געפּסלט געוואָרן. אַפילו אַ הינקעדיק בענקל, אַ שאַפע מיט צעשמעטערטע טירלער, אַ מאַטראַץ מיט אַרויסגעזעצטע ספּרו־זשינע־געדערעם האָבן געהאַט זייער אָרט. קיינער האָט זיך בײַ מיר ניט געפילט איבעריק.

פּערציק יאָר האָט דאָס מעבל געוואַנדערט. פערציק יאָר זיך געוואַלגערט, ביז ס׳האָט צו מיר דערגרייכט.

כ׳האָב זיך מיט איטלעכן מעבלשטיק געפריייט, ווי מיט אַן אָפּגעפונענעם קרוב. זיי האָבן מיך אַרומגענומען מיט אַ לאַנג־פאַרגעסענער היימישקייט. ס׳איז מיט זיי מיטגעקומען דער זיסער ריח פון ראָזשינקעס־ווײַן און די האָרבקייט פון געריבענעם כריין. כ׳האָב ווידער דערשפּירט די קילקייט פון די אָנגעקראָכמאַלעטע, געפּרעסטע לײַלעכער און ציכן, דעם גערוך פון יאָרצײַטליכט און די פאַרדעמפּטקייט פון אַלטע ספרים.

מײַן שטוב האָט אויסגעזען ווי נחס תיבה. ס׳האָט בלויז גע־פעלט אַ טויב, וואָס זאָל ברענגען די בשׂורה, אַז דער אויפגע־ברויזטער חושך פון דער לאַנגער נאַכט האָט זיך שוין געזעצט און די זונשטראַלן הייבן זיך ווידער אַרויס פון פינצטערן נעפּל אַזוי העל, אַזוי קלאָר, אַזוי צוזאָגנדיק, ווי אין יענעם אוראַלטן בראשית.

## משיחס צײַטן

אין די טיפע שעהען פון דער נאַכט. אין דער סאָמער גע־דיכטעניש פונעם חושך, בײַ די צעיאָגטע וואַסערן פון טײַך, נעבן אַן אײַנגעהויקערטן בוים איז ער געשטאַנען פאַרהילט אין יסורים. מיט אַלע פּײַנען פון גוף. מיט אַלע ריסן פון דער נשמה.

מען האָט אויף אים אָנגעוויזן, אַז ער איז משיח. מען האָט

אויף אים געזאָגט, אַז ער וועט ברענגען די ישועה. מען האָט זיך איבערגעוווּנקען, אַז צווישן אים און דעם הימל זענען געפלויגן הין־און־צוריק פֿײַערפונקען. אַז צווישן אים און דעם הימל האָבן די ווײַסע האָר פון זײַן באָרד און פיאות נעצן געשפּונען, לייטערס געפלאָכטן.

אין גאַס, אין שול, אין דער מיקווה האָט מען זיך פונאַנדער־גערוקט, געמאַכט אים אַ וואַרע, אָפּגעגעבן כּבוד און ניט איין מאָל געשטרעקט צו אים אַ קעפּל פון אַ קינד, ער זאָל עס בענטשן.

— מענטשן, מענטשן! — האָט ער גערופן — שטעלט מיר ניט פאַר קיין נסיון! ס'איז נאָך ווײַט פון משיחס צײַטן. ער וועט ערשט קומען ווען דאָס פאָלק וועט זײַן כּולו זכּאי, אָדער כּולו חייב!

ער האָט מיט אַן אויסגעווייקטער שטים פון טרערן זיך גע־ווענדט צו דער נאָכט: — אין מײַן באַדרענגעניש פאַל איך כּורעים און בעט — העלף! באַפרײַ מיך פון דער לאַסט וואָס קהל וויל אויף מיר אַרויפלייגן.

ער האָט גערופן צום טײַך. צו זײַנע אײַלנדיקע וואַסערן:

— אַנטלויפט ניט, יאָגט ניט, טראָגט זיך ניט אָפּ פון מיר. זײַט עדות, אַז כ'בין ניט ראוי צו נעמען אויף זיך אַזאַ שליחות.

— זיי, די גאָטספאַרכטיקע עדה מיינט, אַז איך בין דער צדיק־הדור. זיי ווייסן ניט, אַז אין די יונגע יאָרן האָב איך ניט געטראָגן קיין באָרד און ניט אָפּגעהיט קיין מיצוות. ערשט אין יאָרן אַרום, אין אַ ווינקל שול, ווען דער עולם איז זיך צעגאַנגען, בין איך געשטאַנען פאַרשולדיקט און פאַרטרויערט. געריסן פון זיך די קליידער און געקלאַפּט זיך על־חטא:

— אוי לי, ווי צו מיר, וואָס כ'האָב פאַראומרייניקט מײַן נשמה. די נשמה וואָס שטאַמט פונעם ריינסטן אָרט און זי איז מיר אויסגעבאָרגט געוואָרן מיטן באַדינג זי צו האַלטן ריין, ווי אַן אבן־טוב.

— מיט וואָס דיך איבערבעטן, גאָט? ווי אַזוי דיך באַוועגן מיר מוחל זײַן? אָפּמעקן די פלעקן פון מײַן נשמה? אַראָפּנעמען פון

מיר דײַן רוגז? זאָל דײַן מידת־הדין ווערן געאײַניקט מיט מידת־הרחמים. הָשֵׁב שכינתך — קער אום דײַן שכינה צו מיר!

ער האָט אויסגעצויגן די הענט צום בוים:

— דו ווייסט דאָך יאָ ווער איך בין. פון וואַנעט איך קום. ניט איין מאָל פאַרטרויט צו דײַן שטאַם, צו דײַנע צווײַגן מײַנע ספקות, מײַנע פּחדים, מײַנע אַנגסטן — איז שטום ניט. דַבֵּר! לאָז זיך הערן. דאָס קאָן ניט בלײַבן קיין סוד בלויז צווישן דיר און די שטערן.

דער בוים האָט זיך נאָך מער אײַנגעהויקערט און דער, וואָס איז געשטאַנען פאַרפלאָכטן צווישן די צווײַגן האָט ממשיך געווען זײַנע רייד:

— עס איז שוין איין מאָל געווען אַ פאַלשער דערלייזער. אַ גײַסט אַ בייזער, וואָס גאָט ברוך־הוא האָט געאַסרט, האָט ער מתּיר געווען. וואָס דער רבונו־של־עולם האָט מטמא געווען, האָט ער ריינגעוואַשן.

ער האָט דאָס פאָלק געפירט צום תּהום. ער האָט די עדה געשלעפּט צום פאַרלענד. ער האָט זיי פאַרבלענדט מיט דער מתיקות פון זײַן שטים, פון זײַנע צוזאָגן און קיינער, קיינער האָט ניט געאַנט און ניט באַמערקט, אַז די הימלען האָבן זיך ביסלעכווײַז אָפּגעקערט, פאַרשלאָסן די טויערן פון שׂכל און די טויערן פון טרייסט.

ביז הײַנט צאָלט דאָס פאָלק דעם שווערן פּרײַז פון יענער לײַכטזיניקייט, פון יענער פאַרבלענדעניש. געוואָרפן זיי דורות־לאַנג פון לאַנד און לענדעניש, ביז זיי זענען אַהער געקומען צעפּערטלט, צעבראָקלט און צעקלעמט פון דער אָפּשטויסנדיקער, פּײַנטלעכער פרעמד.

איצטער ווילן זיי ווידער אַ משיח. אַ משיח וואָס וועט ניט קומען אויף אַ פערד. וואָס וועט ניט רײַטן אויף אַן אייזל. וואָס וועט ניט אַרונטער פונעם הימל אויף אַ רײַטוואָגן. וואָס וועט ניט אַרויס פון ים געלייטערט און אויסגעצוואָגן פון יעדער זינד. אַ משיח — אַן ערדיש קינד. געבוירן פון טאַטע־מאַמע, אַ בשׂר־ודם,

מיט אַלע שוואַכקייטן וואָס באַגלייטן דעם מענטש פון דער וויג ביז צום קבר.

— איך שטעל זיך אַנטקעגן. איך בין עובר אויפן רצון פון פאָלק. איך בין ניט דער וואָס זיי זוכן. איך בין ניט דער וואָס זיי ווילן. איך קאָן ניט נאָכקומען זייער גאַרן, זייער חלום. איך קאָן ניט!

## אַ מעשׂה וואָס האָט ניט קיין נאָמען

כ׳בין געשטאָרבן. כ׳בין געשטאָרבן אַן גרויסע מאַטערנישן. כּמעט אַן ווייטיקן, אָן דראַמעס. אַ פּשוטער, באַנאַלער טויט. גע־לייגט זיך שלאָפן און מער ניט אויפגעקומען.

טאַקע צוליב אָט דעם ניט־דערוואַרטן און צוגעאײַלטן טויט האָב איך ניט געוווּסט ווו אײַן און ווו אויס.

ווי אַזוי זאָגט מען אָן דער משפּחה, פרײַנד און חברים, אַז זיי וועלן מיך מער ניט זען און דאָס איינציקע וואָס זיי קאָ־נען נאָך טאָן פאַר מיר, איז צו קומען צו דער לוויה?

ס׳איז טאַקע אין מיטן אויגוסט, אין די סאַמע גרעסטע היצן. איך קאָן זיך בלויז אַנטשולדיקן פאַר דעם אומטאַקט. די טרחה איז גרויס, אָבער דאָס איז איינמאָליק.

ס׳איז אומעטיק געפירט צו ווערן צו דער קבורה אָן באַגליי־טערס, אָן אַ הספּד־וואָרט, אָן אַ בלימל אויפן פרישן קבר.

דאָס ערשטע האָב איך טעלעפאָנירט צו מײַנע קרובים: אַ גאָר אַלטע מומע, וואָס זעט שוואַך און הערט קוים און אַ שוועס־טערקינד, וואָס האָט מורא, אַז כ׳וועל אים איבערלעבן און ירשנען זײַן קאָלעקציע מאַרקעס, וואָס ער קלײַבט זײַן גאַנץ לעבן.

די מומע האָב איך געזען ערשט מיט צוויי טעג צוריק. כ׳בין צו איר געפאָרן מיט דרײַ אויטאָבוסן ביז כ׳בין אָנגעקומען אינעם עלטערן־הויז, ווו איר זון האָט זי בכּוח אײַנגעאָרדנט.

כ׳האָב מיט איר פאַרבראַכט אַ גאַנצן טאָג און זי האָט מיר דערציילט ווי שיין זי איז געווען, ווען מען האָט זי געפירט צו דער חופה, אויסגערעכנט די געסט, די מתנות, דעם אויסשטייער און עפּעס ווי פאַרגעסן צו דערמאָנען, אַז חוץ איר, איז אונטער דער חופה אויך געשטאַנען דער, וואָס האָט איר געדאַרפט אָנטאָן אויפן פינגער דאָס קידושין־רינגל און מיט איין קנאַק פון פוס — צע־ברעכן דאָס גלאָז. אפשר האָט זי ניט פאַרגעסן, נאָר בכיוון אויס־געמיטן צו דערמאָנען דעם מאַן. דעם פאָטער פון איר קינד, וואָס האָט זי אַזוי פלוצעם איבערגעלאָזט מיטן עופּעלע אָן אַ פּרוטה ביי דער נשמה און ממש אָן אַ דירה. ווען ניט מיין פאָטער, איר ברודער, וואָלט זי אויסגעגאַנגען פון נויט און פון בושה.

כ׳האָב זי געלאָזט רעדן און געלאָזט איר דערציילן וויפל איר האַרץ גלוסט. כ׳האָב איר געשענקט מיין גאַנצע צייט, דאָס וואָס איר זון האָט ניט געהאַט פאַר איר. ער איז אָפּגעקומען מיט אַ לייכטן קוש, אַ לייכטן פרעג:

— וואָס מאַכסטו מאַמע? — און זיך אַוועקגעאײַלט צו זיינע געשעפטן.

אַמשווערסטן איז מיר געווען דאָס טעלעפאָנירן צו איר, אָנ־צוזאָגן די בשׂורה פון מיין פּטירה.

דאָס קלינגען איז גאָרניט געווען אַזוי פּשוט. צו ערשט האָב איך גערעדט מיט דער טעלעפאָניסטין פון דער צענטראַלע. די טעלעפאָניסטין האָט מיך פאַרבונדן מיט דער אָפּטיילונג ווו עס האָט זיך געפונען מיין מומעס צימערל. אין דער אָפּטיילונג האָט מען, ווייזט אויס, ניט געהאַט קיין איבעריקע צייט צוצוגיין צום טעלעפאָן. זיי האָבן אויסצופילן בילכערע זאַכן, ווי שטעלן זיך רעדן מיט עפּעס אַ קרוב, אַ נודניק. האָט דער טעלעפאָן געקלונגען און געקלונגען. ביז איינע פון די אויפּרוימערינס האָט זיך מרחם געווען און אויפגעהויבן דאָס טרייבל. די צרה איז אָבער געווען וואָס די אויפּרוימערין האָט ניט אַזוי גוט פאַרשטאַנען קיין עברית, און ביז זי האָט געפונען עמעצן פונעם פערסאָנאַל, וואָס האָט באַוויליקט צו ענטפערן, האָט ווידער געדויערט אַן אייביקייט.

סוף־כל־סוף האָב איך דערהערט מיין מומעס ציטערנדיקע

שטים און ווי געזען איר ציטערנדיקע האַנט וואָס האַלט דאָס צע־טרייסלטע טרײַבל. איך האָב איר געזאָגט „בוקר טוב" — און גע־זאָגט איר ווער עס רעדט. דעם „בוקר טוב" האָט זי דווקא גע־הערט, אָבער מײַן נאָמען ניט אויפגעכאַפּט:

— רעד העכער — האָט זי זיך געבעטן. האָב איך גערעדט העכער. וואָס הייסט העכער? כ'האָב געשריגן אַזוי הויך, אַז די שויבן האָבן אַזש געציטערט, אַזוי ווי די שטים און די הענט פון מײַן מומע.

צום סוף האָט זי שוין געוווּסט ווער עס רעדט און דורכן טרײַבל האָב איך דערפילט איר ברייטן שמייכל, איר גרויסע צופרידנקייט פון מײַן פאַרבינדן זיך מיט איר:

— גוט, — האָט זי געזאָגט, — גוט, וואָס דו טעלעפאָנירסט. האָסט דאָ, אייערנעכטן, בײַ מיר פאַרגעסן דײַנע זונברילן — איז וואָס זאָל איך טאָן? בעטן, מע זאָל זיי דיר שיקן מיט דער פּאָסט, אָדער וועסט אַליין קומען זיי אָפּנעמען? — זי האָט גע־פרעגט און ווי מורא געהאַט פאַר מײַן ענטפער, גלײַך צוגעגעבן — בעסער קום! דײַן זײַן מיט מיר האַלט מיך אויף בײַם לעבן.

כ'האָב קיין האַרץ ניט געהאַט צו זאָגן איר, אַז איך נויטיק זיך שוין ניט מער אין קיין זונברילן און איך וועל שוין מער צו איר ניט קומען, ווײַל כ'בין מיט אַ נאַכט פריִער געשטאָרבן און מאָרגן וועט מען מיך באַגראָבן.

כ'האָב זיך געדרייט ווי אַ וואָרעם. פאַרקרימט זיך, ווי כ'וואָלט אײַנגענומען אַ פּאָס ריצנאייל. ס'האָט מיר גאָרניט געהאָלפן, איך האָב איר געמוזט זאָגן דעם גאַנצן אמת. די מומע האָט מיך אויסגעהערט ביזן סוף און ניט איבערגעריסן מײַנע רייד אין מיטן. כ'בין זיכער געווען אַז דאָס מאָל פאַרשטייט זי די ערנסקייט פונעם געשפּרעך, אָבער פונעם ענטפער האָב איך געזען, אַז זי שוועבט אין אַנדערע עולמות און זי קאָן בשום אופן ניט פאַרשטיין וואָס מע וויל פון איר:

— ווער שטאַרבן? ווען שטאַרבן? מאַך זיך ניט נאַריש! למען־השם, געדענק צו זאָגן קדיש נאָכן טאַטן צו זײַן יאָרצײַט, דרײַ טעג אין אלול — פאַרגעס ניט! אויב דו וועסט מיך באַזוכן,

איז ברענג מיר ווידער אַ סלאָיִק מאַלינעס־קאָנפּיטורן. זיי האָבן מיר זייער געשמעקט.

דער טעלעפאָן־געשפּרעך מיט מײַן מומען האָט מיך אַזוי דער־שעפּט, אַז כ׳האָב זיך אַ לאַנגע ווײַלע געמוזט צושפּאַרן אויפן בעט.

דאָס קלינגען צו מײַן שוועסטערקינד, דעם אַלטן קאַוואַליר, איז געווען לײַכטער און קירצער. זײַן באַלעבאָסטע, ביי וועלכער ער האָט געוווינט שוין יאָרן מיט יאָרן, האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז אין אויסלאַנד, געפאָרן צו אַ פילאַטעליסטן־אויסשטעלונג. ווען ער וועט צוריקקומען, האָט זי מיר פאַרזיכערט, וועט זי אים איבערגעבן די פינצטערע נײַעס און דערווײַל דריקט זי מיר אויס איר מיטגעפיל און ווינטשט מיר כ׳זאָל מער ניט וויסן פון קיין צער.

אַ האַלבן טאָג בין איך געווען פאַרנומען מיטן טעלעפאָן. כ׳האָב זיך פאַרבונדן מיט פרײַנד, חברים פון מײַנע קינדער־יאָרן, מיט וועלכע כ׳בין געזעסן אויף דער שולבאַנק און חברים פון מיליטער־דינסט (וואָס כ׳האָב, צוזאַמען מיט זיי, געשלונגען דעם שטויב פון מדבר סיני און דעם פּחד פון די אַרטילערישע אויפרײַסן), פונעם אַקאַדעמישן פּערסאָנאַל און קאָלעגן פונעם ספּאָרט־קלוב.

כ׳האָב ניט פאַרגעסן צו וויסן צו טאָן דעם „צער בעלי חיים״ פאַראיין, ווו כ׳האָב געפירט דעם פּאָרזיץ און אויך דעם פאַראיין פון „געשלאָגענע מענער״, פון וועלכן איך בין געווען דער איני־ציאַטאָר און, פאַרשטייט זיך, דער יושב־ראש.

צוליב אָט דעם פאַראיין האָב איך געהאַט אויסצושטיין אַ סך שטעכווערטער און צווײדײַטיקע שמייכלען. געווען אַפילו אַזעלכע, וואָס האָבן זיך ניט אײַנגעהאַלטן און אָפּגעלאַכט פון אונדז:

— שמאַטעס זײַט איר און ניט קיין מענער! ווו איז געהערט געוואָרן, אַז אַ פרוי גיט קלעפּ און דער מאַן באַהאַלט זיך אונטערן טיש?!

אויף טייל ערטער האָט מיר אויף דעם אָנגעדרייטן נומער

געענטפערט אַ „מאַשינקע", אַן אומפּערזענלעכע, אַ סטערילע שטים:

— נאָכן הערן דעם סיגנאַל, גיט איבער וואָס איר ווילט זאָגן. לאָזט איבער אײַער טעלעפאָן־נומער און בײַ דער ערשטער געלעגנהייט וועלן מיר זיך מיט אײַך פאַרבינדן.

כ'האָב קיין מאָל ניט ליב געהאַט צו „שמועסן" מיט אַ קאַלטן, מעכאַניזירטן גולם און בפרט נאָך איצט, ווען כ'האָב געהאַט אָנ־צוזאָגן די סאַמע טרויעריקסטע ידיעה.

ס'האָט מיר געפעלט די פּערזענלעכע, די וואַרעמע נאָענטקייט וואָס פליסט און נעמט דיך אַרום פון יענער זײַט טעלעפאָן, דער ספּאָנטאַנער אויסגעשריי:

— וואָס רעדסטו?! ס'איז ניט מעגלעך! ערשט יענע וואָך האָבן מיר צוזאַמען געשריבן אַ פּעטיציע צו דער כּנסת אַדורכצו־פירן אַ געזעץ וועגן „געשלאָגענע מענער"!

אָדער:

— ביסט אַראָפּ פון זינען? ערשט דאָ ניט לאַנג האָבן מיר געשפּילט אין טעניס. דערציייל דער באָבען, אַז ביסט געשטאָרבן! אַזאַ וויץ האַלט פאַרן ערשטן אַפּריל.

אויך די, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין „רעד־מאַשינקע" און כ'האָב זיי געטראָפן אין דער היים, האָבן זיך באַצויגן מיט רעזערוו צו מײַן אָנזאָג און מיך געבעטן, איך זאָל זיי ניט „פאַרדרייען דעם קאָפּ" מיט אַזעלכע גרויל־מעשיות, ווײַל דאָס „פּאַסט גאָרניט פאַר אַזאַ ערנסטן מענטש".

ווען כ'בין אָבער ניט אָפּגעטרעטן און באַשטאַנען אויף מײַנס און זיי געמאָלדן, אַז מאָרגן דרײַ אַ זייגער איז מײַן לוויה און אַ געדונגענער אויטאָבוס וועט זיי אָפּוואַרטן בײַ מײַן הויז און אַז אין די מאָרגנדיקע צײַטונגען וועלן זײַן נעקראָלאָגן, האָט די דערשטוינונג, דאָס ניט־גלויבן זיך פאַרביטן אויף זיפצן, אויף אַ געשטאַמל, אויף באַדויער־ווערטער, וואָס כ'האָב, בלית־ברירה, אַראָפּגעשלונגען ביזן סוף.

ווען די ליסטע פון די גערופענע צו מײַן לוויה האָט זיך כּמעט

ווי פאַרענדיקט, האָט זיך מײַן אויג פאַרהאַלטן אויפֿן אַדרעס פון מײַן געוועזענער פרוי.

כ׳האָב זיך געקווענקלט: יאָ אַנזאָגן איר. ניט אַנזאָגן? ווי וועט זי דאָס אויפנעמען? זי האָט מיר דאָך ניט איין מאָל געווונטשן דעם טויט. צי האָט זי דאָס געמיינט אויף אַן אמת? די יאָרן פון צעשיידונג האָבן אַ סך קאַנטן און שפּיצן פאַרקײַלעכט. אפשר האָט זי ווען ניט איז חרטה געהאַט? אפשר האָט זי, ווי איך, געהאָפט, אַז מיר וועלן זיך נאָך אַלעמען ווידער צונויפקומען? שווער צו זאָגן. איצטער בין איך טויט און אַלע מחשבות, אַלע חשבונות האָבן זיך פון זיך אַליין אַנולירט.

כ׳האָב צו איר אָנגעקלונגען. זי האָט זיך צעוויינט. אירע טרערן זענען געווען עכט און האָבן ממש געבריט. זיי זענען דורכגעדרונגען דורכן טרײַבל אין די אויערן אַרײַן און דורך זיי צוגעקומען צום האַרץ.

אין דעם מאָמענט האָב איך שטאַרק באַדויערט וואָס כ׳בין געשטאָרבן.

# די קוראָלאַפקע אָדער דאָס הינערישע פּיסל

מען האָט מיך אַוועקגענומען אין אַ זײַט צו קאָנטראָלירן די וואַליזעס.

פון דער גאַנצער פּאַסאַזשירן־רייַ, וואָס האָט געוואַרט און זיך פאַרויסגערוקט פּאַמעלעך צום אַרויסגאַנג, האָט מען דווקא מיך אויסגעקליבן.

אַזוי ווי כ׳האָב ניט געהאַט קיין שום פאַרדעכטיקטע זאַכן אין מײַן באַגאַזש, בין איך געווען רויִק און געענטפערט מיט אַ שמייכל אויף די אויסדרוקן פון מיטגעפיל, וואָס כ׳האָב באַמערקט אויף טייל פּנימער פון די מיטרײַזנדע.

דער קאָנטראָלער, וואָס האָט בודק געווען מײַנע צוויי וואַ־

ליזעס, האָט געטראָגן ווײַסע הענטשקעס און אָן אויפהער געקײַט מאַסטיק.

ער האָט מיר געהייסן עפענען די דעקלעך און מיט קענטיקער הנאה אַרײַנגעלאָזט זײַנע צוויי הענט צווישן די אַקוראַט אויסגע־לייגטע העמדער, שיך, הויזן און אַנדערע שאַלאַמויזן, וואָס מען נעמט מיט מיט זיך אין וועג אַרײַן. די אַקוראַט אויסגעסדרטע זאַכן האָבן אונטער דעם קאָנטראָלערס פלינקע הענט גענומען אַרויס־שפּרינגען, אַרויספּליִען פון די וואַליזעס, ווי זיי וואָלטן געווען לעבע־דיקע באַשעפענישן, וואָס אַנטלויפן פון אַ שׂרפה.

ער האָט יעדער טייל פון מײַן גאַרדעראָב אַרומגעטאַפּט פון אַלע זײַטן. ניט פאַרלאָזט זיך בלויז אויפן חוש־המישוש און די זאַכן אויפגעהויבן צום עלעקטרישן ליכט, אויף צו זען וואָס עס טוט זיך צווישן די געוועבן. דעם אַרויסגענומענעם טייפּרעקאָרדער איז ניט מעגלעך געווען דורכצולייכטן — האָט ער אים צעשרויפט. אַפילו די אָנגעטראָפענע טובעס ציינפּאַסטע געעפנט, אַ קוועטש געטאָן, כּדי זיך איבערצײַגן, אַז דאָס איז ניט מער ווי ציינפּאַסטע. ווען זײַנע אומגעדולדיקע הענט האָבן זיך דערקליבן צו דער פלאַש מיטן פראַנצויזישן קאָניאַק, האָט ער די פלאַש אַ לאַנגע ווײַלע באַטראַכט, ווי דאָס וואָלט געווען מי יודע וואָס פאַרא געפינס. איידער ער האָט די פלאַש אַוועקגעשטעלט אין אַ זײַט, האָט ער די געלב־גאָלדענע פליסיקייט צעטרייסלט און געוואַרט ביז דער קאָניאַק האָט זיך אײַנגעשטילט און זיך אַראָפּגעזעצט. באַלד נאָכן קאָניאַק, האָט זיך באַוויזן אויף דער אויבערפלאַך מײַן קליינער וועקזייגער, וואָס כ׳נעם מיט אין אַלע מײַנע רײַזעס. דעם וועק־זייגער האָט ער ניט צענומען, אָבער דעם גלאָק אויסגעפּרוווט איין מאָל און נאָך אַ מאָל, ביז עס איז אים נמאס געוואָרן די שפּיל.

ווען דער גאַנצער אינהאַלט פון די צוויי וואַליזעס איז שוין געווען צעוואָרפן און צעקנאָדערט אויפן ברייטן טיש, האָט דער קאָנטראָלער זיך גענומען צו די וואַליזעס. כ׳האָב מורא געהאַט, אַז פון זיי וועט גאָרניט בלײַבן. אָבער, ניין, זיי זענען געבליבן גאַנץ. ער האָט בלויז מיט אַ געניטער האַנט דאָ און דאָרט אַ קלאַפּ

געטאָן, אַ טאָפּ געטאָן, זיך צוגעהערט צום קלאַנג, וואָס דער קלאַפּ האָט אַרויסגערופן און מיט דעם זיך באַנוגנט.

איך האָב פאַר אים ניט עקזיסטירט. ער האָט מיך אויף אַ בולטן אופן איגנאָרירט. ער האָט מיך גאָרניט געפרעגט, גאָרניט געזאָגט. געבאַלעבאַטעוועט איבער מײַן פאַרמעג ווי דאָס וואָלט אויסשליסלעך צו אים געהערט און איך בין צופעליק, אָדער ניט צופעליק נאָר אַ זײַטיקער צוקוקער, וואָס טאָר זיך ניט מישן אין זײַנע געשעפטן.

ווען ער האָט ניט אַזוי געשווינד געפונען דאָס, וואָס ער האָט געזוכט, האָט מען גלײַך דערשפּירט אַן ענדערונג אין זײַן באַנע־מונג, אין זײַנע באַוועגונגען. ער האָט די אָנגעהויפּטע זאַכן גע־נומען אויף ס'נײַ טרייסלען, וועגן און מעסטן. ער האָט פאַר־שנעלערט דעם טעמפּאָ. די הענט האָבן שוין געאַרבעט אויף דער פולער פּאַרע. דאָס איז שוין גיכער געווען אַ מיל. אַרויף און אַראָפּ. געשווינד און געשווינדער. נאָר די ווײַסקייט פון די הענטשקעס האָט געמיניעט און געבלענדט פאַר מײַנע אויגן. פּאַראַלעל איז די געשווינדקייט פון קײַען דעם מאַסטיק געשטיגן פון מינוט צו מינוט.

פון זיך צופיל אײַלן, האָט מײַן קאָנטראָלער זיך באַגאָסן מיט שווייס. דער שווייס איז אים גערונען איבערן פּנים און אים פאַר־גאָסן די אויגן.

ווען עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז איך קוק מער אויף מײַנע צעוואָרפענע זאַכן ווי אויף אים, האָט ער אויסגעטאָן אַ הענטשקע, אויף אָפּצווישן זיך דאָס פּנים. כ'האָב צו מײַן גרויס שטוינען באַמערקט, אַז אָנשטאָט אַ האַנט, האָט דער פאַרשוין אַנטבלויזט אַ קוראָלאַפּקע, אַ הינעריש פיסל.

ווען ער האָט זיך געכאַפּט, אַז איך קוק ניט אין דער זײַט פון די וואַליזעס, נאָר מײַן בליק פאַרשט זײַן יעדער באַוועגונג, האָט ער בליץ־שנעל אָנגעטאָן די הענטשקע און ווי קיין מאָל גאָרניט געפלאָנדרעוועט מײַן האָב און גוטס.

הענט און פיס האָבן מיר געציטערט. דאָס מויל איז מיר פון שרעק אויסגעטריקנט געוואָרן. די צונג האָט זיך קוים, קוים באַ־

וועגט. כ׳האָב זיך אָבער פאַר יעדן פּרײַז געמוזט באַהערשן, אויב כ׳וויל אַרויס אַ גאַנצער פון זײַן רשות און ניט געניזוקט ווערן. מיט איבערמענטשלעכע כּוחות האָב איך געהאַמעוועט דעם פּחד, מען זאָל אים ניט אָנזען אין מײַן בליק און כ׳זאָל קאָנען ווײַטער אָנטייל נעמען אין דער שפּיל פון אַ קאָנטראָלער און אַ קאָנטראָ־לירטן. כ׳האָב זיך געמאַכט תּמעוואַטע, ווי ס׳וואָלט קיין שום זאַך ניט פּאַסירט און איך האָב גאָרניט, אָבער טאַקע גאָרניט געזען. דעריבער האָב איך זיך אָנגעשטרענגט און אים געבעטן אויף דעם נאַטירלעכסטן אופן (אַזוי האָט זיך מיר געדאַכט) אַז ער זאָל אַזוי ניט וואַרפן מײַנע זאַכן און זיך רעכענען מיט עמעצנס פּאַרמעג. ער האָט ווי ניט געהערט. כ׳האָב אים אויך געזאָגט, אַז כ׳וועל זיך אויף אים באַקלאָגן בײַ דער דירעקציע פונעם פּליפּעלד.

אויף דעם האָט ער זיך, ווײַזט אויס, ניט געריכט. מײַן גע־וואַגטקייט האָט אים אויף עטלעכע מינוט פּאַראַליזירט. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל ווי ער האָט זײַן קאָפּ אויסגעדרייט די־רעקט צו מיר און מיך אָפּגעמאָסטן פון קאָפּ ביז די פיס, כּדי זיך איבערצײַגן, אַז דאָס וואָס איז נאַר וואָס געזאָגט געוואָרן, איז געקומען פון מײַן מויל. אין זײַנע פּאַרוואַסערטע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן בייזע פײַערלעך. פון זײַן מויל האָט זיך אַרויס־געריסן אַ קורץ און שלעכט געהאַמעוועטער קריי:

— גיי. גיי. צו אַלדע שוואַרצע יאָר!

אָפּגעזאָגט דאָס, האָט ער זיך ווידער גענומען צום אײַליקן זוכעניש. צום סוף האָט ער זיך מיאש געווען. אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. פּאַרקרימט זיך. אויסגעשפּיגן דעם מאַסטיק און מיך איבערגעלאָזט מיט מײַן באַגאַזש.

כ׳האָב געשווינד, געשווינד אַרײַנגעוואָרפן אַלץ מיט אַלעמען אין די וואַליזעס. זיי האָבן זיך אָבער ניט געלאָזט צומאַכן, האָב איך זיי, מיט די צעעפנטע בײַכער, אַרויפגעוואָרפן אויפן וועגעלע, זיך אומגעקוקט צי דער הענטשקעוואַטער קומט ניט צוריק, צי ער האָט מיך טאַקע אויף אַן אמת אָפּגעלאָזט, צי כ׳בין ניצול געוואָרן פון זײַנע נעגל און כ׳בין וואָס גיכער אַרויס פונעם צאָלאַמט.

אויסערן צאָלאַמט האָב איך געפּרוּווט אויסדרן מײַן פאַרמעג אַקוראַט ווי פריִער. די זאַכן זענען געווען צו פיל דענערווירט. זיי האָבן זיך ניט געלאָזט אײַננעמען, ניט מיט גוטן און ניט מיט בייזן. זיי האָבן זיך געבונטעוועט און ניט צוגעלאָזט צו זיך. כ׳בין געצוווּנגען געווען צו קויפן אַ דריטע וואַליזע. ניט קיין וואַליזע, נאָר אַ וואַליזקעלע.

ערשט שפּעטער, אויפן וועג צו דער טאַקסי־סטאַציע, ווען כ׳האָב זיך אַ ביסל אָפּגעקילט פון דער ניט געוויינטלעכער סיטוּ־אַציע, האָט דער מוח אָנגעהויבן אַרבעטן, ווי אַ מוח אַרבעט אין נאָרמאַלע באַדינגונגען:

עס קאָן דאָך ניט זײַן, אַז בײַם סוף פונעם צוואַנציקסטן יאָר־הונדערט, ווען מע פליט מיט דזשעט־עראָפּלאַנען פון איין עק וועלט צום אַנדערן עק, ווען מען דערגרייכט שוין מיט ראַקעטן צו דער לבנה, אַז אין אַזאַ היפּער־מאָדערנער צײַט זאָל מען זיך אָנגעגענען מיט שדים, מיט ניט־גוטע, וואָס זייער אָרט איז אין די מעשׂה־ביכלעך.

כ׳האָב באַשלאָסן זיך אומקערן מיטן האַנטוועגעלע און מיטן באַגאַזש צום קאָנטראָל־פּלאַץ און זיך גוט, גוט אײַנקוקן אין אָט דער בריאה, וואָס האָט מיך אַזוי לײַכט געפאַנגען אין זײַנע נעצן און ווער ווייסט וואָס עס וואָלט ווײַטער געשען, ווען ער באַפרײַט מיך ניט באַצײַטנס.

ווען כ׳בין צוגעקומען צום פונקט, האָב איך שוין יענעם קאָנ־טראָלער מיט די ווײַסע הענטשקעס ניט געטראָפן און די, וואָס זענען דאָרט געשטאַנען, זענען געווען אָן הענטשקעס. נאָר דאָס קײַען מאַסטיק איז געווען ווי בײַ יענעם. יעדער פון זיי האָט גע־טראָגן אויפן לאַץ פונעם בגד אַ פּלאַסטיק־טעוועלע מיטן פאַמיליע־נאָמען, אויף עברית און אויף ענגליש און מיט אַ פּערזענלעכער פאָטאָגראַפיע. בײַ „מײַן" הענטשקעוואַטן האָב איך אַזאַ זאַך ניט באַמערקט.

זיי האָבן מיך העפלעך אויפגענומען און געפרעגט צי עס פעלט מיר עפּעס פונעם באַגאַזש, צי נויטיק איך זיך אין עפּעס אַן אינפאָרמאַציע, אָדער איך זוך עמעצן?

האָב איך זיי געזאָגט, אַז מיט אַ קאַרגער שעה צוריק בין איך דאָ פֿאַרהאַלטן געוואָרן דורך זייערס אַ קאָלעגע, וואָס האָט מיר באַפֿוילן צו עפֿענען די וואַליזעס — איז מעגלעך אים צו זען. ווײַל כ׳האָב מיט אים זייער אַ וויכטיקן ענין אויפֿצוקלערן?

זיי האָבן זיך איבערגעקוקט, אויף צו זען צי עס פֿעלט ניט עמעצער פֿון זייערע מיטאַרבעטער. איינער פֿון זיי, מיט אַ טעלע־פֿאָן־מכשיר אָנגעהאַנגען אויפֿן אַקסל, האָט זיך אָנגערופֿן פֿאַר־חידושט:

— מיר זענען אויף דער נאַכטדינסט פֿינף אויפֿזעער. מיט אַ שעה צוריק זענען מיר אויך געווען — פֿינף. חוץ אונדזער פֿער־סאָנאַל האָט קיינער ניט קיין רעכט צו פֿאַרהאַלטן, אָדער בײַ עמעצן קאָנטראָלירן דעם באַגאַזש — טאָ ווער איז געווען דער, וואָס האָט אײַך רעווידירט? אפֿשר ווייסט איר ווי ער הייסט, אָדער אפֿשר קאָנט איר אונדז אָפּמשלען זײַן אויסזען?

כ׳האָב ניט געוווּסט וואָס צו זאָגן. ס׳האָט זיך מיר ניט אײַנ־געקריצט אין זכרון קיין איין שטריך פֿון יענעמס אויסזען. ס׳איז בלויז אַ שעה אַריבער און איך האָב שוין ניט געדענקט צי יענער איז געווען יונג, אָדער אַלט. דיק, מיט אַ בײַכל, אָדער מאָגער — הויט אוןביין. הויך, צי נידעריק. פֿאַר מײַנע אויגן האָט בלויז פֿאַרבײַגעשוועבט זײַן באַוועגלער מויל, וואָס האָט אַזוי עקשנות־דיק און מיט התמדה געקייט דעם מאַסטיק, די ווײַסקייט פֿון זײַנע הענטשקעס און די קוראַלאַפּקע, דאָס הינערישע פּיסל, וואָס כ׳האָב אויף אַן אויגנבליק יאָ באַוויזן און ניט באַוויזן צו זען. זיי וואָלטן מיך, מן־הסתּם, אויסגעלאַכט — בין איך אַוועק.

כ׳בין שוין ניט אַזוי זיכער געווען צי דאָס, וואָס איז מיט מיר פֿאָרגעקומען, איז טאַקע אויף אַן אמת געשען. אפֿשר האָט מײַן ניט אויסגעשלאָפֿענער קאָפּ דאָס אַלץ אויסגעטראַכט? אפֿשר איז אַ מענטש מיט הינערישע פּיסלעך, אָנשטאָט הענט, געווען בלויז אַן אויסטראַכטעניש פֿון אַן איבער עלף־שעהדיקער אויסמאַטערנ־דיקער רײַזע מיטן עראָפּלאַן איבער די הימלדיקע הייכן פֿון גאָטס ברייטער וועלט?

די איינציקע, וואָס האָבן געקאָנט באַשטעטיקן, אַז דאָס, וואָס

כ׳דערציייל איז געשען אויף דער וואָר, זענען געווען די וואַליזעס, נאָר די וואַליזעס האָבן ניט די פעיִקייט צו רעדן. וועל איך אויך שווײַגן.

## צוויי פייגל־שרעקער

אין אַ גאָרטן פון גרינסן און בלומען זענען געשטאַנען צוויי פייגל־שרעקער.

איינער — אין אַ רויט־געשטרײַפט קליידל מיט לאַנגע אַרבל און אַ שטרויענעם הוט מיט אַ בלויער לענטע. די לענטע האָט זיך געחברט און אַרומגעשטיפט מיט די ווינטן און ווינטעלעך. גע־וואָלט זיך אָפרײַסן פונעם שטרויענעם הוט און מיטפליִען מיט זיי אין די ווײַטקייטן, נאָר דאָס איז דער לענטע ניט געלונגען.

דער צווייטער, דער זכר, איז געווען אַרײַנגעטאָן אין אַ פּאָר באַקי־הויזן און אין אַ געלאַטעט, אויסגעשוויצט העמדל. היות ווי דער שטעקן, וואָס האָט אַרויסגעשטאַרצט פונעם העמד, האָט ניט געהאַט אויף זײַן שפּיץ קיין טעמבעל־היטל, אָדער אַן אַנדערן צודעק, האָט ער אויסגעזען ווי אָן אַ קאָפּ.

זענען זיך די צוויי פייגל־שרעקער געשטאַנען אַזוי אַ וואָך און צוויי און מער. די הענט צעשפּרייט אין דער ברייט און אַרום זיי איז גאָרניט געשען.

קיינער האָט זיך אויף זיי ניט אומגעקוקט. קיינער האָט צו זיי ניט אויסגערעדט קיין וואָרט. קיינער האָט קיין מאָל זיי בײַם נאָמען ניט גערופן. זיי אַליין האָבן אויך ניט געוווּסט ווי זיי הייסן, פּונקט ווי ניט געוווּסט ווער עס דאַרף זיי, ווער האָט זיי דאָ אַהער־געשיקט, מיט וועלכער שליחות, ווער האָט זיי באַשאַפן און באַ־פוילן: שטייט! — זענען זייערע שטומע טעג ווי געקעפּטע אַרײַנ־געפאַלן אינעם קויש פון דער נאַכט.

פאַר זיך האָבן די פייגל־שרעקער געהאַט אַ פּלויטל. איבער

זיך דעם הימל מיט דעם בראַנדראָד פון דער זון. זיי האָבן אין זיך אַרײַנגעאָטעמט דעם שטויב, די היץ און דעם ביטערן טעם פון אומזיסט פאַרטאַכלעוועטער צײַט.

בײַ נאַכט, ווען די פינצטערניש האָט זיי פונאַנדערגעטיילט און שווערע שטיקער חושך האָבן זיך אַראָפּגעזעצט אויף זייערע מידע אָרעמס, זענען זיי נאָך עלנטער, נאָך פאַרלאָזענער געווען.

זייערע הענט האָבן זיך קיין מאָל ניט באַגעגנט. ס׳האָט איינער דעם אַנדערן ניט אָנגערירט, ניט אַרומגענומען. ניט צוגעטוליעט צו זיך. געשטאַנען אַזוי נאָענט און אַזוי ווײַט.

די פייגל־שרעקער האָבן מקנא געווען די ביימער פון יענער זײַט פלויט. די ביימער זענען אויך ווי זיי געשטאַנען אויף איין און דעם זעלבן אָרט, אָבער זייערע צווײַגן האָבן געשאָרכט און גערוישט, זיך אײַנגעבויגן און אויסגעגלײַכט. צונויפגעפלאָכטן און זיך צעשיידט.

עס האָט זיי פאַרדראָסן וואָס די פייגל האָבן זיי אויסגעמיטן, געפלויגן און זיך באַזעצט דווקא אויף די ביימער־צווײַגן. דאָרט, צווישן די בלעטער געריייניקט די פליגעלער. געשאַרפט די שנאָ־בעלער. געזמרט די ניגונדלער. געפלאָכטן נעסטעלער. אין די נעסטן אויסגעבריט זייערע אייעלער.

די פייגל־שרעקער האָבן תּרעומות געהאַט צום פלויטל וואָס האָט זיי פאַרשטעלט דעם טאָג, וואָס האָט זיי פאַרשמעלערט די וועלט. אָן אַ צוים וואָלטן זיי אפשר זיך געקאָנט אַ ריר טאָן פון אָרט, אַרויס צו די פעלדער, צו די אַרומיקע היגלען. גיין. לויפן. זיך זעצן. אויסציען זיך אין גראָז, צונויפנעמען די פאַרחלשטע הענט און זיך איין מאָל כאָטש אויסשלאָפן ליגנדיק און ניט אָפּ־קומען מיט אַ געכאַפּטן שלאָף אויף איין פוס.

זיי האָבן זיך אויף שטום־לשון געבעטן בײַ די בלומען: — גיט אונדז אײַערע קאָלירן, אײַערע זאַפטן, אײַערע דופטן. בלויז אויף אַ ווײַלע, אַ ווײַלינקע לאָמיר טוישן די ערטער.

די בלומען האָבן זיי ניט געהערט. געווען פאַרטאָן מיט זיך: ווער ס׳איז שענער, בונטער, ווער עס שמעקט שטאַרקער און די

קעפּלער אָפּגעקערט פון די פייגל־שרעקער ניט אַרײַנצוקוקן זיי אין פּנים.

די גרינסן האָבן זייערע קעפּ טיף אין דער ערד אַרײַנגעקנאָטן ווי זיי וואָלטן זיך געשעמט, ווי זיי וואָלטן זיך געפילט שולדיק וואָס מען האָט געלאָזן דאָס רויט־געשטרײַפטע קליידל מיטן שטרויענעם הוט און בלויען באַנד און דעם, אין די כאַקי־הויזן, אינעם אויסגעשוויצטן העמדל מיט די ברייט־צעשפּרייטע הענט און אָנגעדראָלענע פיס הפקר אויף גאָטס באַראָט.

# גילגול־נשמות

## א

אין די תחינות ווערט געזאָגט:

„רבונו־של־עולם, האַר פון דער וועלט, וואָס דו ביסט דער באַשאַפער פונעם מענטש, וואָס דו האָסט אים געגעבן אַ גוף מיט אַ נשמה. דער גוף איז שטויב פון דער ערד און די נשמה איז גענומען געוואָרן פון אונטער דײַן הייליקן כסא־הכבוד, און ווען דער מענטש שטאַרבט צעשיידן זיי זיך. יעדער פון זיי גייט אַוועק צו זײַן אָרט".

דער גוף, ווייסן מיר, ווערט אומגעקערט צו דער ערד, און די נשמה? גייט זי טאַקע צוריק צום כסא־הכבוד? אפשר קערט זי זיך צו קיינעם און אין ערגעץ ניט אום? אפשר קרײַזט זי, רײַזט זי אַרום אין אַ הוילעניש, אַ צעפּוילעניש, אַ צעפּאַלעניש, און פּונקט ווי דער גוף אין דער ערד, אַזוי טוט זי זיך אויפּלייזן אין דער לופט?

ליבער גאָט, וואָס געשעט מיט אַ נשמה פון אַ בלום, אַ טויב, פון אַ מוראַשקע וואָס קריכט, פון אַ מילב? צי האָבן ווערטער אויך נש־מות? און אַן איינטאָגיק פלאַטערל — הערט ווער זײַן זיפץ, זײַן באַ־גער, זײַן תפילה נאָך אַ ברעקל זון? און, להבדיל, וווּלקאַנען, וואָס

שפּײַען מיט פײַער און לאַווע, צי האָבן זײ אויך נשמות? ווען יאָ, טאָ פאַר וואָס קאָכן און זידן זײערע אינגעווײדן אָן אָפּהאַלט, אָן אויפהער? פאַר וואָס צאַרענען זײ, צעשטערן זײ, און זענען אַלץ ניט צופרידן, אַלץ ניט געזעטיקט?

וואָס געשעט מיט דער נשמה פון אַ בוים, וואָס האָט ניט קײן מויל, וואָס רעדט ניט מיט ווערטער — געהערט זי אויך צום כּסא־הכּבוד? און וואָס געשעט ווען מען טוט דעם בוים צעזעגן? ווערט זײַן נשמה אויך צעזעגט, און אַ ניצוץ פון איר גײט מיט אין זײַן נײַעם אומוואַנדל פון אַ טיר, אַ פענצטער, אַ בענקל? בלײַבט אין זײ עפּעס אַ פונק, אַ געדענקל פון דעם בײמערישן אַמאָל?

און דער ים? דער ברײטער, דער ווײַטער, דער אָפענער ים, וואָס קאָן זײַן קאַפּריזנע־ווילד, שלײַדערן זײַנע אויפגעשווידערטע גרונטן צו די הײכן, און די הײכן בגוואַלד אַראָפּנידערן צו די דנאָען. צי אויך אין ים שטעקט אַ נשמה? אין וועלכן טײל פון זײַן ימישן גוף שטעקט זי? צי אין סטיכישן אויפברויז, צי ווען דער ים איז ווײך אַזוי, מילד אַזוי, ווי אַ שלאָפנדיק פאַרוויגט קינד מיט אַ זונשטראַל אויף די ליפּן?

און אַ פידל, רבונו־של־עולם, אַ פידל? פאַר וואָס דרעמלט איר נשמה צווישן די סטרונעס און נאָר אַ מענטשנקינד, וואָס דײַן שכינה רוט אויף אים, קאָן זי דערוועקן? פאַר וואָס קאָנסטו אַלײן ניט מאַכן אויפציטערן אירע סטרונעס מיט דײַן געטלעכן אָטעם און לאָזן איר נשמה פרײַ און פרײַער אויסזינגען דאָס אײ־ביקע ליד, און דורכן געזאַנג אומוואַרפן די מחיצה וואָס טײלט דיך אָפּ פון מענטש און די מחיצה וואָס טײלט אָפּ מענטש פון מענטש, און זאָל שוין אײן מאָל פאַר אַלע מאָל דײַן גײַסט באַ־שטראַלן אַלץ וואָס גײט און לויפט, וואָס קריכט און פויזעט, וואָס וואַקסט און בליט, וואָס פליט און קניט, און וואָס הײבט זיך און דערהײבט זיך לעולם־ועד?!

## ב

מײַן גאָט, די נשמה וואָס דו האָסט מיר געגעבן, וואָס דו

האָסט זי געפורעמט, וואָס דו האָסט זי אין מיר אַרײַנגעבלאָזן און דו היטסט זי אין מיר, און דו טוסט זי צונעמען פון מיר יעדע נאַכט, און קערסט זי אום יעדן אינדערפרי — טו איך דיך דערפאַר אַכפּערן און דיר דאַנקען.

גאָט פון מײַנע עלטערן און אורעלטערן, האַר פון אַלע נשמות, פון אַלע וועלטן, קיניג פון אַלע קיניגן, ויאָס די גאַנצע וועלט איז פול מיט דײַן כּבוד, פול מיט לויב צו דיר — און איך בין שטום. מײַנע לעפצן זענען פאַרמאַכט. מײַן נשמה איז מיד. ניט פון אַלטקייט, ניט פון כּפירה, חלילה, נאָר פון דער צו שווערער משׂא וואָס זי טראָגט און וועט זי שוין טראָגן ביז צום מאָמענט, ווען דו וועסט מיר אַ קוש טאָן אין שטערן און די נשמה אַרויפ־הייבן צו די שטערן, און אפשר נאָך העכער, צום סאַמע כּסא־הכּבוד.

קיינער האָט די נשמה ניט געצווונגען, און זיכער ניט דו, צו נעמען אויף אירע פליגל אַזוי פיל מענטשלעכע זיפצן, אַזוי פיל ווייגעשרײַען און תּחנונים, אײַנזאַפּן אין זיך דעם לעצטן ציטער פון אַ געשאָכטענעם אָקס, פון אַן אונטערגעהאַקטן בוים, פון אַ פאַרברענטער זאַנג. עס טוט באַנג. אוי ווי עס טוט באַנג דער פאַרגאַנג פון טאָג, וואָס גייט אָפּ מיט אַזוי פיל בלוט. די נשמה קאָן זיך מיט דעם קיין עצה ניט געבן. עס ווילט זיך איר שוועבן, פליִען, געניסן פון אַלע שיינקייטן, וואָס גאָט ברוך־הוא האָט מיט אַזאַ ברייטער האַנט צעשפּרייט איבער לאַנד און לענדער.

כּל זמן שהנשמה בקרבי, ווי לאַנג די נשמה איז אין מיר, וויל זי אַ טיר, אַן אָפּן פענצטער צו אַלע ווײַטקייטן, טיפענישן, הויכקייטן. וויל זי זינגען אַ שיר־המעלות צום ערשט־געבוירענעם, וואָס גיט דעם ערשטן געשרײַ און זאָגט אָן, אַז אַ נײַ נפשל איז דאָ און אַז דאָס נײַע נפשל ברענגט מיט זיך אַ נײַע נשמה, און מיט נײַע נשמות איז פריילעכער, איז לײַכטער צו שוועבן.

איז וואָס וועט טאָקע זײַן מיט דער שוועבעניש, אַז אין מײַן נשמה איז פאַראַן אַזוי פיל באַגרעבעניש פון אָפּגעהאַקטע טעג און פאַרשניטענע יאָרן, פון פאַראָבלטע נשמות וואָס בלאָנדזשען

נאָך אַלץ אַרום און געפינען ניט מער דעם וועג צו מײַן מידן זכּרון ?

ג

זיי, דער ערב־רב, דער געמיש פון פאָלק, האָבן דיר, מײַן האַר, געזען בײַם באַרג סיני אין יענע אוראַלטע צײַטן.

האָב איך צו מײַן נשמה געזאָגט : פאַר וואָס קאָן דאָס ניט געשען איצט ? פאַר וואָס קאָן זיך דאָס ניט איבערחזרן אין אונדזערע טעג, בפרט ווען די נשמה זוכט אַן אָנשפּאַר און אַ שטאַרקונג, ווען דער גאַנצער אַרום איז צערודערט און קרישלט זיך ?

בײַ נאַכט, בײַם שלאָפן גיין, ווען די נשמה טיילט זיך אָפּ פון גוף, האָב איך זי געבעטן און באַשווירן, צו לאָזן זיך צום הר סיני. אפשר וועט איר אָפּגליקן און זי, דווקא זי, מײַן לײַדנדיקע נשמה, וועט זיך מיט דיר, גאָט, מײַן גאָט, טרעפן, און פון דער טרעפונג וועט זי גענעזן ווערן און ברענגען אַ דערפרישונג פאַר מײַן גוף.

און נאָך אַ זאַך האָב איך געבעטן בײַ מײַן נשמה : זי זאָל אויפן סאַמע שפּיץ פון דעם באַרג סיני זמירות זינגען פאַר דיר. מיט דער גאַנצער קראַפט פון מתיקות, האָט זי זמירות געזונגען :

**מײַן לויב זאָל זײַן אַ קרוין צו דײַן קאָפּ**
**און מײַן תּפילה זאָל זײַן אָנגעברייט**
**פאַר דיר,**
**ווי קטורת־הסמים וואָס די כּהנים**
**האָבן מקטר געווען אין הייליקן**
**בית־המיקדש.**

ס'האָבן זיך צום געזאַנג צוגעהערט די שטומע און שטרענגע באַרגפעלדזן. ביסלעכווײַז האָט זייער שטומקייט נאָכגעלאָזט. דער מיזמור האָט זיי אַרויסגעריסן פונעם גליווער און זיי האָבן מיטגעזונגען מיטן זעלבן ברען און אייפער.

אַ נײַגעריק וואָלקנדל, וואָס איז צופעליק פאַרבײַגעשווומען, האָט אין מיטן שווימען זיך פאַרהאַלטן און, הוידענדיק זיך צוזאַמען מיט די קלאַנגען, געצויגן און צעדריוולט די ווײַסע פעדעם פון זײַן לופטיקן געוועב.

אַ מאַכטיקער פויגל מיט מאַכטיקע פליגל האָט פון זײַן קרומען שנאָבל אַרויסגעלאָזט דעם רויב און, באַצויבערט פונעם מיזמור, מיטגעברומט זײַן חלק לויב צום גאַנצן באַשאַף.

עטלעכע פאַרוואָגלטע גראָזן, וואָס דער ווינט האָט זיי פאַרבלאָזן, האָבן אַרויסגעהויבן פון שטיינשפּאַלט זייער ביסל נישטיק גרינס און ווי ניט איז זיך געהאַלטן אויף דער אייבערפלאַך, כּדי זיי זאָלן קאָנען בעסער הערן דעם מיזמור־שיר פון דער נשמה.

פון ערגעץ־ווו איז געקומען פאַרסאַפּעט און פאַרשמאַכט אַ פאַרקאָלטנטער באַראַן מיט געדרייטע הערנער. די נשמה האָט צו ערשט אויף אים קיין אַכט ניט געלייגט, נאָר אַז ער איז פּלוצעם פאַרשווונדן, האָט די נשמה אויפגעציטערט פון קלעמונג און באַדויער. אפשר האָט זיך אין הימל פאָרט געעפנט אַ טויער און דער רוח־הקודש אין אַ באַראַנישער פעל איז געקומען הערן דאָס געזאַנג און געברענגט די געגאַרטע היילונג, וויי צו מיר. זי האָט עס צו שפּעט באַמערקט, ניט פאַרשטאַנען, אַז זי האָט פאַרפעלט און פאַרשפּילט די איינציקע מינוט פון חסד און גנאָד, וואָס וועט זיך שוין קיין מאָל, קיין מאָל ניט איבערחזרן.

## חלום חלמתי

### 1

כ׳האָב אַ חלום געהאַט. כ׳האָב געהאַט אַ חלום און אין חלום בין איך געלעגן טויט צווישן די פיר וויסטע חלום־ווענט, אויף אַ גליטשיק־קאַלטן חלום־דיל, לעבן אַ פאַרהאַק־

טער, זשאַווערנדיקער חלום־טיר, וואָס עפֿנט זיך זעלטן, וואָס עפֿנט זיך פֿויל און לאָזט דערבײַ אַרויס פֿון זיך אַ קוויטשענדיקן גרילץ, וואָס איז פֿול מיט גרויל.

מײַן שטערן בלײַך. אויגן ווי גלאָז. פֿאַרשפּיצט די נאָז. די הענט אין פֿויסטן פֿאַרקלעמט און די פֿיס ווײַסער ווי דאָס ווײַסע תּכריכים־העמד.

אַ שוואַרצער משרת פֿונעם שוואַרצן חלום האָט אַ געגנדזענע פֿעדער אַ פֿיר געטאָן פֿאַר מײַן נאָז. די נאָז האָט ניט געגעבן קיין בלעזעלע, קיין בלאָז. אַ שפּיגעלע געשטעלט צו די ליפּן. געטאַפּט די ריפּן, צוגעלייגט אַן אויער צו דער ברוסט. דעם דופק געמאָסטן. ס'איז אַלץ געווען אומזיסט. ס'איז אַלץ געווען פֿאַרפֿאַלן. איך בין געווען טויט. אַריבער אויף דער צווייטער זײַט פֿון צײַט. פֿון צײַט אַן ווײַזערס וואָס גייט און גייט און גליי־ווערט אויף איין אָרט.

עמעצער מיט אַ וויינענדיקער שטים מאַכט שוין איבער מיר אַן אל־מלא־רחמים און בעט בײַ גאָט:

**„מאַך גרייכן אַ רעכטע רו פֿאַר אים אין שיץ פֿון דער שכינה.**
**זײַן רו זאָל זײַן אין גן־עדן,**
**צו גלײַך מיט אַלע הייליקע און צדיקים.**
**זאָל דער אייבערשטער אים באַהאַלטן,**
**אין זײַן באַהעלטעניש אויף אייביק,**
**און דער דערבאַרעמדיקער זאָל אײַנבינדן**
**אין בונד פֿון לעבן זײַן נשמה.“**

**איז וועל איך אויף אַן אמת ניט זען מער די ליכטיקע וועלט ?**
**ניט פֿלאַנצן קיין ביימל ?**
**ניט קאַנדידירן פֿאַר אַ פּרעזידענט**
**און האַלטן פֿעסט די מאַכט אין די הענט ?**

**כ'האָב ניט באַוויזן צו ווערן אַ חוזר־בתּשובה.**
**ניט דערגאַנגען צום טעם פֿון לעבן.**

ניט דערגרונטעוועט דעם שורש פון עקזיסטענץ.
ניט געשאַפן קיין געטלעכע מוזיק.
ניט אַריבערגעשפּרײַזט די פאַרבאָטענע בריק
וואָס פירט צו דעם אייביקן גליק.
ניט געזאַמלט קיין מאַרקעס.
ניט געהאָדעוועט קיין שלענג.
ניט פאַרפאַסט דאָס מאָנומענטאַלסטע ווערק
וואָס מען וועט לערנען אין די קלאַסן
און רעציטירן אויף די מערק און אין די גאַסן.
כ'האָב אַפילו ניט דערגרייכט דעם פּרײַז פאַר שלום,
ווײַל כ'בין געלעגן מיט אויסגעצויגענע פיס
אין דער סאַמער טיף פון אַ פאַרפלאָנטערטן חלום.

## 2

אַ שוואַרצע קראָ קלאַפּט מיט שוואַרצע פליגל אין מײַן שויב:

— האָסט מיך באַרויבט. צעשטערט מײַן נעסט! דו ווערסט, דו ווערסט פאַר דעם באַצאָלן! עס וועט דיך ניט אויסמײַדן די שטראָף! איך האָף, אַז דער טאָג פון נקמה איז ניט ווײַט!

אַ שוואַרצע קראָ קראַקעט אַרײַן דורך דער שויב איר צאָרן:

— האָסט מײַן קליינוואַרג, מײַנע פּיצלער, וואָס זענען נאָך געווען האַלב בלינד, האַלב נאַקעט, מיט אַ שטעקן געטייט און צעשמעטערט די נעסט, וואָס כ'האָב מיט אַזוי פיל מי, מיט אַזוי פיל ליבע און געטרײַשאַפט פון צווײַגלעך, פון ריטלער און פון שטרוי געבויט. עס וועט קומען אַ צײַט ווען כ'וועל שינדן דײַן הויט, כ'וועל פרעסן דײַן לעבער — דו טעמפּער, דו האַרצלאָזער שלעגער!

אַ שוואַרצע קראָ מיט אַ שפּיץ־שפּיציקן שנאָבל און מיט אויסגעשאַרפטע נעגל גרײַפט אָן מײַן שויב:

— פאַר דיר איז דאָס געווען אַזאַ מין שפּיל. אָן מחשבה.

אָן געפיל. געדענקסט אַפּילו ניט דעם טאָג און די שעה ווען האָסט פון דער נעסט, אויפן בוים, פאַריאָגט די מאַמע־קראָ און מיט איין האַנטבאַוועג צוויי לעבנס אָפּגעמעקט.

שרעקט עס דיך? לאָזט עס דיך רויִק שלאָפן בײַ נאַכט?! איך, אָבער, איך בין וואַך. איך, אָבער, טשאַטעווע. מעגסט אַפילו דײַן פענצטער פאַרקראַטעווען. אַלץ איינס וועל איך דיך דער־גרייכן. כ׳וועל זיך מיטן גאַנצן אימפּעט אַראָפּלאָזן פון די הייכן און אויספּיקן דיר די אויגן און צעשטערן דיר דעם מוח!

זאָל מיר נאָר גאָט, אָדער דער טײַוול, געבן מוט, געבן כּוח!

מעגסט זיך פאַרשטעלן פאַר אַ פרוי, פאַרבן די האָר אויף גרוי. מעגסט אויסמײַדן צו גיין אינעם טאָגיקן ליכט. מעגסט בייטן דעם מאַרשרוט פון די וועגן. דײַן געזיכט איז טיף פאַרקריצט אין מײַן קראַנקן זכרון. איך וועל דיך אָפּזוכן סײַ אין שטורעם, סיי אין רעגן. כ׳וועל דיך אַלץ איינס דערקענען. כ׳וועל דיך אַלץ איינס דערשפּירן און זיך פאַסמאַקעווען מיט דײַנע געדערעם, מיט דײַנע געהירן.

אַ שוואַרצע קראָ מיט אַ שוואַרצער בשׂורה האָט פונעם חלום די שויב צעקרישלט אויף דרויב און מיטן ערשטן קריי פון האָן האָט זיך דער בייזער חלום פון מיר אָפּגעטאָן און אַוועק צו אַל די שוואַרצע יאָר.

## גאָט, וואָס האָסט פאַרשטענדעניש

גאָט, וואָס האָסט פאַרשטענדעניש פאַר יעדן ווערעמל וואָס אויף דער ערד און אונטער דער ערד, פאַר דעם מינדסטן גרעזל — איז פאַר וואָס בין איך אויסגעהוילט און ניט אויסגעהיילט?

פאַר וואָס גרווילט עס מיך אַזוי? פאַר וואָס וואַרפט זיך דאָס האַרץ אין מיר ווי דער סמבטיון?

פאַר וואָס רײַסן מיך די מחשבות און שלעפּן מיך נאָך אַלץ

אַוועק הינטער די הרי־חושך, אָן צו קאָנען זיך פאַרטיידיקן, אַז דאָס שטיקל לעבן, וואָס האָסט מיר געגעבן, איז ניט אויף קיינעמס חשבון. אַז דו האָסט ניט געהאַט קיין טעות ביַים באַ־שטימען מי לחיים ומי למוות.

**טייל מאָל, אָבער, דאַכט זיך מיר, אַז דאָס ברויט וואָס כ'עס, איז לחם־חסד, אַז די זון טוט מיַין יעדן טראָט בראָטן, אַז דער בוים קאַרגט מיר זיַין שאָטן, אַז די בלום דרייט אָפּ איר קעפּל און וויל מיר ניט שענקען איר דופט. אַז ווען כ'מאַך אויף דעם פענצטער, פאַרהאַלט די נאַכט איר אָפּגעקילטע לופט.**

ס'קאָן זיַין, אַז כ'בין ניט ווערט צו שטיין פאַר דיר גע־בויגן — איז געדענק מיר דעם זכות פון אונדזער פאָטער אַברהם, וואָס האָט געמאַכט אַכפּערן דיַין נאָמען אויף גאָר דער וועלט.

געדענק מיר דעם זכות פון אונדזער פאָטער יצחק, וואָס איז געפירט געוואָרן צו דער עקדה, כּדי צו דערפילן דיַין ווילן און דיַין געבאָט און זיַין האַלדז געשטרעקט צום שעכטמעסער.

געדענק מיר דעם זכות פון אונדזער פאָטער יעקב, וואָס פון וועגן די ברכות האָט ער גלות געליטן צוויי און צוואַנציק יאָר.

מיַין זכרון בלאָנקעט שוין אום צוויי מאָל צוויי און צוואַנציק יאָר אין דער וויסטעניש פון אַש און ביין און עס איז אין אים ניט געמינערט געוואָרן אויף אַ האָר דאָס געוויין און דאָס געשריַי פון אַזוי פיל מיַילער, פון אַזוי פיל אויגן.

עס האָט זיך נאָך אַלץ ניט פאַרצויגן אין מיַין נפש דאָס היַיטל פון פאַרגעסן.

נאָכן אַרויסקומען פונעם קאַלכאויוון, האָב איך דיר ווידער־געשפעניקט. כ'האָב דיך דערצאָרנט מיטן גאַל פון מיַין צונג. האָסט זיך דאָך שטענדיק באַרימט, אַז דער מענטש איז די קרוין פון דיַין צירונג.

וואָס איז פונעם מענטש געוואָרן און וואָס — פון דער קרוין ? !

מיַין נפש קאָן זיך מער ניט פּלאָגן. מאַך, אַז עס זאָל פאַר־שווינדן, עס זאָל פאַרביַי און עס זאָלן זיך פון מיר אָפּטראָגן אַלע

מראות, מוראס, מרה־שחורהס ביזן סוף פון די טעג. ביזן סוף פון די יאָרן.

# בילדער פון מײַן ליטעראַרישן אַלבאָם

## אין מיטן װינטער. אין מיטן טאָג. אין מיטן גאַס

אין מיטן װינטער. אין מיטן טאָג. אין מיטן גאַס איז אַ בלאַט־צײַטונג אַראָפּ פון זינען. געטאָן אַ װילדן שפּרונג און אַ פֿאַל. אַ פֿאַל און אַ לויף. פֿאָרויס און צוריק. אין דער הייך און אין דער נידער און װידער — אַלץ געשװינדער און געשװינדער גע־ביטן די ערטער. דאָ צוגעפֿאַלן צו אַ װאַנט, דאָרט אָנגעכאַפּט זיך אָן אַ טרעפּל און שוין זיך געקלאַמערט בײַ אַ גלעזערנער טיר און מיט אַלע אותיות פֿונעם אַלף־בית געגעבן צו װיסן אויף איר פּאַפּיר־צעשאָרבעטער שפּראַך, אַז אַן אויסװורף, אַ שאַרלאַטאַן האָט מיט אַכט כּשרע ייִדישע טעכטער, אין אַכט פֿאַרשיידענע שטעט פֿון דער מדינה, חתונה געהאַט און, פֿאַר קיינעם ניט גע־דאַכט, די אַכט שװיגערס פֿון די אַכט טעכטער אָפּגעסמט. אָפּגע־סמט — און פֿאַרשװוּנדן. װי עס פֿאַרשװינדט אַ רויך און אַ נעפּל. װי עס צעגייט אײַז און װערט װאַסער. װי עס װערט ניט דער טאָג דער בלאַסער. עס איז פֿון אים ניט געבליבן קיין פֿאָטאָ־גראַפֿיע. די אַכט אַנטוישטע מיידלעך װייסן אַפֿילו ניט גענוי זײַן ביאָגראַפֿיע. יעדער פֿון זיי מאָלט אים אַנדערש. יעדער פֿון זיי פֿילט אים אַנדערש. נאָר אַלע אַכט, װי זיך צונױפֿגערעדט, האַלטן אַז ער איז אַ יונג אַ פּראַכט. און זיי בענקען נאָך זײַן שטים. און זיי חלומען נאָך זײַן באַריר.

די פּאָליציי זוכט. די פּאָליציי פֿאָרשט. די פּאָליציי איז צע־טומלט און די אַכט מיידלעך נעבעך װיינען און קלאָגן װאָס מע האָט זיי אויף אַזאַ מיאוסן אופֿן אָפּגענאַרט און אַזױ נאַריש און אַזױ לײַכט פֿאַרפֿירט.

איז אָנגעפאָרן מיט אימפּעט אַ שווערע מאַשין. אַ לאַסט־אויטאָ אַ ריז, אַ מאָנסטער, און מיטן רעש פון די אַכט אומגע־לומפּערט־גרויסע רעדער אַרײַנגעקוועטשט אין פּײַכטן ברוק די צעדולטע צײַטונג. אַ סוף געמאַכט צו איר יונג לעבן און צוזאַמען מיט איר — צו אַלע אותיות פונעם אַלף־בית, וואָס האָבן זיך ניט געקאָנט אַן עצה געבן מיט דער ידיעה וועגן די אַכט פאַר־שעמטע יידישע טעכטער און זייערע פאַרסמטע מאַמעס.

דער לאַסטאויטאָ איז אַוועק. דער רעש פון די אַכט רעדער — זיך אײַנגעשטילט, און קיין איין דורכגייער האָט ניט באַמערקט און ניט געאַנט פון דער טראַגעדיע, וואָס האָט זיך ערשט, אָקערשט, אָפּגעשפּילט פאַר זײַנע אויגן.

## איך — דאָס ייִנגל. איך — דער זקן

איך — דאָס ייִנגל.

איך — דער זקן.

ס'האָבן זיך ביידע צופּעליק, אָדער גאָרניט אַזוי צופּעליק, געטראָפן. דער אַלטער קאָן זיך שווערן, אַז דאָס איז געשען אויף דער וואָר און ניט אין חלום, ווען ער איז געשלאָפן.

דאָס ייִנגל קוקט אויפן אַלטן. דער אַלטער קוקט אויפן ייִנגל, און איידער וואָס און איידער ווען — רופט זיך אָפּ דאָס קינד צום אַלטן:

— לאָמיר זיך שפּילן אין באַהעלטעניש. לאָמיר זאָגן אַ שפּראַך און אויף וועמען פון אונדז עס וועט אויספאַלן צו זאָגן דאָס לעצטע וואָרט פונעם שפּראַך — וועט מוזן זיך פאַרשטעלן די אויגן, און דער צווייטער — זיך באַהאַלטן. איז לאָמיר אָנהייבן:

**טראָן, טראָן,**
**טיקאַ, טעלאַ,**
**מישאַ, מאַשאַ,**
**קאָמפּאַצעלאַ —**
**קאָמפּאַ אַ,**

**קאַמפּאַ בע,**
**מישאַ, מאַשאַ**
**קאַמפּאַ צע!**

— אויף דיר, אַלטינקער, איז אויסגעפאַלן דער קאַמפּאַ צע — איז פאַרשטעל די אויגן מיט דער האַנט און זוך מיר, זוך מיך! אויב וועסט מיך אויף ס'נײַ אָפּזוכן. אויב עס וועט דיר געראָטן מיך צוריק געפינען, וועלן מיר זיך מער ניט שיידן, און אין פרידן צוזאַמען שפּינען, צוזאַמען וועבן די פאַרתּכלעוועטע, צעטרענצלטע יוגנט־יאָרן פון אונדזער לעבן.

— וואַרט אַ ווײַלע — בעט זיך דער זקן — אַנטלויף מיר ניט. ווער מיר ניט אַנטרונען. כ'האָב דיך קוים צוריק געפונען. איך און דו. דו און איך — איין גוף, איין נשמה.

— ס'פעלט מיר דאָס קינדערישע תּמימות, ווען אַ שטעקן איז אַ פערד און די ערד ציטערט אַזש אונטער דעם גאַלאָפּ פון די פערדישע פּאָדקעוועס. ס'פעלט מיר דאָס יִינגלישע לאַכן, דער ניט־באַרעכנטער שפּרונג פון אַ דאַך, דאָס יאָגן זיך נאָך פלאַטער־לער, נאָך טויבן, און גלייבן אַז דער טײַך איז נאָר באַשאַפן גע־וואָרן פאַר דיר, און אַז דעם גלחס עפּל — כאָטש אַרומגעצוימט פון אַלע זײַטן מיט אַ פּלויט — וועלן בלויז אויף דיר וואַרטן און ניט פאַרבײַטן דיך מיט קיין אַנדער יִינגל פון דער גאַס.

דאָס יִינגל — אויס, און דער טאָג איז נאָך גרויס, הייבט ער זײַנע אַלטע פיס, דער זקן. ס'איז פאַר אים אַ פאַרשטויבטער וועג, און פון בײַדע זײַטן — פעלדער גרינע, וואָס האָבן ניט קיין סוף. קומט אים אַנטקעגן אַ פּויערישער וואָגן. אויפן וואָגן — אַ געבונדן קעלבל. פאַרהאַלט דער פּויער פערד־און־וואָגן און הערט אויס דעם אַלטן, וואָס ער האָט צו זאָגן. צופּט זיך אין פאַרלעגנהייט די וואָנצעס, רײַבט דעם שטערן און הייבט די אַקסלען:

— אַ יִינגעלע מיט פּאַהלער? אַ יִינגעלע וואָס רעדט יִידיש? ניט געזען. ניט געהערט.

דאָס קעלבל גיט זיך אַ הייב, אַ טרייסל, און פאַלט צוריק אויפן

שטרוי. די בײַטש אַ קנאַק. דאָס פערדל אַ צי — און אויס פויער, אויס וואָגן. ס׳האָט זיי דער שטויב ערגעץ פאַרטראָגן.

זעט דער זקן פון דער ווײַטנסביימער שטילע. טראַכט ער: זיי וואַרטן מן־הסתּם אויף אַ צענטן צו דער אָוונט־תּפילה, וועט ער צו זיי צושטיין און פאַר איין וועגס פרעגן (זיי קענען דאָך דאָ אַלע סטעשקעס, אַלע וועגן), צי האָבן זיי זיך ניט אָנגעשטויסן אויף אַ ייִנגעלע וואָס קען די שפּראַך פון פייגל און ווייס דעם טעם פון טרערן?

די ביימער שטוינען. די ביימער שטומען. די ביימער מאַכן זיך ניט־הערן. ווישט זיך דער אַלטער אָפּ די ליפּן, פאַרשאַרט ביידע פּאָלעס פון זײַן בגד, ס׳זאָל אים גרינגער זײַן דאָס שפּרײַזן, און זעט ניט און באַמערקט ניט ווי איבער זײַן גרויען קאָפּ טוט זיך הייבן, טוט קרײַזן דאָס ייִנגעלע, און צוזאַמען מיטן טאָג פאַרגייט ער, און צוזאַמען מיטן ליכט פאַרבײַט ער דעם טאָג אויף נאַכט.

## כ׳האָב אים געפורעמט

כ׳האָב אים געפורעמט מיט דער הילף פון אותיות. דורך ווערטער געטריבן, אויף פּאַפּירפלאַך געשריבן, האָב איך אים געשטאַלטיקט — אַ פיזיאָנאָמיע, אַ נשמה, געפילן. אַפילו אַ נאָמען אים געגעבן — פּתחיה — אַ תּימנער נאָמען אַזאַ, כאָטש כ׳האָב בײַ זיך באַשטימט, אַז ער דאַרף זײַן אַ פּוילישער ייִד.

אויפן פּאַפּירפלאַך פאַרקריצט — קאָן ער זיך באַוועגן, לעבן, ליב האָבן און שטאַרבן. ס׳איז בלויז אָפּהענגיק פון דעם וואָס מײַן פען וועט פאַרטראַכטן. כ׳האָב זיך אָבער ניט געריכט, ניט פאַרגעשטעלט, אַז ער וועט מורד זײַן, און דאָס איידער כ׳האָב זיך צו אים צוגעוווינט, דערשפּירט דעם קלאַפּ פון זײַן האַרץ, דערזען דעם בליאַסק פון די אויגן, דערהערט דעם קלאַנג פון זײַן שטים. אַפילו זײַן עלטער ניט באַשטימט. זיך געקוווענקלט: זאָל ער זײַן בײַ מיר אַ ייִנגל, אַ יונגער בחור, וואָס איז אונטער וועגס געבוירן געוואָרן אויף אַ מעפּילים־שיף, אין אַ פּליטים־

לאַגער, צי גאָר אויפגעוואַקסן שוין דאָ אין לאַנד, אין איינעם פון די שיכּונים פאַר נײַע עולים?

אפשר אים באַשרײַבן ווי אַ באַיאָרטן מאַן אין מײַן עלטער, וואָס איז אומגעשלײַדערט געוואָרן אין כּף־הקלע און פון דאָרטן אַרויס מיט שראַמען און בײַלן אויף דער נשמה?

מײַן פּען האָט זיך געמאַטערט מיט אָט דער סוגיא. כ׳האָב זיך געיישובט מיטן העלן אָוואַל פונעם שטײַלאַמפּ, וואָס האָט זיך אײַנגעבויגן און אַראָפּגעקוקט צום העלן פּאַפּירפלאַך אויפן שרײַב־טיש; כ׳האָב זיך אַן עצה געהאַלטן מיטן געדיכטן איבערבלײַב פון דער שוואַרצער קאַווע אויפן דנאָ פון גלאָז; מיטן פּאַרלאַ־שענעם פּאַפּיראָס — און קיין ענטפער ניט באַקומען.

פּלוצעם האָט זיך פּתחיה אָנגערופן מיט אַ דײַטלעך מענטש־לעך קול און מיך איבערראַשט און מיך צעטומלט, ווײַל דאָס וואָס ער האָט געזאָגט, האָט אויסגעזען ווי אַ המשך פון אַ פריִער־דיקן שמועס, וואָס כ׳האָב כּלומרשט מיט אים געפירט, און עס האָט זיך אַזוי ווי גערעדט וועגן זינען פון לעבן און וועגן אַלט ווערן:

— די עלטער איז ווי אַ שׂרפה — האָט ער געזאָגט — אַ פײַער אַזאַ, וואָס ברענט און פאַרברענט אַלץ ביז צום סוף.

ס׳איז מיר אָפּגענומען געוואָרן דאָס לשון און די פּען. כ׳האָב געזוכט אַ פּאַפּיראָס, אָנגעצונדן אים פון דער פאַרקערטער זײַט און ס׳איז געוואָרן אַ ביטערער רויך. כּדי צו פאַרדעקן דאָס צע־טומלעניש, האָב איך זיך צעשמייכלט: סתּם אַזוי אַ שמייכל, צו געווינען צײַט, צו טראַכטן וואָס ווײַטער טאָן. אָפּגעקילט זיך אַ ביסל, ווידער גענומען די פּען אין האַנט, און נאָך איידער זי האָט רעכט זיך צעפירט איבערן פּאַפּיר, איז פּתחיה אַרויסגעשפּרונגען פון די שורות. ער איז פלינקער געוועזן פון מיר. זײַן הייסער אָטעם האָט מיך געצוווּנגען אים אויסצוהערן.

ס׳האָט זיך אים געחלומט, אַז ער איז אויף אַ שיף. עמעצער האָט אים צוגעבונדן צום מאַסט. די שטריק שנײַדן זיך אַרײַן אין די הענט און די פיס בלוטיקן, נאָר קיינער קומט אים ניט צו הילף.

די שיף איז אַרײַן אין אַ שטורעם. זי איז, אין חלום, געקראַכן

אויף דער שוואַרצער וואַנט פון דער נאַכט צום שוואַרצן הימל און איז אַרונטערגעפאַלן. אויך דער הימל איז געפאַלן. די שוואַר־צע וואַנט האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ צעווילדעוועטן, שוואַרצן וואַסערשטראָם. דאָס וואַסער האָט פאַרשווענקט דעם דעק און זיך צוריקגעצויגן מיטן זעלביקן אימפּעט ווי עס האָט זיך דאָ אַרײַנ־געריסן. דער מאַסט האָט געקראַכט. די שטריק האָט נאָכגעלאָזן און אים באַפרײַט פון דער קלעם. איז אָנגעלאָפן אַ נײַע כוואַליע און אים אַראָפּגעשווענקט אין ים, צו די ים־תּהומות. אויף די דעקברעטער איז געבליבן אַ ווײַסער שוים, ווי מידלענעס פון אַ גרויס געוועש.

איך האָב געזוכט די לאָגיק, דעם מיין, און געוואָלט דערגיין צום תּוך פון דעם דערציילטן חלום. וואָס פאַר אַ שײַכות האָט דער שטורעם, די שיף און פּתחיהס פאַלן אין די גרונטן פון ים, צו זײַן ווײַטערדיקן לעבן אין מײַן פאַרטראַכטער באַשרײַבונג? צו דער ווידוי האָט עס יאָ אַ שײַכות? און דאָך האָט די פּען אים געצוווּנגען זיך מתוודה זײַן, אַרויסברענגען די ראַנגלענישן פון אַ געפּײַניקטן גוף און אַ געניזוקטער נשמה:

— מײַן קול טונקט זיך אין טרערן. איך וויין פאַר זיך. איך וויל אַרויס פונעם געוויין. איך האָב ניט קיין שליטה איבער אים. אַרום מיר איז שטיל. אַ שטילקייט וואָס האָט קאַנטן. מײַן מויל עפנט זיך. עס קומען ווערטער פון מײַן מויל און ניט פון מײַן מויל. עס דאַכט זיך מיר, אַז איך לאָז איבער מײַן גוף. איך אָטעם און לעב לעבן זיך. כ׳בין צווייגעשטאַלטיק. איך הער זיך צו צו זיך פון דער זײַט. איך שפּאַלט זיך אָפּ פון מײַן ממשות צו קאָנען לעבן אַן אַנדער לעבן, אָן דער לאַסט פון זכרונות, אָן אַלע פּחדים, אָן צו זען אַ קוימען, דאָס האַרץ זאָל זיך דערבײַ ניט אָפּשטעלן, אָן צו הערן אַ באַן פאָרן, און זיך ניט אײַנקאָרטשען. די צײַט איז ניט סטאַטיש, זי רינט. די צווייטע געשטאַלט האָט געירשנט אַלע מראות, אַלע אַנגסטן פון דער ערשטער, און די צײַט, ווי גאָרנישט וואָלט געשען, שווימט און רינט אַוועק אַלץ ווײַטער און ווײַטער.

דאָ האָט זיך פּתחיה אַרײַנגעמישט, פאַרהאַלטן מײַן האַנט,

דעליקאַט אַרויסגענומען די פּען און כמעט מיט אַ שעפּטש זיך געזעגנט בײַ מיר:

— איך װעל ניט אויסטראָגן אַזאַ לאַסט. איך בין ניט מסוגל צו נעמען אויף זיך דאָס אַחריות פון אַזאַ געשטאַלט. איך װעל זיך אײַנברעכן אין מיטן פון דער באַשרײַבונג. רופסט מיך פּתחיה, איז לאָז מיך זײַן אַן עכטער תּימנער און ניט קיין פּױלישער ייִד. פיר מיך צו די פּרדסים, שיק מיך פלאַסטערן װעגן, בױען נײַע הײַזער, נײַע שטעט, און גיב מיר אַ װײַב װאָס זאָל קינדלען!

# פונקען פון אַ שײַטער

## א

גאָר נאָענט דערהערט זיך אַ שטאַרקער קראַך.

אַן אַלט פינף־שטאָקיק הויז גיט אַ ציטער, אַ קרעכץ און צעשיט זיך, פאַרהילנדיק דעם גאַנצן אַרום מיט אַ געדיכטן בײַסיקן שטויבוואָלקן.

די באָמבע מאַכט אין איין אויגנבליק אַ סוף צו דער שטום־דערשראָקענער פאַרגליווערונג פונעם פינף־שטאָקיקן אָפּגעשיילטן בנין.

ווען דער שטויב צעגייט און זעצט זיך אַראָפּ, אַנטבלויזט זיך אַ נעבעכדיק שטיקל וואַנט. פונעם גאַנצן געבײַ — בלויז אַ שטיקל וואַנט, און אויף איר איז געבליבן הענגען, ווי קיין מאָל גאָרניט, אַ שילד מיט אַן אויסגעמאָלענער פלאַש בראַנפֿן. די קאָלירטע אויפשריפט האָט נאָך אַלץ פאַרבעטן אַרײַנצוגיין אויף אַ „שנעפּסל און פאַרבײַסעכץ".

צו אָט דעם פלעשל האָט זיך אַ דערבײַיִקער גאַסנלאַמטער אײַנגעבויגן. זײַן אויסגעמאָגערטער אײַזערנער גוף איז פונעם שווערן לופטדרוק צעדרייט און צעקרימט געוואָרן און ווי אַ שי־כור, וואָס האַלט אין איין פאַלן און וואָס מוז זיך כּסדר אין עפּעס אָנשפּאַרן, איז ער, דער גאַסנלאַמטער, צוגעפאַלן צום שטיקל וואַנט און דעם גלעזערנעם צעשפּאָלטענעם פּנים פעסט צוגעדריקט צו דער אויסגעמאָלענער פלאַש. זײַן פאַרריסן בלעכדעקל האָט אויסגעזען ווי אַ צעקנייטשטער קאַפּעליוש פאַררוקט אויפן שפּיץ פון קאָפּ.

ווען ניט די נאָכאַנאַנדיקע אויפרײַסן, וואָלט מען אפשר גע־הערט ווי ער, דער לאַמטער, זינגט מיט אַ כריפּענדיקער שטים: „אָך, מײַן פלעשעלע, טשאָרט וואָזמי״.

ווען ניט די אויפרײַסן — וואָלט מען אפשר געהערט.

## ב

די גאַס שטייט אין פלאַמען.

אייניקע הײַזער דערברענען שווײַן, און אַנדערע — זיך נאָר וואָס צעפלאַקערט.

מ׳הערט דאָס קנאַקן פון אויסגעטריקנטע באַלקנס און פאַלנ־דיקע ווענט.

דער הימל איז שאַרלעך רויט פון שקיעה און פון פלאַמען.

די גאַס פוסטעוועט. די אײַנוווינער האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די קעלערס. איצט, נאָכן צוויי־טאָגיקן באָמבאַרדירן איז כמעט ווי שטיל. נאָר די פײַערצונגען קריכן אַרום אומגעשטערט איבער די דעכער, פענצטער און טרעפּ. באַלעקן יעדן ווינקל, פאַרבאַ־האַלטן זיך, טאַנצן אַרויס, גיבן אַ שפּרונג און באַהאַלטן זיך ווידער.

אין עק גאַס שטייט אַ צעשמעטערט הויז, אויף דער העלפט צעריסן. איין טייל איז שוין אַ באַרג פון ציגל, האָלץ און אײַזן, און פון דעם צווייטן טייל איז פאַרבליבן אַ שוואַכע, קוים זיך האַלטנדיקע וואַנט. צווישן די צעקאַליעטשעטע פענצטער־לעכער פון דער וואַנט שײַנט אין דער גאַס אַראָפּ אַ פענצטער, אַ גאַנץ און ניט באַשעדיקט פענצטער מיט ווײַסע געהאַפטענע פאָר־האַנגען, די פאָרהאַנגען פאַליען זיך לײַכט און נאָרן אָפּ מיט אַ ווײַסער פאַרבלענדעניש פון אַ ניט עקזיסטירנדיקער רו און היימי־שער געמיטלעכקייט.

צוויי ווײַס געהאַפטענע פאָרהאַנגען, און אויפן פענצטער־פּאַראַפּעט — אַ בלומענטאָפּ מיט דרײַ צעפּעכערטע אָלעאַנדער־בלעטער. די גרינזאַפטיקע בלעטער באַמיען זיך (אַזוי ווי די פאָר־

האַנגען) איַינרעדן דער חרובער גאַס, אַז הינטער זיי, אין דער טיף, איז נאָך אַ שטוב פאַראַן. אַ באַלעבאָסטע וועט זיך באַלד באַוויַיזן און מיט אַ צאַרטער האַנט באַגיסן דעם בלומענטאָפּ און פון די בלעטער אָפּווישן, מיט אַ פּיַיכט טיכל, דעם שטאָטישן שטויב.

די בלעטער באַמיען זיך איַינצורעדן, און איבער זיי — הענגט אַ שטיַיגעלע. אַ דראַטן שטיַיגעלע. אַן אומרויִק פייגעלע. אַ גרין־גאָלדן קאַנאַריקל שפּרינגט דאָרט אַרום און זינגט.

אפשר זינגט עס ניט, נאָר פּילנדיק די געפאַר, בעט עס, רופט עס צו דער ליידיקער גאַס, צו די איַינוווינער, וואָס דרענגען זיך צונויף אין די קעלערדיקע באַהעלטענישן:

— מענטשן! איר האָט מיך פאַרגעסן! קומט צוריק! קומט צוריק! צוריק! צוריק!

## ג

די גאַס איז איַינגעהילט אין רויך פון די נאָך ברענענדיקע היַיזער.

די זיגער מאַרשירן. מאַרשירן. מאַרשירן אַריַין אין דער שטאָט און פאַרפולן די גאַס מיטן אָפּהילך פון זייערע שטיוול.

גליַיכע, שטרענגע, צו פיר אין אַ ריי, שפּאַנען זיי, די דיַיטשי־שע קאָלאָנעס, אָן אויפהער, אָן אַן איבעררײַס. ווי אַ גרינער, גיפ־טיקער טיַיך פאַרפלייצן זיי דעם גאַנצן ברוק. נאָך זיי קיַיקלען זיך אַריַין די טאַנקען, די לאַסט־אויטאָמאָבילן. פונעם אויטאָ־געברום און טאַנקען־טראַסקעריַי ציטערט אַזש די לופט און די רעשטלעך פון די צעשטערטע היַיזער.

אַלטע פרויען ביַי אַ האַלב־איינגעפאַלענעם קאַשטשאָל קניען פאַר דער סטאַטוע פון דער הייליקער מאַריאַ. זייערע צעקנייטשטע פנימער דריקן אויס דעם ייִאוש און די אָנמאַכט פון באַזיגטע. די בלויע פאַרטריקנטע ליפּן שעפּטשען:

— געטלעכע מוטער, באַשטראָף זיי. מאַך זייערע פיס גע־ליימט. פאַרשטאָפּ זייער זינדיקן געפילדער.

די הייליקע מאַריאַ שטייט שטום. די הענט אויסגעשטרעקט. אַ שראַפּנעל האָט פון זיי אַרויסגעשטויסן איר פון גיפּס געפורעמט קינד. דאָס קינד ליגט צעקרישלט און צעברעקלט ביי אירע פיס, און זי, די הייליקע מאַריאַ זוכט עס אַרום מיט איר בלינדן בליק.

## בלעטער פון אַ פאַרסמאַליעטן פנקס

### „ראָזשינקעס מיט מאַנדלען"

איז געזעסן די מאַמע, די שטעטלדיקע יידישע מאַמע פאַרשטעקט אין אַ באַהעלטעניש אין דער צייט ווען מען האָט אַלע יידן געטריבן צום מאַרקפּלאַץ.

איז אָנגעלאָפן די באַשטיוולטע סטרא אַחרא און איר אויסגעשטאָכן די אויגן און איר אונטערגעהאַקט די פיס, בעת זי האָט געוואַכט איבערן וויגעלע. איבערן וויגעלע וואָס איז אַן אָרונדל. אַן אָרונדל וואָס איז אַ וויגעלע.

און געלעגן איז דאָרט דאָס ערשט־געבוירענע. דאָס ערשט־פאַרלוירענע. דאָס וואָס האָט נאָך ניט באַוויזן צו לעבן און דאָס וואָס וועט שוין מער ניט לעבן. אַ צווילינג אַזאַ פון גאָט געשיקט און פון טייוול דערשטיקט.

האָט די מאַמע דאָס עופעלע מיט די פינגער באַטאַפּט. אָנגערירט מיט די ליפּן דאָס שטערנדל און עס פאַמעלעכינקע אַרויסגענומען פונעם וויגעלע. פונעם וויגעלע וואָס איז אַן אָרונדל. פונעם אָרונדל וואָס איז אַ וויגעלע.

אין די אָרעמס פאַרפלאָכטן. צו די בריסט געדריקט און מיט אַ געשפּאָלטן קול פון פּיין און געוויין געשיקט עס וואַנדלען, געשיקט עס האַנדלען אויף אַלע ירידן, אויף אַלע מערק, איבער אַלע דערפער און שטעט מיט ראָזשינקעס און מאַנדלען, מיט ראָזשינקעס און מאַנדלען.

## דאָס בת־קול

איז אַרויס אַ בת־קול פון הימל:

— זאָל דער יונגער עלוי, דער צדיק־הדור, הערש־פּתחיה, דער ירא־שמים, דער אוהב־הבריות, דער וואָס האָט אין זײַן קורץ לעבן בלויז געטאָן מעשׂים־טובים, זיך שטעלן פֿאַרן כּסא־הכּבֿוד!

האָט זיך אַ מאַטראַץ פון דער ערד אָפּגעריסן. אַרויף צו דעם טויער פון די הימלען און מיט אַ מענטשלעכער שטים אַזוי געזאָגט צום מלאך גבֿריאל מיטן בינט שליסלען אויפן גאַרטל:

— עפן פאַר מיר אויף דאָס טויער. שטויין ניט און וווּנדער זיך ניט וואָס דער יונגער עלוי, אויף וועמען דו וואַרטסט, איז גאָר אַ מאַטראַץ. מען האָט אים, דעם מאַטראַץ, אויסגעפּילט מיט מײַנע אויסגעפּליקטע האָר פון קאָפּ, מיט מײַנע אָפּגעשוונדענע האָר פון באָרד און פּאות.

דער מלאך גבֿריאל האָט אים גוטמוטיק אָנגעקוקט און זיך ניט געאײַלט צו נעמען די שליסלען פונעם גאַרטל.

האָט פון דער נידער אַרויפגעהינקט אויף אַ פּיסל אַ שטייִלאָמפּ מיט אַן אַבאַזשור און צוגעקומען ביז צום שער־הרחמים. מיטן מעשענעם פּיסל אָנגעקלאַפּט איין מאָל און נאָך אַ מאָל. דער עכאָ האָט אָפּגעהילכט איבער אַלע זיבן הימלען:

— איך בין דער צדיק־הדור. קוקט ניט אויף מיר מיט ביטול. לאַכט ניט אָפּ מײַן הלך. נעמט ניט פאַר אומגוט מײַן אויסזען. מען האָט פון מיר מײַן יונגע, העלע הויט אַראָפּגעריסן. מען האָט זי צעצויגן, צעוואַלגערט, צעגאַרבט און זי, די יונגע, העלע הויט מײַנע פאַרוואַנדלט אין אַ היל פון אַ לאָמפּ.

האָט זיך דעם מלאך גבֿריאלס שטערן פאַרטראַכט. ער האָט דעם אַבאַזשור ניט פאַרטריבן, אָבער אויך קיין וואָרע פאַר אים ניט געמאַכט.

ממעמקים איז געקומען צום טויער פון די הימלען אַ פּירקאַנטיק, גרוי, גליטשיק שטיקל זייף און זיך אָנגערופן צום מלאך גבֿריאל, אַזוי צו זאָגן:

— איך בין דער ירא־שמים. אָנשטאָט מײַן גוף ברענג איך

מײַן פּעטס. דאָס פּעטס פֿון מײַן לײַב האָט מען איבערגעקאָכט און געמאַכט פֿון דעם אַ װיסט שטיקל זײף. פֿון אָט דעם זײף װעט קײנער און קײן מאָל זיך ניט רײנװאַשן.

דער מלאך גבריאל האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. זײַנע פֿליגל האָבן זיך טרויעריק צעשאַרכט און איבערדערצײלט דעם שטורמען טויער דאָס װאָס זײ האָבן נאָר װאָס געהערט.

אין די פֿאַלעס פֿון אַ שטורעמווינט, אויף אַ פֿײַערוואָגן איז פֿון אַן אַשנפֿעלד און פֿון אַ בײנערפֿעלד אַרויפֿגעשטיגן אַ קעפּל קרויט. ניט קײן קעפּל נאָר אַ גרויסער, גרויסער קרויטבאַלעם, גרויס װי די גאַנצע ערד און אַרײַנגעדונערט אין די אויערן פֿונעם מלאך גבריאל:

— װײ איז צום שומר פֿון די שליסלען װאָס איז טויב, בלינד און שטום! װאָס נאָך דאַרף מען דיר דערצײלן, שילדערן, מאָלן אַז די אײַזערנע פֿרענטן פֿונעם הימלישן טויער זאָלן זיך צעשמעלצן און אַדורכלאָזן הערש־פּתחיהן מיט די אָפּגעהאַקטע יאָרן און אים ברענגען פֿאַרן כּסא־הכּבֿוד!?

פֿון חרפּה און בושה איז דער טויער צעשפּרונגען, בײַם מלאך גבריאל — די פֿליגל אַראָפּגעפֿאַלן און דער כּסא־הכּבֿוד האָט זיך אויסגעקרימט.

הונדערטער און הונדערטער יאָרן װעט דויערן ביז דער הימלישער טויער װעט צוריק טויער װערן. ביז בײַם מלאך גבריאל װעלן נײַע פֿליגל אָנװאַקסן און דער כּסא־הכּבֿוד װעט זיך אויסגלײַכן. אויב ער װעט זיך בכלל אויסגלײַכן.

## אויף אַ באַנק אין סאַנאַטאָריום

אַ פֿײַכטלעכע באַנק אין סאַנאַטאָריום־פּאַרק. די אַרומיקע בערג זענען גרוי. אַ גרוי װאָס איז אי טונקל, אי העל. אַ לײַכטער נעפּל אויף די פֿעלדער. מיטן ערשטן זונשפּראָץ װעט זיך דער נעפּל אויסװעפּן. די גראָז־שטחים אינעם פּאַרק זענען דין געשוירן

און רײן. קײן בלעטל, קײן פּאַפּירל, קײן סיגאַרעטן־איבערבלײַב קאָן מען דאָרט ניט געפינען.

די קורגעסט, וואָס זענען פריער אויפגעשטאַנען, גײען שוין דורכן שמאָלן וועגל צו די בעדער. ס׳רוב פון זײ זענען באַיאָרטע, סאָלידע מענער און גנעדיקע פרויען. ס׳איז פונקט אַזאַ עלטער וואָס עס בעט זיך צו פרעגן: וואָס האָט ער געטאָן, וואָס איז ער, אָדער זי געווען אין יענע יאָרן, אין יענע צײַטן?

איצט טראָגן זײ מיר אַנטקעגן דעם „Grüss Gott" מיט אַ קאָפּ־נײג, מיט אַ שמײכל. ווילנדיק־ניט־ווילנדיק ענטפער איך אויף דער באַגריסונג.

אין מוח אָבער קלאַפּן רעדער פון באַנען. אין מוח לויפן שוין בײַ מיר די באַנען איבער פערציק יאָר. פלוצעם אַ פאַרהאַלט. אַן אָפּשטעל. וואַגאָן שטויסט זיך אין וואַגאָן. עס גרילצן בופאָרן. עס קריצן די רעלסן. שוין? אָנגעקומען? נײן. די פאַרע אַ פרײַך. דער רויך אַ שטײַג. דער לאָקאָמאָטיוו אַ פײַף און מע פאָרט ווײַ־טער. ס׳איז פינצטער. ס׳איז קלעפּיק. מ׳וויל לופט. מ׳וויל ליכט. מ׳וויל וואַסער. אַ טראָפּן. אַ שלוק. לעקט אײנער דעם שווײס פונעם אַנדערנס פּנים און דעם אַנדערנס פּנים איז בלויז אַ פלעק. די צונג בלײַבט האַרט און די ליפּן געשפּאָלטן. מ׳וויל רעדן. זיך רירן. זיך זעצן. מ׳וויל אויסשטרעקן אַ האַנט און מע קאָן ניט. אַפילו די, וואָס ווילן שוין מער ניט רעדן, ניט רירן, ניט זיצן נאָר ליגן, ליגן אָן אָטעם, אָן באַוועג, מוזן ווײַטער שטײן. מיט אַלעמען שטײן אין געדראַנג און אין געשטאַנק.

בײַם אַרײַנטרײַב אין די וואַגאָנען איז געווען פינצטער און אָנגעקומען איז מען אין דער פינצטער. וויפל יאָר חושך איז מען אָפּגעפאָרן? קײנער האָט ניט געמאָסטן. קײנער האָט ניט גע־צײלט.

די טירן צעפּראַלן זיך מיט אַ פאַרזשאַווערטן קוויטש. דאָס ליכט פון די רעפלעקטאָרן שטעכט און צעטומלט. מ׳נעמט יאָגן פון די וואַגאָנען מיט שטעקנס, מיט הינט און מיט פאַרכריפּעטע קולות „Los! Aussteigen! Schnell! Raus!" עס ווערט אַ געשטופּערײַ, אַ

געלויפערײַ. מע פּאַלט. מע הייבט זיך אויף און מע שפּרינגט איינער אויפן אַנדערן, איבערן אַנדערן, נאָכן אַנדערן און אַלע צוזאַמען.

עס בלײַבן בלויז די, וואָס זייערע אויערן הערן שוין מער ניט די שיכּורע געוואַלדן פון די מונדירטע לײַט און עס קימערט זיי ניט מער צי די הינטישע ציין בײַסן זיך אַרײַן אינעם פלייש פון זייער גוף, אָדער די שטעקנס שפּאַלטן זיי דעם קאָפּ, צעברעכן זיי הענט און פיס און נאַקן — — —

— — — און דאָ, אויף דער באַנק פונעם סאַנאַטאָריום־פּאַרק, ענטפער איך אָפּ אויף דער באַגריסונג פון אָט די בכּבודיקע מענער (וואָס האָבן אפשר יענע מונדירן געטראָגן. אויף יענער באַנראַמפּע געוועזן) מיט זייערע האָר־געפאַרבעטע דאַמען און איך שפּרינג ניט אויף און איך פאַרהאַלט זיי ניט און איך פרעג זיי ניט וואָס האָבן זיי געטאָן אין יענע צײַטן, אין יענע יאָרן? איך נייג מײַן קאָפּ. איך צאָל זיי צוריק אָפּ מיט אַ שמייכל און אין מוח הערן ניט אויף די רעדער צו קלאַפּן.

## „אַ געזינד זאַלבע אַכט"

אין וואַרשע. אין וואַרשעווער געטאָ, האָט אַ בכּבודיקע משפּחה זיך אויפגעהערט שעמען און איז אַרויס אין די גאַסן. אַ געזינד זאַלבע אַכט מיט צוויי קינדער־וועגעלער. אַכט נפשות: דרײַ קינדער אויף איין וועגעלע און דרײַ — אויפן צווייטן, האָבן זיך ניט געוואָלט אונטערגעבן דעם הונגער.

דער טאַטע האָט געשטופּט איין וועגעלע און געזונגען מיט אַן אויסגעשולטער שטים יידישע לידער. די מאַמע האָט געשטופּט דאָס צווייטע וועגעלע און מיט אַן אויסגעשולטער שטים געזונגען יידישע לידער. די דרײַ קינדער פון ערשטן וועגעלע און די דרײַ פון צווייטן האָבן מיט זייערע דינינקע שטימעלעך אונטערגעהאַלטן טאַטע־מאַמעס געזאַנג.

די לידער זענען געווען טרויעריק. די לידער זענען געווען מוראדיק לאַנג און געצופּט בײַם האַרץ און בײַ דער נשמה. דער פּדיון איז געווען גראָשעדיק און ניט געסטײַעט צו זעטיקן אַלע מײַלער.

אין די קורצע, קאַלטע ווינטערדיקע טעג און אין די פּראַסטיק־פּאַרגליווערטע חדשים זענען זיי פאַרשווונדן. ערשט דער פרילינג האָט זיי ווידער אַרויסגעבראַכט אין דרויסן. דער דרויסן איז געווען אָפּגעשיילט, אָנגעבײַלט, פּאַרוויסט און מיט גאָרניט דערמאָנט דעם פרילינג.

די ענג שטאַרצנדיקע הײַזער האָבן זיך נאָך מער צונויפגעדרענגט און געבענקט נאָך אַ העלערן הימל, נאָך אַ מילדער ווינטל און נאָך אַ וואַרעמערן זונשטראַל.

די רינשטאָקן האָבן זיך פּאַרכליניעט מיטן צעגאַנגענעם שניי און אײַז און דער פרײַז פון אַ שטיקל ברויט, אויפן שוואַרצן מאַרק, איז געשטיגן און געשטיגן.

דאָס מאָל האָבן די צוויי ווגעלעך געפירט צו צוויי קינדער. טאַטע־מאַמע האָבן ווידער געזונגען די זעלבע לידער. די קינדער האָבן זינגענדיק טרערן געשלונגען, אָבער ניט אָפּגעשטאַנען פון די עלטערן.

דערנאָך זענען שוין געווען בלויז דרײַ קינדער.

דערנאָך איז שוין געווען נאָר איין ווגעלע.

דערנאָך זענען פאַרשווונדן די שיך און די לייטישע, אויבערשטע מלבושים.

דערנאָך זענען אין דעם איינציקן ווגעלע ניט געווען מער קיין קינדער. אָנשטאָט זיי איז דאָרט געלעגן די מאַמע. דער טאַטע, מיט שמאַטעס אויף די פיס, האָט געשטויסן דאָס ווגעלע און געזונגען. נאָך אַלץ געזונגען די זעלבע לידער. די מאַמע האָט פונעם ווגעלע אַרויסגעקרייעט איר חלק געזאַנג.

די נײַן־און־דרײַסיק יעריקע פרוי, וואָס האָט אין איר טראַכט זעקס קינדער אויסגעטראָגן. זעקס לעבנס געבראַכט אויף דער וועלט, האָט זיך איצט אַליין פאַרוואַנדלט אין אַ קינד. אין אַ קינד וואָס מען האָט בכוח אָפּגעריסן פון דער מאַמען. פון דער מאַמעס

גלעטן און דאָס אײנציקע וואָס איז איר איבערגעבליבן, איי צו באַגלייטן דעם טאַטן און דורכן שטאָמלדיקן, לאַנג־פּויזיקן געזאַנג בעטן און ניט אויפהערן בעטן בײַ די פֿאַרבײַטראָגנדיקע שאָטנס אַ גראָשן און נאָך אַ גראָשן, און נאָך אַ גראָשן, ביז וואַנען אויך בײַ איר האָט זיך דאָס קול פֿאַרלאָשן.

דער טאַטע האָט פֿאַרהאַלטן דאָס וועגעלע. זיך אַראָפּגעבויגן. זי אָנגעקוקט, אָנגעטאַפּט, צוגעמאַכט איר די אויגן און געלאָזן זי שטיין מיטן וועגעלע. געלאָזן זי שטיין אין מיטן גאַס ווי אַ וויסטער שפּאַס, ווי אַ בייז ווונדער, ביי וועלכן די מענגעס אָפּגעריסענע, אַפּאַטישע פֿאַרבײַגייערס דאַרפֿן זיך אָפּשטעלן און קוקן.

קיינער האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט.

קיינער האָט זיך ניט פֿאַרהאַלטן.

קיינער האָט זיך ניט אומגעקוקט.

קיינעם איז ניט אָנגעגאַנגען צי די, וואָס שטײַפט אין וועגעלע איז אַ קינד, אָדער אַ מאַמע וואָס זעט אויס ווי אַ קינד. מען איז געשווינד, געשווינד פֿאַרבײַ. מען איז גיך (אויף וויפל די כוחות האָבן געדינט) אַנטרונען.

און דער טאַטע מיט די שמאַטעס אויף די געשוואָלענע פּיס, מיט די זעלבע ייִדישע לידער אויף די אָפּגעוועלקטע ליפּן, וואָס צופּן בײַם האַרץ און בײַ דער נשמה, מיט אַ געל־גרויער הויט, וואָס פֿאַרדעקט די אַרויסקריכנדיקע ריפּן — טראָגט זיך אום פֿון גאַס צו גאַס, פֿון הויף צו הויף און קאָן קיין איין ליד ניט פֿאַרקויפֿן פֿאַר אַ סקאָרינקע ברויט. פֿאַר אַ קרישקעלע לעבן.

## מײַנע קינדער

איך בין שוין גרוי און אַלט. איך גיי שוין בײַם ראַנד פֿון לעבן. די זון איז הינטער מיר. כ׳בין שוין ווײַט אַוועק מיט די יאָרן פֿון מײַן געהרגעטן טאַטן, פֿון מײַן אומגעבראַכטער מאַמע. זיי זענען איצט

מײַנע קינדער. זיי קלאַמערן זיך אין מיר. זיי טוליען זיך צו מיר. זיי האַלטן מיך בײַ די הענט.

זיי קוקן זיך אום מיט חשד און מיט שרעק צי עס רוקט זיך ניט אונטער עמעצער וואָס וויל זיי צעשיידן פון מיר, אָפּרײַסן פון מיר. איך רוף שוין מער ניט די מאַמע „עלקע" — נאָר „עלקעלע" און דער טאַטע הייסט שוין מער ניט „משה" — נאָר „משהלע".

— קינדעלעך — רעד איך צו זיי — גייט פֿאַרברענגט אַ ביסל אויסערן הויז. עס איז ניט גוט פֿאַר אײַך און פֿאַר מיר, איר זאָלט זײַן שטובזיצערס. די וועלט איז שיין. די וועלט איז גערוים — געניסט פון איר ווי לאַנג עס לאָזט זיך, ווי לאַנג מען קאָן.

זעט ווי פייגל פליען. קוקט ווי רויזן בליען. גייט אין גאָרטן קלײַבן קאַשטאַנעס. הערט זיך אײַן ווי עס לויפן באַנען. באַנען (דערווייל נאָך אָן פֿאַרקראַטעוועטע פענצטער און פֿאַרהאַקטע טירן) וואָס פירן, אין נאָרמאַלע וואַגאָנען, געמיטלעכע פּאַסאַזשירן אויף אָפּרו אין די בערג, אין די וועלדער און צו שטילע פלוסן פון וואַסערן קילע.

אויב עס זענען ערגעץ פֿאַראַן הוידלקעס, קאַרוזעלן, מוזיק און פּאַיאַצן; אַ געשטעטל פון פּרוכטן; אַ קראָם פון קרעלן — וועל איך ניט קאַרגן קיין גראָשן, אַבי עס זאָל אײַך געפעלן. אַבי עס זאָל אײַך פֿאַרווײַלן.

— עלקעלע — זאָג איך — פֿאַרקעם די האָר ווי עס דאַרף צו זײַן. זאָלן זיי דיר ניט פאַלן און פֿאַרדעקן דעם בלוי פון דײַנע אויגן. דאַרפסט אויסוואַקסן אַ שיינע. דאַרפסט געפעלן משהלען. דו ביסט זײַן זיווג!

ענטפערט עלעקעלע:

— כ׳וויל ניט קיין פּרוכטן. כ׳וויל ניט קיין קרעלן. כ׳וויל זיך בעסער שפּילן מיט אַ ליאַלקע. וויגן אַ ליאַלקע. באָדן אַ ליאַלקע. קעמען אַ ליאַלקע, אָנשטאָט געבוירן קינדער. אייגענע קינדער!

— משהלע, — זאָג איך, — אַ ייִנגעלע ווי דו, דאַרף זײַן זעלבשטענדיק. ניט שעמען זיך. ניט קווענקלען זיך. ניט זײַן צוריק־געהאַלטן.

קאָנסט ניט אײַננורען דײַן קאָפּ צווישן מײַנע אָרעמס און זיך

אײַנרעדן, אַז ביסט ניטאָ, אַז אַלץ אַרום דיר גײט דיך ניט אָן, אַז מײַנע פּויסטן װעלן דיך באַשיצן, װעלן זיך אַנטקעגנשטעלן, אָפּ־שטויסן יעדע געפֿאַר פֿון דיר.

פֿאַרגעס ניט, אַז ביסט פֿאַראַנטװאָרטלעך פֿאַר עלקעלען. גע־דענק, אַז ביסט עלטער פֿון איר און זי דאַרף דײַן אָנשפּאַר. זי קוקט צו דיר, װי מען קוקט דורך דער שויב, צי עס האָבן זיך באַװיזן די ערשטע שטערן אויפֿן הימל און דער הײליקער שבת איז שוין אַװעק.

ענטפֿערט משהלע:

— עלקעלע איז געראָבעט. מיר װילן ניט אויפֿװאַקסן. מיר װילן בלײַבן קינדער. מיר האָבן מורא צו װערן גרויס. בלויז דער געדאַנק, אַז מיט דער צײַט װעט דער קרײַז אַרום אונדז װערן שמעלער און שמעלער און אין רעכטן בלי פֿון יאָרן. אין טאַמע מיט פֿון לעבן װעלן מיר װערן פֿאַרלענדט, פֿאַרבערענט. אָן טאָלק. אָן זין. אָן זינד. אַזוי אויף הורט. אויף בלינד — איז לאָז אונדז חי מיר זענען. איז לאָז אונדז װי מיר װילן און זאָל זיך דײַן געװיסן ניט פּלאָגן און ניט שלאָגן על חטא, װאָס האָסט אונדז איבער־געלעבט. מיר האָבן זיך באַהאָפֿטן. מיר זענען אַרײַנגעװועבט אין דיר און דו — אין אונדז און אַזוי װעלן מיר שוין פֿאַרבלײַבן צוזאַמען ביזן לעצטן אָטעם. ביז דער לעצטער שעה!

## שפּיטאָל־האַלוצינאַציעס

### לעבן מײַן בעט, אויף אַן אײַזערנעם שטאַנג

די קראַנקן־שװעסטער הענגט אויף אויפֿן אײַזערנעם שטאַנג, לעבן מײַן בעט, צװײ דורכזיכטיקע פּלאַסטיק־זעקלעך מיט אַן אַנטי־ביאָטיק־פֿליסיקײט, װאָס קאַפּעט פּאַװאָלינקע אַראָפּ, טראָפּן נאָך טראָפּן, און פֿירט די פֿליסיקײט אַרײַן דורך אַ נאָדל אין די אָדערן

פון מײַן האַנט — איז ווייס איך ניט ווי אַזוי איך געפין זיך פּלוצעם אויף אַ וואָקזאַל און וואַרט אויפן אָנקום פון אַ באַן.

די וואָקזאַל־האַלע איז אומגעהײַער גרויס, מיט אַ סך נומערירטע פּלאַטפאָרמעס, מיט אַ סך רעלסן, מיט אַ סך ריכטונג־ווײַזערס, מיט אַ סך קאַסעס צו קויפן בילעטן, מיט אַ סך באַגאַזש־וועגעלער, מיט אַ סך קיאָסקן און אַלערליי געשעפטן, מיט אַ סך הילכערס, וואָס זאָגן אָן דעם אָנקום און דעם אָפּגאַנג פון די באַנען. און מאָדנע — די גאַנצע באַנהאַלע איז ליידיק. מע זעט ניט קיין פּאַסאַזשירן. בלויז איך בין דער איינציקער פּאַסאַזשיר, אָן רענצלער, אָן וואַליזעס, אָן באַגלייטערס. אַ פּאַסאַזשיר וואָס אײַלט זיך, וואָס קוקט יעדע פּאָר מינוט אויפן גרויסן, קײַלעכדיקן וואַנטזייגער און וואַרט אַז מע זאָל שוין דורכן הילכער אָנזאָגן, אַז די באַן וועט באַלד אָרײַנפאָרן און גרייט זײַן אויפצונעמען דעם עולם. מע זעט אָבער ניט די פּאָרערס. באַנען קומען אָן ליידיק און פאָרן אָפּ ליידיק. קיינער שטײַגט ניט אײַן, קיינער שטײַגט ניט אויס.

צו דעם אָרט ווו איך שטיי פּאַרפּאָרט אַ לאָקאָמאָטיוו. בלויז אַ לאָקאָמאָטיוו, אָן וואַגאָנען. דער באַן־נאַטשאַלניק אינעם מונדיר מיט מעשענע קנעפּ אַנטשולדיקט זיך פאַר מיר און קלערט מיך אויף, אַז היות איך בין דער איינציקער פּאָרער, האָט זיך ניט געלוינט צוצושטעלן אַ גאַנצע באַן. פאַר איין פּאַסאַזשיר איז דאָ גענוג אָרט אויפן לאָקאָמאָטיוו. ער בעט מיך נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל איבער, העלפט מיר העפּלעך אַרויפשטײַגן אין דער הייך אויף די שמאָלע מעטאַלענע טרעפּלעך און ווינטשט מיר אַ גוטע רײַזע.

דער לאָקאָמאָטיוו איז ניט קיין מאָדערנער דיזעל־לאָקאָמאָטיוו, ווי די וואָס קאַטשען זיך דאָ אַרײַן אָן גרילצן, אָן רויך, אָן טראַס־קערײַ, נאָר אַ לאָקאָמאָטיוו פון אַ מאָל, ווי מע זאָגט, פון מלך סאָביעסקיס צײַטן, וואָס ווערט געהייצט און געטריבן פון דער הייסער פּאַרע.

נאָך איידער כ׳בין אײַנגעשטיגן, האָבן מיך די פּאַרעקנוילן, וואָס בוכען פון זײַן אײַזערנעם, פּאַרסאַזשעטן גוף, אַרומגענומען, ווי געוואָלט מיך אײַנזאַפּן אין זיך, כ׳זאָל זיך צעגיין, ווערן ווי זיי —

פּאַרע. ווערן ווי זיי — אַ קנויל. אויס אויגן, אויס מויל, און בײַם אָפּקילן זיך, זאָלן פון מיר בלײַבן בלויז עטלעכע וואַסער־טראָפּנס.

ווי נאָר כ׳בין אַרײַן — גיט דער לאַקאַמאָטיוו אַ רעווע, ווי מײַן באַווײַזן זיך וואָלט אים פאַרשאַפט אַזאַ ווייטאָג, וואָס מע קאָן אים קוים אויסהאַלטן. ער צאַפּלט און ציטערט אויף. שטופּט דעם רויך פון זיך. פאַרכליניעט זיך. די רעדער גיבן זיך נערוועז אַ רוק אַהין און צוריק און קײַקלען זיך אַרויס פון דער האַלע.

אינעם לאַקאָמאָטיוו זענען געווען בלויז צוויי מענטשן: דער מאַשיניסט, און דער קעסל־הייצער. איך בין געווען דער דריטער.

דער האַלב־נאַקעטער הייצער, מיט די צוויי מוסקולירטע הענט, רעדט ניט אַרויס צו מיר קיין וואָרט. זײַנע דורכדרינגענדיקע אויגן קוקן אויף מיר פון דער ערשטער מינוט מיט אַן אײַנגעהאַלטענעם כּעס, ממש מיט שׂינאה, כאָטש מיר האָבן זיך פריִער קיין מאָל נישט באַגעגנט. זײַן פּנים, זײַנע הענט און זײַן האַלב־נאַקעטער גוף זענען באַדעקט מיט קוילנשטויב און מיט שווייס. ער לאָדנט אָן מיט קליינע, געמאָסטענע איבעררײַסן אַ שופל מיט קוילן און שלײַדערט זיי אַרײַן אין אָפענעם פּיסק פונעם צעפלאַקערטן אויוון. נאָך יעדער קוילן־פּאָרציע פאַרשטאַרקן זיך די פלאַמען און סטראַשען אַרויס־צושפּרינגען. ביסלעכווײַז באַרויִקן זיי זיך, ווערן שטיל און שטילער, ביז צום אײַנדרעמלען. דער הייצער אָבער שטייט אויף דער וואַך און זעט צו אַז דאָס פײַער זאָל קנאַקן, זאָל שפּרינגען, די פײַער־רינגען זאָלן אונטערהאַלטן די היץ פון דער פּאַרע און די פּאַרע זאָל טרײַבן די לאַקאָמאָטיוו־רעדער אַלץ ווײַטער און ווײַטער.

פּלוצעם רופט זיך אָן צו מיר דער מאַשיניסט און שטעלט מיר אַ תּמימותדיקע, אַ סתּמיקע שאלה. דאָס איז פון דעם סאָרט שאלות, וואָס ווערן געפרעגט ווען צוויי פּאַסאַזשירן ווילן אָנבינדן אַ שמועס צו פאַרטרײַבן דעם לאַנגווײַל פון דער נסיעה:

— ווּהין, אַ שטייגער, ווילט איר פאָרן, אויב מע קאָן וויסן? כ׳האָב לאַנג ניט געטראַכט און געענטפערט:

— כ׳קאָן אײַך ניט אָנרופן גענוי דעם נאָמען פונעם אָרט ווו כ׳וויל אויסשטײַגן. דאָס דאַרף אָבער זײַן אַ פּאָר סטאַנציעס ווײַטער

פון דער קראַנקן־שוועסטערס נאָדלען, פונעם בעט און בכלל פונעם גאַנצן שפּיטאָל מיט זײַנע טרעפּ און קאָרידאָרן.

— אַזוי גאָר. דאָס איז אַלץ! — רופט אויס דער מאַשיניסט.

פון דעם מאָמענט און ווײַטער איז דער מאַשיניסט געוואָרן אויס מיטפאָר׳ער, אַוועקגעוואָרפן דעם סתּמיקן טאָן און שוין ווי אַן אָפּיציעלער אָנפירער פונעם לאָקאָמאָטיוו און ווי דער וואָס ווייס דעם רײַזעפּלאַן פון פאָרויס, געמאָלדן מיט אַ הויך קול, כּדי איבער־צושרײַען דאָס סאָפּען און דאָס פרײַכן פון דער לויפנדיקער מאַשין און פונעם רעש וואָס דער שופל מאַכט בעת ער פאַרמעסט זיך מיטן קוילנבאַרג:

— מיר פאָרן ניט ווײַטער. מיר פאָרן ניט פאָרויס. מיר פאָרן אויף צוריק! איר הערט וואָס איך זאָג!? מיר פאָרן צוריק. צוריק צו יענע געוועזענע גאַסן, צו יענע ניט־פאַראַנענע הײַזער. איר זײַט אַ בעל־חוב. איר ווייסט דאָס? איר דאַרפט איצט צאָלן דעם פּרײַז פון די אויסגעבאָרגטע, פון די אָפּגעלעבטע יאָרן!

ווי נאָר דער מאַשיניסט איז אַנטשוויגן געוואָרן, האָב איך דער־פילט דעם הייצערס האַסטיקן אָטעם אויף מײַן קאַרק און זײַנע שווערע הענט אַרום מײַן גוף. ער ציט מיך און שלעפּט מיך צום צעגליטן פּיסק פונעם אויוון. ס׳לשון ווערט מיר אָפּגענומען. איך ווער זיך מיט די לעצטע כּוחות. דער מאַשיניסט מאַכט זיך ניט זען וואָס דער הייצער טוט מיט מיר. ער לאָזט אין גאַנג די סירענע. טאָמער שרײַ איך, זאָל מײַן געשריי פאַרטויבט ווערן פונעם צעצווי־געגנעם לאָקאָמאָטיוו־פּײַף.

די פײַערצונגען באַלעקן זיך פון תּאווה. אויף אַזאַ ביסן וואַרטן זיי שוין זייער לאַנג. ס׳איז זיי נימאס צו שפּײַזן זיך כּסדר מיט קוילנברילעס, וואָס פלאַקערן אויף גיך, אָבער נאָך גיכער צעפאַלן זיי זיך, איידער מע קומט צום טעם פון ברען.

איך בין שוין האַרט בײַם פײַער. נאָך אַ שטופּעלע און דאָס פײַער נעמט מיך אַרום און וויקלט מיך אײַן פון אַלע זײַטן.

אין לעצטן מאָמענט כאַפּ איך זיך אָן אין אויוון־טירל. עס פילט זיך אַ ריח פון אָפּגעזענקט פלייש. איך צי צוריק די הענט. די הויט בלײַבט אויפן טירל. ס׳איז מיר שוין אַלץ איינס. זאָל געשען וואָס עס

דאַרף געשען. דער הייצער בליצט מיט די ווײַסע ציין. דאָס איז אַזאַ מין שמייכל פון נצחון. דער מאַשיניסט הערט ניט אויף צו ציִען דאָס סירענע־הענטל. ער וויל מן־הסתם מיטן פײַפן פאַרטויבן זײַן לעצטן מענטשלעכן פונק.

די רעכטע האַנט טוט מער ברענען פון דער לינקער. איז רויטער פון דער לינקער. קאָן זיך ווינציקער באַוועגן, ווײַל דורך דער נאָדל וואָס איז אין איר אַרײַנגעשטעקט טריפט אַראָפּ פון די צוויי פּלאַס־טיק־זעקלעך אין מײַנע אָדערן, טראָפּן נאָך טראָפּן, די אַנטיביאָטיק־פליסיקייט, וואָס די קראַנקן־שוועסטער האָט נאָר וואָס אויפגע־האַנגען לעבן מײַן בעט אויף אַן אײַזערנעם שטאַנג.

## ס׳איז אַ גרינע לאָנקע

ווער מיר בעט, וואָס מיר שפּיטאָל — ס׳איז אַ גרינע לאָנקע גאָר, פול מיט מאַנבלומען רויטע, מיט פייגל־געזאַנג, ביימער־גערויש און אַרום יעדן בוים אַזוי פיל געבענטשטע רו.

ניט ווײַט פון דעם אַ גן־עדן — אַ לויטער וואַסערל. אַ שטי־לינקער שטראָם וואָס קוואַלט און קוואַלט מיט קילן גנאָד און פּלאַפּלט אויף זײַן וואַסערדיקן לשון מיט יעדן שפּענדל, מיט יעדן שטיינדל, מיט יעדער זשאַבקעלע וואָס קומט אים אַנטקעגן.

בײַ דער זײַט פון דער לאָנקע האָבן קינדער צעלייגט אַ שײַטער און מע באַקט דאָרטן קאַרטאָפל, אַז עס גייט אַזש אַ רויך. מיט יעדן צוגעוואָרפענעם צווײַגל צום שײַטער, ווערט דער פלאַם אַלץ דרייס־טער, אַלץ פאַרשײַטער.

גיי איך מיר דאָרטן איבער דער גרינער לאָנקע. בלאָנקע זיך געמיטלער צווישן די מאַנבלומען רויטע. כ׳בייג זיך אַפילו אַראָפּ און נעם רײַסן אַ בלום, און די בלום בריט מיר אָפּ די פינגער. איך כאַפּ צוריק מײַן האַנט. כ׳זוך מיט די אויגן אַן אָרט, ווו צו שטילן דעם ווייטאָג. כ׳לאָז זיך צום שאָטן, וואָס דער צווײַגן־געפלעכט און די געדיכטע בלעטער האָבן אויסגעשפּונען אַרום די ביימערשטאַמען. איך האָף אַז דער שאָטן וועט מיט זײַן קילן אָטעם לינדערן מיר

דעם ברען. דערוויַיל האָט דער שאָטן מיט קאַלטער רציחה אָנגע־צונדן מיר אין די אָדערן פון די פיס אַזאַ פייַער, וואָס בלויז אַ וואַסער וואָלט עס געקאָנט פאַרלעשן.

שפּרינגענדיק און הינקענדיק פון פוס צו פוס, בין איך פון שאָטן צום וואַסער אַנטלאָפן. צום דערפרישנדיקן געפּליעסק פון באַוועגלעכן זילבער און מיט לײַב־און־לעבן זיך איבערגעגעבן אין רשות פונעם שטראָם.

ווער האָט געזאָלט וויסן? ווער האָט געקאָנט קלערן, אַז אָט דאָס אומשולדיק אויסזעענדיקע וואַסערל פאַרמאָגט אין זיך די היץ פון אַ קאַלכאויוון און כ׳וועל פון אים אַרויס מיט אַן אָנגעגליטן קאָפּ ביז צום פּלאַצן.

— איך ווער פאַרברענט!

איך זע פון דער וויַיטנס פונקען פליען. איך הער פון דער וויַיטנס דעם שייַטער קנאַקן. איך קאָן מער ניט אייַנשטיין. איך קאָן מער ניט ליגן, איך קאָן זיך מער ניט וואַלגערן פון זייַט צו זייַט און מיט יעדן וואַלגער שטייַגט דער בראַנד. מיט די לעצטע כּוחות קריך איך אויף אַלע פיר אַוועק, און וואַרף זיך אַרייַן אין די העלישע אָרעמס פון שייַטער, וואָס קינדער האָבן צעלייגט אויף צו באַקן קאַרטאָפל.

איך וויל וואָס גיכער פאַרשׂרפעט ווערן. ווערן אַש. ווערן רויך. אָבער פלא־פלאים — דאָס אָנגעגליטע מויל פונעם שייַטער האָט פון מיר אַרויסגעזויגן יעדן שמץ פון היץ, האָט פון מיר אָפּגעלעקט דעם קלענסטן פייַערפונק און כ׳בין פון אים אַרויס גאַנץ און געלייַטערט.

מיט אַ שייַנענדיק פּנים און מיט אַ לייַכטן טראָט לאָז איך איבער די גרינע לאָנקע. די מאָנבלומען בייגן זייערע רויטע קעפּלעך און מאַכן מיר אַ וואַרע, ווי ס׳וואָלט גאָרנישט, אָבער טאַקע גאָרנישט ניט געשען, און דאָס בנעימותדיקע וואַסערל ווינטשט מיר אַ זייַ־געזונט!

## ניט מער קײן גולם, קײן פּלאַטערל

די היץ אין מײַן גוף האָט זיך געהויבן, די היץ אין מײַן לײַב איז געשטיגן איבער קאָכעדיקע טרעפּ און מײַן גוף מיטגעשלעפּט העט־העט, אַרויף צו די סאַמע נעפּלען, צו די לעצטע קנוילן, ווו די געדאַנקען ווערן נעלם, ווו דאָס באַוווסטזײַן ווערט פאַרהוילן אויף אַ מינוט, אַ שעה, אויף תּמיד.

מײַן גוף, מײַן לײַב האָט זיך, ווײַזט אויס, אַנטקעגנגעשטעלט. ניט געוואָלט פון אײגענעם ווילן דערקלעטערן צום פאַרצוקנדיקן בראַנדמויל פון ניט־ווערן — האָט עס זיך ערגעץ אויף אײנעם פון די שטאַפּלען געטאָן אַ וואַקל און געבליבן הענגען אויף אַ האָר פון דער וואָר, פאַרגולמט אין אַ הײַטל.

דעם בלינדן גולם, אַרומגענומען און באַשיצט פון קעלט און פון היץ, איז גוט געווען אַזוי אין דער פינצטער. אָן אַ טירל און אָן אַ פענצטער האָט ער זיך געפילט צום בעסטן. מיטן אונטערגעדאַנק וואָס ס'איז געווען און וואָס ס'האָט געקאָנט געשען האָט ער ניט געוואָלט זיך שײדן פון דער קליפּה און אַרויס צום ליכט פון טאָג. האָט ער זיך געדרײט אַהין, אַהער. ס'איז דעם גולן געוואָרן שווער. ס'איז דעם גולם געוואָרן ענג. ס'האָבן פליגעלער זיך בײַ אים צעשפּראָצט און צעשפּרײט, און פון הײַטל זיך באַפרײַט. פון גולם איז אַ פּלאַטערל געוואָרן. אַ פּלאַטערל אַ הויכעלע, אַ רויכעלע. קוים וואָס עס לעבט. קוים וואָס עס שוועבט. אַ פּלאַטערל, אַ פליטערל, אַ ציטערל.

אַ פליִעלע און אַ רועלע אויף אַ בלימעלע, אַ בלעטעלע. אַ הייבעלע און אַ פאַל. אַן אָנשפּאַרן זיך אויף אַ גרעזעלע. אַן אונטערהאַלטן זיך אויף אַ שטרויעלע. אַ דערמינטערן זיך מיט אַ ווינטעלע, מיט אַ טויעלע. אַ שטרויכל און נאָך אַ שטרויכל. די פליגעלעך אָבער שטאַרקן זיך. זײ פילן זיך אָן מיט אַ כּוחל און מיט נאָך אַ כּוחל.

פּלוצעם בין איך שוין מער ניט קײן גולם, קײן פּלאַטערל. כ'דערשפּיר, אַז כ'האָב צוריקבאַקומען די פיס, די הענט, דעם קאָפּ, די אויגן. כ'קאָן זיך זעצן, כ'קאָן זיך הייבן און אַפילו בייגן. די קניִען ציטערן. די פיס טראָגן נאָך ניט דעם קערפּער. אָבער די הענט, די אומגעדולדיקע הענט, האַלטן שוין די פען און דאָס פּאַפּיר און

איַילן זיך צו באַשריַיבן ווי דער היץ־מולך האָט מיך פֿאַרלוירן אין רעכטן מיט פֿון ברען, און כ׳בין ניט מער קיין גולם און ניט קיין פּלאַטערל.

# לויף קינד, לויף צום וואַלד

דער עלטער־זיידע, פּתחיה בן־משה, האָט געהאַט דריַי זין מיט איין טאָכטער. ביַי איינעם פֿון די זין, אברהם, זענען געבוירן געוואָרן איינס נאָך ס׳אַנדערע פֿינף טעכטער און אין שפּעטן עלטער האָט אים ערשט גאָט באַשאָנקען מיט אַ בן־זכר.

פֿון אָט דעם זון — משה האָט ער געהייסן — זענען אַרויסגעקומען צוועלף זין, ווי די צוועלף שבטים.

עלף פֿון די זין האָט דער דיַיטש אומגעבראַכט. בלויז דער יִינגסטער, דאָס בר־מצוה־בחורל, פּתחיה בן־משה, איז ניט על־פּי־נס, נאָר על־פּי־כּלב געבליבן לעבן. אַ הונט, אַ געוויינטלעכער דאָרפישער הונט מיט אַראָפּגעלאָזטע אויערן און מיט שוואַרצע פּלעקן אויף זיַין וויַיסער פֿעל האָט זיך אויף אים מרחם געווען און זיך מיט אים געטיילט מיט זיַין הינטישער בודע.

דער הונגער האָט דאָס יִינגל פֿון וואַלד, פֿון שניי־באַדעקטן וואַלד צום דאָרף געטריבן. קיין ברויט האָט דאָס יִינגל ניט באַוויזן צו געפֿינען, דאַקעגן זענען אים אַ כאָפּטע שקצים באַפֿאַלן מיט שטעקנס. ער האָט זיך פֿון זיי אַרויסגעריסן און ס׳איז אים געלונגען צו אַנטלויפֿן. די שקצים האָבן אים נאָכגעיאָגט. לעבן אַ הינטישער בודע האָט ער זיך אויסגעגליטשט און אַ סאַפּנדיקער, אַ פֿריַיכנדיקער געבליבן ליגן. ער האָט ניט געהאַט מער קיין כּוח אויפֿצוהייבן דעם אויסגעמאַרעטן גוף און וויַיטער לויפֿן. דאָס האַרץ האָט אין אים קאַלאַטעט מיט אַזאַ קראַפֿט, ווי ניט איין האַרץ וואָלט אין אים געזעסן, נאָר צען.

פֿון דער בודע האָט זיך באַוויזן אַ הונט. ער האָט זיך דער־

נענטערט צום ליגנדיקן ייִנגל אויף וויפל די קייט האָט דערלאָזט. די קולות פון די שקצים האָבן זיך דערנענטערט און ניט אָנגעזאָגט קיין גוטס. דער הונט איז געשטאַנען איבערן ייִנגל אָן באַוועגונג און אים אַ לאַנגע ווײַלע באַטראַכט. דערנאָך אים פּאַרזיכטיק באַשמעקט פון אַלע זײַטן. ערשט דאַן האָט ער פריַי געלאָזט די צונג און מיט איר אַרומגעלעקט אים די הענט און דאָס פּנים. אַלע זײַנע גלידער האָבן אויפגעלעבט. די קייט בלויז האָט אים געשטערט זיך איבער־צוגעבן אין גאַנצן צום ייִנגל. ער האָט חדווהדיק און אויפגעהײַטערט געדרייט מיטן קורצן עק און דאָס דרייען באַגלייט מיט אַ צופרי־דענעם געברום. דעם הונטס אָטעם איז געווען אַזוי באַרויִקנדיק, אַזוי וואַרעם און געלאַסן. זײַן בליק — אַזוי פאַרטרויִלער־ווייך און די עפענונג פון דער בודע גאַר, גאַר נאָענט. האָט זיך דאָס ייִנגל עטוואָס אונטערגעהויבן אויף די עלנבויגנס און דאָרט אַרײַנגעקראָכן. אין אָט דער בודע איז ער שוין פאַרבליבן.

געפינענדיק זיך טעג און נעכט. נעכט און טעג אין דער מחיצה פון הונט, זענען דעם ייִנגל ניט איין מאָל געקומען אויפן זין רויזע־רבקהס מעשהלער וועגן „גוטע ייִדן", בעלי־מופתים און צדיקים וואָס האָבן זיך פאַרשטעלט פאַר דאָרפגייערס, אַרענדאַרן, בעט־לערס און זיך אַלע מאָל באַוויזן דאָרט ווו אַ ייִד איז געווען אין אַן עת־צרה.

רויזע־רבקה איז געווען זײַן מאַמעס אַ ווײַטע קרובה. אַן אַלטע מויד מיט אַ געשטופּלט פּנים און מיט אַ שייטל וואָס האָט באַהאַלטן אירע אויסגעקראָכענע האָר. זי האָט געשטעלט שווערע און גע־אײַלטע טריט וואָס האָבן גאָרניט געפּאַסט פאַר אַ פרוי. גערעדט האָט זי צו הויך און זיך בשעת־מעשה אַרויסגעהאָלפן מיט די צוויי אויסגעהאָרעוועטע הענט. אָט די ווײַטע קרובה האָט געוווּסט צו דערציילן צענדליקער און צענדליקער מעשׂיות. זיי האָבן זיך בײַ איר קיין מאָל ניט געענדיקט. בעתן דערציילן האָט זי ליב געהאַט צו טרינקען טיי פאַרביסן מיט אַ שטיקל האַרטן צוקער. אַזוי גרויס ווי די מעשׂה איז געווען, אַזוי פיל גלעזער טיי האָט זי געטרונקען. די מאַמע האָט שוין געזאָרגט אַז דער טשײַניק זאָל ניט אויפהערן צו קאָכן. אַזוי הויך ווי זי האָט גערעדט, אַזוי הויך האָט זי די טיי

געזופט. צווישן איין זופּ און דעם צווייטן האָט זי ווײַטער דער־ציילט און אַלע מאָל איז דאָס געווען מוצאי־שבת נאָכן ערשטן שטערן, נאָך שלוש־סעודות, ווען מען האָט שוין געמעגט אָנצינדן ליכט און צושטעלן אַ טשײַניק וואַסער צום זידן.

רויזע־רבקהס קומען האָט דעם טאַטן געגעבן אַ געלעגנהייט צו פאַרלאָזן די שטוב און גיין באַזוכן די פאַרהייראַטע זין. בלויז די מאַמע און ער, פּתחיה, מיט נאָך צוויי שכנות, זענען געווען בעל־נים און שוין אָפּגעוואַרט צו הערן רויזע־רבקהס שילדערן די ווונ־דערלעכע פּאַסירונגען פון די „גוטע ייִדן". יעדער מעשׂה האָט זי שטענדיק פאַרענדיקט מיטן זעלבן נוסח:

— זייער זכות זאָל אײַך אַלעמען בײַשטיין און אײַך אָפּהיטן פון אַלדאָס בייז.

ניט אַנדערש — האָט דאָס ייִנגל ווײַטער געצויגן זײַן מחשבה און עס צונויפגעבונדן מיט רויזע־רבקהס מעשׂיות — אינעם הונט געפינט זיך די נשמה פון אַזאַ צדיק, וואָס איז געשיקט געוואָרן אים צו באַשיצן. דער הונט האָט ווי געלעבט בלויז פאַר אים. וואָך געווען צו יעדן שאָרך. חושד געווען די מינדסטע באַוועגונג. די אַראָפּ־הענגענדיקע אויערן האָבן זיך פּלוצעם אויפגעשטעלט ווען ער האָט פון דער ווײַטן דערשפּירט אַז עס דערנענטערן זיך צום דאָרף זשאַנדאַרמען. ער האָט זיך געדרייט אַרום דער בודע. געדראַפּעט מיט די פאָדערשטע פיס די האַרטע, פאַראײַזטע ערד און אַזוי אַרום געוואָרנט דעם ייִנגל אַז עס דראָט אים אַ סכּנה. געוואָרטשעט בייז ווען אַ קינד, אַ קליין קינד, וואָס האָט נאָך גאָרניט פאַרשטאַנען איז צו נאָענט צוגעקומען צו דער בודע. צעבילט זיך אויף אַנדערע הינט, געשטשירעט צו זיי מיט די ציינער אַז עס זאָל בײַ זיי אָפּגעּ־נומען ווערן דער חשק צו וועלן זיך חברן מיט אים. ווען דער ווינטער האָט זיך געשטאַרקט, האָט דער הונט אים געבראַכט צו שלעפּן דעם באַלעבאָס אַן אַלט, פאַרלעגן פעלצל. איין מאָל, בײַ נאַכט, ווען די פויערטע האָט אים, ווי געוויינטלעך, אָפּגעבונדן פון דער קייט, איז דער הונט אַוועק, געפירט פונעם חוש־הריח, אויפ־געריסן אַ ברעט פון עמעצנס אַ קעמערל, געשטעלט זיך אויף די הינטערשטע פיס, אַראָפּגעריסן פון אַ האָקן אַ הענגענדיקן ווורשט,

דעם װוּרשט געבראַכט צװישן די ציין אין דער בודע און ניט צוגע־רירט זיך צו דעם (כאָטש ס׳איז אים געראָנען אַ גאַװער פֿונעם פּיסק) אַזוי לאַנג ביז דאָס ייִנגל איז צוריקגעקומען פֿון זײַנע נאַכט־װאַנדע־רונגען. ערשט דעמלט האָבן זיי אין צווייען געפּראַוועט די אמת־דיקע סעודה.

בדרך־כּלל האָט דאָס ייִנגל אַליין געזאָרגט פֿאַר זײַן שפּײַז. אויף די נאַכט־שפּאַצירן איבער די פּויערישע ביידעמער, שײַערן און שטאַלן איז דעם ייִנגל ניט אַלע מאָל געלונגען צו געפֿינען עפּעס װאָס טויג אויף אָנצופּילן דעם ליידיקן מאָגן. דעמלט פֿלעגט ער, בלית־ברירה, עסן מיטן הונט די שיריים װאָס די פּויערטע, אָדער דער פּויער האָט אַרײַנגעשטעלט אין דער בודע.

אין די גאָר גרױסע קעלטן איז דאָס ביסל שטרוי, דעם פּויערס אַלט פּעלצל, װאָס דער הונט האָט געבראַכט, די אַרומגעבונדענע שמאַטעס אויף די פֿיס ניט גענוג געװען צו דערװאַרעמען דעם ייִנגלס אָפּגעשװאַכטן גוף. אין אַזעלכע נעכט האָט ער זיך אַרײַנ־געכאַפּט אין אַ שכנישן חזיר־שטאַל און דאָרט, צװישן די אויסגע־פּאַשעטע חזירים און די קליינע חזירימלעך איבערגעקומען די נעכט.

די חזירים האָבן זיך גאָר גיך צוגעװוינט צום ייִנגל. זיי זענען מער ניט אויפֿגעשפּרונגען אין בהלה, זיך ניט צעריטשעט מער װען ער האָט זיך צוזאַמען מיטן קליינװאַרג צוגעטוליעט צו זייערע פֿעטע לײַבער. זײַן געכאַפּטער שלאָף איז אָפֿט איבערגעריסן געװאָרן פֿון די איבלדיקע ריחות, פֿון זייער דריגען מיט די פֿיס און פֿון די קולות װאָס די חזירים האָבן אַרויסגעלאָזט פֿון שלאָף.

איידער ס׳האָבן זיך דערהערט די ערשטע שטימען פֿון די אויפֿ־געקומענע אין די כאַטעס, איידער ס׳האָט זיך באַװיזן דער ערשטער רויך פֿון די קוימענס אויף די דעכער, איידער ס׳האָט נאָך אָנגע־פֿאַנגען בלויען אויף טאָג, איז דאָס ייִנגל שוין צוריקגעקומען אין דער בודע. דער הונט האָט אים אָפּגעװאַרט. ערשט װען דאָס ייִנגל איז װידער געװען לעבן אים, װען ער האָט געפֿילט דעם ייִנגלס האַנט אויף זײַן קאָפּ, האָט זיך דער הונט אַ באַרויִקטער אײַנגעדרייט אין אַ קנויל און איז אײַנגעשלאָפֿן.

דעם הונטס באַלעבאַטים זענען שוין געװען עלטערע מענטשן.

דער פּויער מיט דער פּויערטע האָבן קיין קינדער ניט געהאַט. זיי האָבן אַפילו קיין אייגן שטיקל ערד ניט פאַרמאָגט. דאָס הײַזל האָט זיך פון אַלטקײַט אויסגעקרימט. די פענצטער זענען אַראָפּגעזונקען צו דער ערד. דער אויוון איז זעלטן אײַנגעהייצט געוואָרן. דאָס נאַפּטלעמפּל האָט קוים געזשיפּעט. חיונה האָבן די צוויי מענטשן געצויגן פון טאָגאַרבעט בײַ יענעם. אין שטעלעכל איז געשטאַנען נאָר איין קו און עטלעכע הינער. דער הונט איז געווען דער איינציקער שומר אַ גאַנצן טאָג אויף אָט דעם ביסל אָרעמקייט.

דער פּויער מיט דער פּויערטע האָבן מן־הסתּם געוווּסט וואָס אין דער הינטישער בודע טוט זיך, אַז אויסערן הונט געפינט זיך דאָרט נאָך עמעצער. זיי האָבן אָבער ניט געמאַכט זיך זען און וויסן און ניט גערעדט דערפון.

איין מאָל האָט דאָס ייִנגל געהערט ווי די פּויערטע דערציילט איר מאַן, שטיקנדיק זיך מיט די טרערן, אַז זי האָט געזען בײַ דער באַנליניע ווי אַ דײַטשער זשאַנדאַרם שלעפּט בײַ די האָר אַ ייִדיש מיידל איבערן שניי. דאָס מיידל איז געווען פאַרוווּנדעט. די הענט און די פיס האָבן געבלוטיקט. זי איז, ווײַזט אויס, געשפּרונגען פון אַ דורכפאָרנדיקן טראַנספּאָרט. דאָס מיידל האָט איבערגעלאָזט רויטע פאַסן בלוט אויף דער ווײַסקײַט פון שניי. פון איר מויל האָט מען ניט געהערט ניט קיין קרעכץ און ניט קיין געוויין.



דעם ייִנגלס זכּרון האָט חוץ רויזע־רבקהס מעשׂיות וועגן „גוטע ייִדן" אויך אָפּגעראַטעוועט פון זײַן היים די בר־מצווה־דרשה. די דרשה וואָס איז ניט געהאַלטן געוואָרן און צו וועלכער ער און זײַן משפּחה האָבן זיך אַזוי געגרייט. ער האָט די דרשה איבערגעחזרט אין געדאַנק ליגנדיק אין זײַן באַהעלטעניש. געמורמלט זי בעת ער איז בײַ נאַכט געשפּרונגען איבער פּלויטן, אָפּגעשפּאַרט טירן און געקראָכן אויף לייטערס, און טאַקע מיטן טראָפּ, אַזוי ווי דער געדונגענער מלמד האָט אים געלערנט.

אין טאָג פון דער בר־מצווה. אין יענעם שבתדיקן פרימאָרגן איז אים די מאַמע פאַרלוירן געגאַנגען אין דער סומאַטאָכע און

אין דעם טומל אויפֿן מאַרקפּלאַץ, בעת מען האָט דאָרט צונויפֿגעטריבן אַלע ייִדן פֿון שטעטל — איינצלנע און גאַנצע משפּחות מיט פּעק אין די הענט, מיט זעק אויף די פּלייצעס.

אַנשטאָט אין שול אַרײַן מ׳זאָל אים אויפֿרופֿן צו לייענען, די פּרשה פֿון דער וואָך, איז ער מיטן טאַטן און מיט די אַנדערע ייִדן אַרויסגעיאָגט געוואָרן אויפֿן טראַקט. דער טאַטע האָט נערוועז געדרייט מיטן קאָפּ אין אַלע זײַטן און מיטן בליק אַרומגעזוכט די מאַמע צווישן דער צונויפֿגעדרענגטער מאַסע און זי ניט געפֿונען. ער האָט זי ניט געקאָנט גיין זוכן. באַשטיוולטע זעלנער מיט אָנגעהאָנגענע אויטאָמאַטן האָבן זיי באַוואַכט פֿון אַלע זײַטן.

פֿון זינט דעמלט האָבן זיך בײַם ייִנגל די טעג און וואָכן אויסגעמישט. ער האָט זיי אויפֿגעהערט צו ציילן. דאָקעגן די דרשה איז ער ניט מיד געוואָרן צו זאָגן און איבערזאָגן. די דרשה איז בײַ אים געווען ווי דער לעצטער פֿאָדים וואָס בינדט אים נאָך צו דער היים און צו טאַטע־מאַמע. טאָמער פֿאַרגעסט ער דאָס, וועט ער זיי שוין קיין מאָל, קיין מאָל מער ניט זען.



די ערשטע, וואָס האָבן דעם ייִנגל אָנגעזאָגט, אַז מען האָט שוין דעם דײַטש פֿאַריאָגט און צעשמעטערט, זענען געווען די גלאָקן־קלאַנגען פֿון די אַרומיקע קלויסטערס. זייערע דערוואַכטע צינגלער האָבן אויפֿגערודערט די גאַנצע סביבה. גלאָק האָט זיך צו גלאָק אַרונטערגעלאָזט. גלאָק האָט איבער גלאָק זיך אויפֿגעהויבן. די זון האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אינעם קופּער פֿון די צעהוידעטע גלאָקן און צוזאַמען מיט זיי זיך מיטגעוויגט ביז דער טאָג האָט זיך געעקט.

דאָס ייִנגל האָט אויסגעוואַרט. ניט געיאָגט זיך צו פֿאַרלאָזן די באַהעלטעניש. ערשט נאָך לאַנגע וואָכן, ווען די האַמערס און די זעגן האָבן זיך צעהילכט און פֿורלער מיט בוי־מאַטעריאַלן זענען געפֿאָרן צו דער צעשטערטער, הילצערנער בריק — ערשט דעמלט איז דאָס ייִנגל, פּתחיה בן־משה, אויף אַלע פֿיר אַרויסגעקראָכן פֿון דער הינטישער בודע. אַרויסגעקראָכן, געשטעלט זיך אין זײַן גאַנצער

הויך און צום ערשטן מאָל אָן ציטער און אָן שרעק אַרײַנגעקוקט דעם העלן טאָג אין פּנים אַרײַן. ער האָט עפּעס געוואָלט זאָגן דער צעשײַנטער זון און ניט געוווּסט ווי אַזוי מען דאַרף רעדן צו אַ זון וואָס מ׳האָט חדשים אויף חדשים אויסגעמיטן און זיך באַהאַלטן פון איר.

זײַנע פיס האָבן ניט געפאָלגט און ניט געוואָלט גיין אין דער ריכטונג פון שטעטל (איבערגעקערטער טיש. שערבלעך פון טעפּ. צעריסענע ספרים). ער האָט זײַנע טריט פאַרקערעוועט צו די קאָרנפעלדער און פון די קאָרנפעלדער צו די ביימער פון די טונקל־בלויע וועלדער (מען יאָגט. מען שטויסט. מען פאַלט. ער האַלט דעם טאַטנס גרויסע האַנט. דער טאַטע שטויסט אים פון דער ריי מיט גוואַלד: לויף קינד, לויף צום וואַלד!).

דאָס ייִנגל האָט זיך נאָך אַלץ געפילט זיכערער צווישן די געדרייטע סטעשקעס, אויף פאַרבאָרגענע פעלדוועגלעך, ווײַט פון הויפּטוועגן און געפלאַסטערטע שאָסייען אויף וועלכע ס׳האָבן זיך באַוועגט פויערישע פערד־און־וואָגנס, פרויען מיט קינדער־וועגע־לער, מענער אויף ראָווערן, מיליטערישע לאַסטאויטאָס און ציווילע אויטאָמאָבילן.

די פעלדער האָבן אים גענערט מיט אַ רויען קאַרטאָפל, אַ מייער, אַ קילעריבן. דער וואַלד האָט אים באַשאָנקען מיט בלוי־פאַרהויכטע יאַגדעס, רויט־קעפּלדיקע מאַלינעס און פון צײַט צו צײַט אים אונטערגערוקט אַ ניסל.

מער פון אַלץ האָט אים געשמעקט דאָס קלאָרע, דאָס קילע, דאָס צעפלוישטע קוואַלוואַסער. אָנגעגעגנט אַ קוועלעכל, איז אים שווער געווען פון דעם זיך אָפּצורײַסן. ער האָט זיך אײַנגעקוקט. אינעם וואַסער האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט ווילד צעוואַקסענע און פאַר־קאָלטנטע האָר און אַן אומבאַקאַנט פּנים. ער האָט אַ טרויעריקן שמייכל געטאָן. דער, פון וואַסער, האָט אים אָפּגעענטפערט מיט דעם זעלבן שמייכל.

דאָס ייִנגל האָט געזשמורעט מיט די אויגן, דאָס טאָגליכט האָט אים נאָך אַלץ געשטערט.

געשטילט דעם דורשט, האָט ער אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די

קליידער און אַרײַן אין וואַסער אויף אָפּצוטובלען זיך. ער איז דער־שטוינט געוואָרן צו זען ווי דין זײַנע הענט און פיס זענען, ווי די ריפּן קוקן איינס נאָכן אַנדערן אַרויס פון אונטער דער הויט.

אויסגעבאָדן זיך, איבערגעשווענקט די בגדים, צעהאָנגען זיי אויף אַ צווײַג צום טריקענען, איז דאָס ייִנגל, אַ נאַקעטער, פאַרקראָכן אינעם הויכן גראָז און זיך דאָרט אויסגעצויגן.

דאָס אויער האָט זיך צוגעהערט צום זשום פון אַ פליג און צום זשום פון אַ בין. צום טריל פון אַ פויגל און צום גרילץ פון אַ גריל. צום רויש פונעם וואַסער און צום שאָרך פונעם ווינט.

דאָס אויער האָט זיך צוגעהערט און דאָס אויג האָט זיך צוגע־קוקט: אָט איז אַנגעפלויגן אַ פייגעלע און אַ צווייטס און אַ דריטס. מען האָט זיך אונטערגעטוקט אינעם צעפינקלטן זילבער פונעם קוועלעכל, אַרויס פון וואַסער, געקלאַפּט מיט די פליגעלער, אָפּגע־טרייסלט די טראָפּנדלער. איינס האָט נאָכגעיאָגט דאָס צווייטע, געשטיפּט, געהויבן זיך, ווידער זיך אַרונטערגעלאָזט און געצוויטשערט מיט אַזאַ יונגער זאָרגלאָזיקייט, אַז כאָטש גיי ווער אויך אַ פויגל און פלי מיט.

די פלאַטערלער, דאַקעגן, די מאָטילן, זיי האָבן קיין קולות, ווי די פייגעלער, פון זיך ניט אַרויסגעלאָזט. דערפאַר האָבן שוין די רעגנבויגן־קאָלירן פון זייערע פליגל־געוועבן אַראָפּגעזונגען. זיי האָבן אַרומגעקרײַזט אָן רעש און אָן רויש און אין מיטן פונעם געדרײַ זיך גאָר אָנגעהאַנגען אויף אַ שטענגל פון אַ גראָז. די גרינקייט פונעם גרעזל האָט זיך צונויפגעהעפט מיט דעם פלאַטערלס געל־רויט־ראָזעדיקייט און זיך צוזאַמען געוויגט אונטערן באַריר פונעם ווינט.

צום קוועלעכל איז געקומען אַ שלוק טאָן פון דעם קיל־גלאַנ־ציקן געטראַנק אַ העזל און אַ וועווערקע מיט אַ פאַרריסענעם עק איז פלינק אַראָפּגעשפּרונגען פון אַ בוים.

סײַ דאָס העזל און סײַ די וועווערקע, ווי נאָר זיי האָבן דער־הערט, אָדער עס האָט זיך זיי געדוכט, אַז זיי הערן עמעצנס טריט, אַזוי זענען זיי אָפּגעשפּרונגען און זיי זענען ניט געוואָרן.



דאָס ייִנגל האָט ניט געוווּסט צי ער איז אײַנגעשלאָפן, אָדער דאָס איז פאָרגעקומען אויף דער וואָר. פּלוצעם, אין מיטן דער זומערדיקער חמימה, האָט ער זיך דערזען אַרומגערינגלט פון אַ מנין באַיאָרטע, מיושבדיקעביימער. די פייגעלער, וואָס האָבן אָקאָרשט אַזוי געפילדערט און אַרומגעיאַכמערט, זענען זיך איצט אַזוי סטאַטעטשנע געזעסן אויף די צווײַגן. זייערע ווײַסע בײַכלעך האָבן פון דער ווײַטנס אויסגעזען ווי טלית־קטנס. ס'איז צוריקגעקומען די וועווערקע מיט אַ קייבערל ניס און דאָס העזל איז געווען אויפן אָרט. עס האָט זיך געווישט די פּײַכטע אויגן מיט אַן אָפּגעריסן בלעטל.

— דאָס זענען מיר געקומען — האָבן זיי ביידע מיט אַ מאָל געזאָגט אין איין אָטעם מיט אַ מענטשלעכער שטים — צו דײַן פאַרשפּעטיקטער בר־מצוה. מיר האָבן זיך אַלע צונויפגעזאַמלט צו הערן דײַן דרשה. מזל־טוב דיר, קינד!

די באַזאַכטע ביימער האָבן צוגעשאָקלט מיט זייערע לאַנגע בערד:

— מזל־טוב!

דאָס ייִנגל האָט זיך אײַנגעהערט. דאָס ייִנגל האָט זיך אַרומגעקוקט. ער האָט געזוכט צווישן די ביימער דעם טאַטנס אויסגעשטרעקטע האַנט און זי ניט געפונען. ער האָט זיך אײַנגעהילט אין גרויס עצבות און זיך ניט גערירט פונעם אָרט.

אַלץ אַרום האָט געוואַרט. אַלץ אַרום האָט געוואָלט הערן כאָטש אַ וואָרט, אַ קלאַנג פונעם ייִנגלס מויל, אָבער ער האָט געשטומט. ס'איז געוואָרן אַזוי שטיל, אַז אַפילו דער ווינט האָט ניט געוואָגט אַ בלאָז צו טאָן.

די ביימער האָבן אָפּגעווישט די ליפּן און מיט אַראָפּגעלאָזטע אַקסלען זיך פונאַנדערגעשאַרט.

די פייגעלער, די וועווערקע, דאָס העזל — יעדער פון זיי האָט זיך פּאַוואָליע צוריקגעצויגן און געגאַנגען זײַן וועג.

די איינציקע וואָס איז געבליבן מיטן ייִנגל, פּתחיה בן־משה, איז געווען די זון. זי האָט אים געוואַרעמט. זי האָט איבער אים

געשײַנט. זי איז מיט אים מיטגעגאַנגען העט, העט אַזש ביז צום סאַמע האָריזאָנט. פונעם האָריזאָנט האָט אים די לבנה איבערגענומען און מיטגעשוווּמען.

פאַרן סוף פון דער נאַכט האָט זיך די לבנה פונעם יינגל אָפּגעשיידט, אָפּגעטײלט און אים געלאָזט אַליין אַרײַנשפּרייזן אין ליכט פונעם אויפגייענדיקן טאָג.

# די חלום־רויז

מײַן שוועסטער, מײַן זעכצן־יעריקע שוועסטער מיט די בלאָנדע לאָקן און בלויע אויגן, איז עלטער געווען פון מיר מיט פיר יאָר.

אין געטאָ האָט זי מיר פאַרביטן טאַטע־מאַמע. זי האָט דעם חוב פון טאַטע־מאַמע אָנגענומען באהבה און עס געטאָן מיט לײַב־און־לעבן, ווי זי וואָלט עס שוין זייער לאַנג געטאָן. דער „זייער לאַנג" האָט זיך אָנגעהויבן בלויז מיט געציילטע טעג צוריק, ווען מ'האָט אַוועקגענומען אונדזערע עלטערן, מיט אַ סך אַנדערע ייִדן, פון אונדזער געדיכט־באַוווינטער געטאָגאַס.

די אָפּגעציטערטע גימנאַזיסטקע, וואָס איז ניט מסוגל געווען אָנגיסן זיך אַ גלאָז טיי, האָט פאַרשאַרצט די אַרבל צו וואַשן מײַן וועש; האָט געשטעלט זיך אויף די קני און מיט אַ האַנטבערשטל געשײַערט די פּאָדלאָגע, כּדי אָפּהיטן איר „קליינעם ברודער", ער זאָל ניט אָנשטעקן זיך מיט קיין טיפוס; האָט געטאָן די שווערסטע אַרבעט, אַבי דאָס „קליינע ברודערל" זאָל האָבן וואָס צו עסן. ס'איז ניט געווען אַ טאָג, זי זאָל מיר ניט זאָגן:

— געדענק, נעם זיך דאָס גוט אַרײַן אין קאָפּ, דו וועסט בלײַבן לעבן, דו וועסט בלײַבן לעבן!

די ווערטער „דו וועסט בלײַבן לעבן!" האָט זי איבערגעחזרט מיט אַזאַ ברען, מיט אַזאַ איבערצײַגונג, אַז עס איז בײַ מיר קיין ספק ניט געווען, אַז עס קאָן זײַן אַנדערש. מיט דעם האָט זי ביסלעכווײַז

איינגעשטילט דעם פּחד אין מײַנע אויגן און דאָס ציטערן בײַ נאַכט בײַ אַן אומגעריכטן רעש פון אַ האַסטיק פּאַרקלאַפּטער טיר.

איינע פון אירע נישט־ייִדישע שול־חברטעס האָט איר צוגע־רעדט, זי זאָל אַריבער צו אירע עלטערן, אויף דער אַרישער זײַט פון שטאָט. מיט אירע בלאָנדע לאָקן און בלויע אויגן וועט איר ניט זײַן שווער אויסצומײַדן די אַלע סכּנות וואָס לויערן אויף ייִדן.

מײַן שוועסטער האָט זיך אָבער נישט געוואָלט מיט מיר צע־שיידן. איך האָב נישט געקאָנט מיט איר מיטגיין. כ׳האָב געהאָט דעם טאַטנס שוואַרצע האָר און האָרבאַטע נאָז; אויך דעם טאַטנס ייִדישלעכן אַקצענט.

זי האָט זיך נישט געוואָלט מיט מיר צעשיידן, און דאָך האָבן מיר זיך צעשיידט. אין געטאָ האָט געווילדעוועט הונגער און טיפוס. די טראַנספּאָרטן פון געטאָ זענען אַלץ אָפטער געוואָרן. אין איינעם פון זיי זענען מיר ביידע אַרײַנגעפאַלן. בעת מיר האָבן געהאַלטן אין מאַרשירן, איז פאַרבײַגעפאָרן אַ וואָגן, אָנגעלאָדן מיט וועש און קאָלדרעס פון טיפוס־קראַנקע, וואָס מ׳האָט געפירט מחוץ דער שטאָט צו פאַרברענען. מחמת דעם דוחק פון די געטריבענע, האָט זיך דער וואָגן געמוזט פאַרהאַלטן און וואַרטן ביז די קאָלאָנע וועט פאַרבײַגיין און דער וועג וועט ווערן פרײַ.

מײַן שוועסטער האָט אויסגעניצט די רגע, מיט אַלע כּוחות מיך אַרײַנגעשטופּט אין וואָגן און מיך פאַרשטעקט צווישן די גאַט־קעס, העמדער און פאַרבלוטיקטע באַנדאַזשן.

באַפּאַנצערט מיט די ווערטער „דו וועסט בלײַבן לעבן!" האָב איך אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען, בין אַרויס נישט געשעדיקט פונעם וואָגן און פון נאָך אַנדערע אומגעריכטע פורעניותן. כ׳בין געבליבן לעבן.



שפּעטער מיט יאָרן האָב איך זיך דערוווּסט פון עדות, וואָס זענען פאַרשיקט געוואָרן צוזאַמען מיט מײַן שוועסטער אין לאַגער, אַז מ׳האָט זי דערשאָסן פאַר זייערע אויגן, ווײַל זי האָט זיך עקשנות־דיק אַנטקעגנגעשטעלט און ניט צוגעלאָזט דעם שערער, וואָס האָט איר געזאָלט אָפּגאָלן דעם קאָפּ.

זי איז געשטאַנען אַ נאַקעטע, אין גאַנצן נאַקעט, ווי אַלע פרויען אין דער לאַנגער ריי. דאָס איינציקע וואָס זי האָט נאָך פאַרמאָגט, זענען געווען די בלאָנדע לאָקן, וואָס זי האָט אַזוי געבאָוועט און געצערטלט, די לאָקן וואָס האָבן פאַרשפּרייט אַרום זיך אַ זיסן ריח פון יונגשאַפט; די לאָקן מיט וועלכע די מאַמע איז אַזוי שטאָלץ געווען, וואָס האָבן צוגעצויגן נישט איין ייִנגלישן בליק.

איצט האָט מען מיט כּוח געוואָלט בײַ איר דאָס צונעמען. ניין! זי וועט זיך מיט אירע בלאָנדע האָר נישט צעשיידן. זי וועט נישט דערלאָזן אַז דעם שערערס מאַשינקע זאָל זיך אַרײַנרײַסן אין דער געדיכטעניש פון אירע האָר. פון אַלע זײַטן האָט מען צו איר געשריִען און זי געוואָרנט:

— לאָז, לאָז זיך! דערצערן נישט די וואַך!

מײַן שוועסטער האָט נישט גענומען אין אַכט די קולות, ביז עס איז געקומען אַ קויל און איר פאַרמאַכט דאָס מויל.



דורך אַלע יאָרן האָט מיך מײַן שוועסטער נישט פאַרלאָזט. זי האָט געוואַקסט איבער מיר אין אַלע עטאַפּן פון מײַן קומען אין לאַנד, פון מײַן זײַן אין לאַנד, כאָטש זי איז געווען אין די ווײַטע פאַרהוילענישן, אויף יענער זײַט פון לעבן. זי האָט אָנטייל גענומען אין געשטאַלטיקן מײַן כאַראַקטער און געטאָן האָט זי עס דורך חלומות. זי האָט אַפילו געהאַט אַ חלק אין מײַן ווערן אַ שרײַבער.

שוין אין ערשטן חלום האָט זי מיך געשטויסן שרײַבן. און מאָדנע, אין חלום האָט זי דווקא געהאַט אַן אָפּגעגאָלטן שאַרבן, וואָס האָט מיך געשראָקן מיט זײַן טויטער בלייכקייט, און פאַרמעקט איטלעכן סימן פון מיידלישקייט. ווען נישט אירע טיף־בלויע אויגן, וואָלט איך זי נישט דערקענט.

ווי אַ שרײַבער, בין איך געוואַקסן אין חשיבות. מײַנע ראָמאַנען און נאָוועלן זענען אַריבער די גרענעצן פון אונדזער לענדל. מ׳האָט מײַנע ביכער איבערגעזעצט אין צענדליקער שפּראַכן. מען האָט זיי דראַמאַטיזירט און אויפגעפירט אין טעאַטער, אין טעלעוויזיע, געמאַכט פון זיי פילמען. כּמעט אין אַלע מײַנע יצירות קאָן מען געפינען מײַן

שוועסטער. זי פירט אויס פאַרשיידענע שליחותן, לעבט אין קעגנאַנ־אַנדיקע סביבות, אָבער שטענדיק איז עס מײַן שוועסטער.

כ׳האָב נישט געקענט שלום מאַכן מיט איר אומקום — האָב איך זי אין מײַנע ביכער צוריקגעבראַכט צום לעבן. כ׳האָב זי געפּו־רעמט און איבערגעפורעמט. וואָס עכטער איר געשטאַלט איז אַרויס פון אונטער מײַן פען, אַלץ מער האָב איך אָפּגעפילט איר נישט־ווערן; אַלץ מער האָב איך זיך געמאַטערט, אַלמאַי איך לעב און זי נישט.

אַ ליטעראַטור־קריטיקער האָט אויסגעפונען אין מײַנער אַ קליי־נער דערציילונג פון פיר זײַטן, אַז איך האָב אַן ערך צוואַנציק מאָל איבערגעחזרט די ווערטער „מײַן שוועסטער" און מער ווי אַ צענדליק מאָל די ווערטער „בלאָנדע לאָקן".



דערווײַל איז דאָס „קליינע ברודערל" אַריבער די פופציק. דאָס געזונט האָט אָנגעהויבן צו פאַרראַטן. דער אויסגעקרימטער רוקנביין האָט געהאַמעוועט דאָס גיין, דאָס שטעלן אַ געשווינדערן טראָט.

עס איז געקומען אַ צײַט, ווען כ׳האָב זיך אין גאַנצן נישט געקאָנט באַוועגן. און דאָ, אין מיטן, אָן אַ פאַרוואָס, אָן אַ פאַרווען, האָבן זיך די חלומות געביטן. שוין גאָר אַ לאַנגע צײַט האָט זיך אין זיי מײַן שוועסטער נישט באַוויזן.

איך גיי צו דאָקטוירים. איך פרעג צי נאָך אַן אָפּעראַציע וועל איך קאָנען ווידער שטיין אויף די פיס. זיי זאָגן נישט יאָ, זיי זאָגן נישט ניין. זיי קאָנען נישט מבטיח זײַן. זיי לייגן בלויז פאָר, און איך דאַרף באַשליסן. איך דאַרף חתמענען, איידער מע נעמט מיך אונ־טערן מעסער.

איך קווענקל זיך. איך לייג אַלץ אָפּ. איך וואַרט אויף מײַן שוועסטער. זי קומט נישט. זי וועט שוין נישט קומען, כאָטש די טירן פון די חלומות שטייען אָפן. איך רוף זי און רוף זי אין די נעכט. איך שרײַ דורכן שלאָף. מײַן שרײַען דערגייט נישט צו איר. צו ווײַט איז דער וועג, וואָס פירט צו די ספערן. צו גרויס איז די נויט, מע זאָל זי דערהערן.



ווען דער יִאוש האָט שוין דערגרייכט דעם זעניט, ווען כ׳האָב זיך שוין אויף גאָרנישט מער גערעכנט — איז זי געקומען. מײַן שוועסטער האָט אַראָפּגענידערט אַזוי לײַכט, אַזוי שטיל, אַזוי נאַטיר־לעך, ווי זי וואָלט קיין וואָג נישט געהאַט. און ווונדער איבער ווונדער — איר האַרטער, פאַרשפּיצטער שאַרבן איז געווען באַדעקט מיט די זעלבע בלאָנדע לאָקן, ווי עס וואָלט קיין מאָל קיין קויל נישט דורכגעלעכערט אירע שלייפן.

זי האָט צו מיר געגענט מיט אַ רויטער רויז אין האַנט. איך האָב איר געוואָלט דערציילן אַלץ, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט אין מיר, געוואָלט פרעגן, זיך באַראָטן מיט איר, געוואָלט דערציילן וואָס די דאָקטוירים זאָגן. זי האָט דעם ווײַזפינגער אַרויפגעלייגט אויף מײַנע ליפּן, און די רייד זענען מיר געבליבן שטעקן אין האַלדז. זי האָט דאָס בלוי פון אירע אויגן דערטרונקען אין דער שוואַרצער טיפעניש פון מײַן בליק, אויסגעשטרעקט צו מיר די האַנט אירע מיט דער רויז און אַ שעפּטשע געטאָן:

— נאַ, נעם די רויז און זײַ מצליח.



ווען כ׳האָב זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, איז שוין דער חלום געווען מײַלן ווײַט פון מיר, אָבער די חלום־רויז איז געלעגן לעבן מײַן קאָפּ, רויט און פריש און שמעקעדיק. די רויז האָט זיך נישט געבייטיקט אין קיין וואַסער. זי האָט נישט פאַרלוירן די קאָלירן, נישט געוואָרן בלייכער, אָפּגעהיט איר פרישקייט און איר ריח, מיר צוגעגעבן מוט און כּוח אונטערצושרײַבן און באַשטעטיקן די אָפּעראַציע. כ׳האָב נאָר געבעטן, מע זאָל מיר מיטגעבן די רויז אין אָפּעראַציע־זאַל און דערנאָך זי אַוועקשטעלן אויפן שענקעלע, לעבן מײַן בעט.

איז די רויז געלעגן אויפן שענקעלע אַ טאָג און צוויי און מער, און איר שיינקייט און איר פרישקייט זענען נישט געמינערט געוואָרן. אין רגעס פון שוואַכקייט, פון ספקות, פון נאָך־אָפּעראַציע־ווייטיקן, האָב איך די רויז גענומען צו זיך, זי צוגעטראָגן צו דער נאָז און טיף אַרײַנגעאָטעמט איר דופט. כ׳האָב זיך געוואָלט אײַנרעדן, אַז דער ריח פון דער רויז איז מסוגל צו לינדערן מײַנע ווייטיקן. ס׳איז

נישט געווען קיין געוויינטלעכע רויז. מײַן שוועסטער האָט זי מיר דאָך געבראַכט.

די דאָקטוירים וואָס האָבן מיך יעדן טאָג בודק געווען, האָבן מער געקוקט אויף דער רויז ווי אויף מיר און זיך נישט אויפגעהערט צו חידושן; אַזאַ בלום נאָך נישט געזען! וועגן אַזאַ — נישט געהערט. ס'איז קעגן יעדן כּלל פון באָטאַניק, האָבן זיי געפּסקנט.

די קראַנקן־שוועסטער האָט זיך נישט געקאָנט אײַנהאַלטן, און בגנבה, איך זאָל נישט זען, באַטאַפּט די בלעטלעך, כּדי זיך צו איבערצײַגן, אַז דאָס איז אַ לעבעדיקע רויז און נישט קיין געמאַכטע פון שטאָף, צי פון פּלאַסטיק.

די שמועה אַז ס'איז פאַראַן אַזאַ אויסטערלישע רויז, וואָס האַלט אויף אין זיך דעם אַראָמאַט און די פאַרב פון ערשטן אויפבלי, נאָך אַזוי פיל טעג ליגן אויף אַ שענקעלע, איז אין שפּיטאָל געגאַנגען פון מויל צו מויל. קראַנקע פון אַנדערע פּאַלאַטעס, דאָקטוירים פון אַנדערע אָפּטיילונגען, אויפרוימערקעס און סתּם געסט וואָס זענען געקומען מבקר־חולה זײַן, האָבן נישט אויפגעהערט צו שטראָמען צו מײַן שענקעלע און מיך פאַרמאַטערט מיט זייער שטופּן זיך און מיט זייער טומל.



ביסלעכווײַז בין איך געקומען צו זיך. די דאָקטוירים זענען געווען צופרידן, און איך — נאָך מער. אין די ערשטע טעג האָט מען מיך אַוועקגעזעצט אויף אַ ווייכן פאָטעל. שפּעטער — אויף אַן אינוואַלידן־וועגעלע, און נאָך שפּעטער, האָב איך אַליין גענומען שאַרן מיט די פיס, און אַזוי שאַרנדיק געמאַכט עטלעכע טריט פאָרויס און צוריק.

ווען מ'האָט מיך אַרײַנגעזעצט אין פאָטעל, איז די רויז געווען לעבן מיר. זי איז אויך מיטגעפאָרן מיט מיר אויפן אינוואַלידן־וועגעלע. ווען כ'האָב געשטעלט די ערשטע טריט, אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטעקן, איז אין מײַן צווייטער האַנט געווען די רויז.

סוף־כּל־סוף האָט מען מיך אויסגעשריבן פון שפּיטאָל. סוף־כּל־סוף האָב איך אויפגעשלאָסן די טיר פון מײַן אָפּגעלאָזענער

װוינונג, װאָס איז געװען איבערגעלאָדן מיט ביכער, צײַטונגען, זשורנאַלן, באַדעקטע מיט שטויב און מיט אַ שטומען אומעט, װאָס האָט זיך אײַנגעגעסן אין די ביינער. עס איז אָבער דאָך געװען מײַן היים. פון גרויס איבערלעבעניש האָט מיר געציטערט די האַנט און ס'איז מיר געװען שװער אַרײַנצושטעקן דעם שליסל אין שליסל־לאָך. אין דער צװייטער האַנט האָב איך געהאַלטן דאָס רענצל מיטן ראַזירצײַג, מיט עטלעכע זשורנאַלן און, פאַרשטייט זיך, מיט דער רויז.

װער האָט זיך געקאָנט ריכטן, אַז װי נאָר כ'װעל אַריבער־שפּרײַזן די שװעל, װעט די רויז אַראָפּלאָזן דאָס קעפּל און אירע רויטע בליטן, צוזאַמען מיט די גרינע בלעטלעך, װעלן זיך מיט איין מאָל צעשיטן איבערן דיל: אויס בלום, אויס ריח, אויס קאָליר. כ'בין געבליבן מיט אַ הויל, שטעכעדיק שטענגל און נישט געװוּסט װאָס דערמיט צו טאָן.

אין יענער נאַכט האָב איך געװאַרט אויף מײַן שװעסטער. כ'האָב געװאַרט אומזיסט. מער איז זי קיין מאָל, קיין מאָל נישט געקומען אין מײַנע חלומות.

# די באָבע מיטן קעסטל אין די הענט

װען די באָבע איז פון די װעלדער אַרויסגעקומען, האָט זי אויפגעהויבן די אויגן צום הימל און אים באַדאַנקט װאָס ער האָט זי געלאָזט לעבן.

די באָבע האָט אויסגעזען װי אַ בוים, װי אַן אַלטער, סענקע־װאַטער בוים אין װאַלד; די באָבע איז געװען בלייך, װי די קאָרע פון אַן אָפּגעשיילטער בעריאָזע; די באָבע האָט געהונקען װי אַ האָז, װאָס איז געטראָפן געװאָרן פון אַ פאַרבלאָנדזשעטער קויל; די באָבע האָט געטראָגן אויף זיך אַ קלייד אויף אַ קלייד. אַ ספּודניצע

אויף אַ ספּודניצע און איבער דעם אַלעמען — אַ פויעריש פּעלצל פון שעפּסנפעל.

ס'איז שוין געווען אָנהייב זומער, האָט זי געסאָפּעט און גע־שוויצט. מיט אַן אַרבל זיך געווישט דעם שווייס, געהאַלטן אָפן דאָס מויל און זיך פאַרקייַכט ביַים מינדסטן ווינטל.

די באָבע האָט אויסגעזען ווי איינע פון די קדמונים, וואָס האָט צום ערשטן מאָל פאַרלאָזט די היילן.

דאָס לאַנגע זיַין צווישן דער ביַימערדיקער טונקלעניש, ווו דער טאָג איז קיין טאָג ניט. ווו די זון איז ניט מסוגל אַריַינצושמוגלען אַ ביסל שטראַלן פון איר זוניקע רעזערוון, ווו די נאַכט איז אָנגעלאָדן מיט אַזוי פיל פאַרדעכטיקטע רעשן, סקריפּעריַיען, געשרייען פון איבערגעוועקטע פייגל, יללות פון חיות און סתּם קנאַקעריַיען פון טרוקענע צווייַגלער, ווי צענדליקער פּאָר שטיוול וואָלטן אויף זיי געטראָטן.

דאָס אַלץ האָט די באָבע מיטגעבראַכט פון די וועלדער, אין איינעם מיטן פּחד אַריַינצופאַלן אין דיַיטשישע הענט. די מורא פאַר די פויערים פון די אַרומיקע דערפער און דער עיקר פאַר באַנדעס, וואָס האָבן געלויערט אויף ייִדן און ייִדישע קינדער. דאָס האָט געשטעקט אין איר טיף און זי האָט זיך ניט פאַרגונען הנאה צו האָבן פון אַלץ וואָס זי האָט געזען און געפילט אין די ערשטע טעג נאָך דער באַפריַיונג.

די באָבע איז ניט אַרויס איינע אַליין פון די וואַלדישע פאַר־הוילונגען. זי האָט ביַים הענטל געפירט איר אייניקל. די טאָכטער מיטן מאַן, די טאַטע־מאַמע פונעם מיידעלע זענען אומגעקומען בעת אַ דיַיטשישן אָנגריַיף אויף זייער פאַרטיזאַנער־איינהייט.

דאָס מיידעלע האָט זיך געריסן פון דער באָבעס האַנט:

— באָבע, זע אַ פלאַטערל! באָבע — קאַטשקעלעך שווימען אויפן וואַסער! באָבע, אַ בושל שטייט אויף איין פוס אויף אַ שטרויענעם דאַך! אַ לאָשיקל לויפט נאָך אַ פערד!

געיאָגט פון עפּעס אַן אינעווייניקסטן אומרו. געטריבן פון עפּעס אַן אומבאַשטימטן פאַרגעפיל האָט זיך די באָבע מיטן אייניקל ניט

פאַרהאַלטן אַ לענגערע צײַט אויף איין אָרט. זי איז געגאַנגען און געגאַנגען.

די זאַנגען זענען צײַטיק געוואָרן און מען האָט זיי געשניטן. די עפּל, די באַרן, די פלוימען זענען שוין אַראָפּ פון די בײַמער. די קאַרטאָפל, די בוריקעס, דאָס קרויט זענען נעלם געוואָרן פון די פעלדער, נאָר די באָבע מיטן מיידעלע זענען געגאַנגען און געגאַנגען אויף ברייטע שליאַכן, אויף שמאָלע סטעשקעס, אויף זײַטיקע וועגן.

פּלוצעם איז אָנגעלאָפן פון די הרי־חושך אַ געוויטער. שוואַרצע כמאַרעס מיט אָנגעדראָלענע בײַכער האָבן באַהערשט דעם גאַנצן הימל. דאָס טאָגליכט איז פון שרעק אַנטרונען. די לופט איז גרוי און אַלט געוואָרן פאַר דער צײַט. אַ ווינט האָט זיך צעהוקעט און מיט אַ באַנומען קול געפּײַפט און געוויעט, ווי מען וואָלט אים געקוילעט. ס'האָבן אים אָפּגעענטפערט צעיושעטע דונערן און בליצן. די כמאַרעס האָבן ניט אויסגעהאַלטן דעם דרוק און זיך צעפּליוכעט מיט אַזאַ כּוח, ווי צום צווייטן מאָל געוואָלט פאַרפלייצן די גאַנצע וועלט.

די באָבע מיטן קינד האָבן געזוכט אַ באַהעלטעניש אונטער אַ בוים — האָט אַ דונער דעם בוים צעשפּאָלטן און פאַרסמאַליעט. זענען זיי געלאָפן זיך שיצן אין אַ שײַער — האָט אַ בליץ זיי נאָכגעיאָגט און דאָס שטרוי אָנגעקעלאָזט מיטן פײַער.

האָט די באָבע געזען אין דעם מבול אַ צייכן, אַז דער הימל איז קעגן איר און נאָך מער — קעגן קינד. פאַר וועלכער שולד? פאַר וועלכער זינד? ניטאָ בײַ וועמען צו פרעגן — סײַדן בײַם רעגן. דער רעגן אָבער גיסט און כליאַפּעט אָן אַ מאָס. דער הימל האָט איר, ווײַזט אויס, ניט פאַרגונען אַזאַ פאַרמעג. דעם איין־און־איינציקן שטראַל אין איר פינצטערן לעבן. זי וועט זיך מער ניט באַהאַלטן. זי וועט זיך ניט פאַרשטעקן. קעגן גורל איז ניטאָ קיין באַהעלטעניש.

איז די באָבע מיטן קינד אַרויס אין אָפענעם פעלד. זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער צעווייקטער ערד, אינעם סאַמאָראָדנעם מיט פון דער צעברויזטער סטיכיע און געוואַרט אויף אַ נס.

די באָבע האָט געהאַלטן דאָס אייניקל אויפן שויס און זי פאַרדעקט מיט די אָרעמס, אָבער דער רעגנשטראָם איז זיי אַרײַנ־

געדרונגען ביז די ביינער און קיינער, קיינער האָט ניט געזען זייער נויט. קיינער, קיינער איז זיי ניט געקומען צו הילף.

אַ בליץ, אַ מערדערישער בליץ האָט דורך דער באָבעס אָרעמס, דורך דער באָבעס פינגער אויסגעזוכט זײַן קרבן און ווײ און ווינד — ניטאָ מער דאָס מיידעלע. פאַרברענט איז דאָס קינד.

די באָבע האָט ניט געשריען. די באָבע האָט ניט געליאַרעמט. איר מויל איז געווען פאַרקלעמט. בלויז אירע אויגן האָבן גערעדט צום הימל. בלויז אירע בליקן האָבן אַרויפגעשלײַדערט אירע האַרבע טענות:

— דו, וואָס איך בין ניט ווערט דײַן נאָמען אָנצורופן, האָסט זיך געמעגט דערבאַרעמען אויף מײַן אייניקל, ווי דו האָסט זיך דערבאַרעמט אויף אברהם אבינו און אויף יצחקן, זײַן זון...

אירע שטומע טענות האָבן צום הימל ניט דערגרייכט. די וואָלקנס, דער פאַרטויבנדיקער ווינט און דער רעגן־פאַרפלייץ האָבן צו דעם ניט צוגעלאָזט.

איז די באָבע אויפגעשטאַנען פון דער נעץ און פון דער בלאָטע. אַרונטערגערוקט די צעפּאַטלטע האָר אונטערן קאָפּטיכל. גענומען דאָס טויטע מיידעלע אויף די הענט און אָנגעהויבן שפּאַנען.

קיינער ווייסט ניט און קיינער קאָן ניט וויסן וויפל צײַט זי האָט אַזוי געשפּרײַזט. די האָר זענען איר ווידער אַרויסגעקראָכן פון אונטערן טיכל. האָט זי זיי געלאָזט אַזוי צעשויבערט און ווילד, ווי צעשויבערט עס זענען געווען אירע געדאַנקען, ווי ווילד עס איז געווען איר בליק.

זי האָט בלויז איבערגעריסן דאָס וואַנדערן אויף קובר צו זײַן דאָס קאַלטע, דאָס אומבאַוועגלעכע נפשל. בײַ אַ קרייץ פון וועגן האָט זי עס באַגראָבן.

זי האָט איבערן קברל געוואַכט. זי האָט דאָס בערגל ערד געהיט אַזוי לאַנג ווי לאַנג עס האָט געדויערט ביז דאָס לײַב פונעם מיידע־לע, דאָרט אונטן, אונטער דער ערד, איז זיך פונאַנדערגעפאַלן. ערשט דאַן האָט די באָבע אויפגעגראָבן די גרוב, אַרויסגענומען דאָס געביין, אײַנגעוויקלט עס אין אַ שטיק לײַוונט און עס אַרײַנ־געלייגט אין אַ צונויפגעקלאַפּט קעסטל. זי האָט דאָס אַלץ געטאָן

פֿאַוואָלינקע, ווי מורא געהאַט ווײ צו טאָן דעם קינדס בײנדעלער.

דערנאָך האָט די באָבע אויסגעגלײַכט די פּלײצע. מיט פֿאַר־קריצטע צײן און מיט טרוקענע אויגן האָט זי גענומען דאָס קעסטל אין די הענט און זיך ווידער אַוועקגעלאָזט אין דעם אומענדלעכן גאַנג.

זי שפּרײַזט נאָך אַלץ אַזוי און וועט אַזוי שפּרײַזן אונטערהינ־קענדיק אויף אײן פֿוס, אָנגעטאָן אַ קלײד אויף אַ קלײד. אַ ספּודניצע אויף אַ ספּודניצע און איבער דעם אַלעמען — אַ פֿויעריש פּעלצל פֿון שעפּסנפֿעל איבער רויִשיקע שטעט און פֿאַרשלאָפֿענע דערפֿער. פֿאַזע הילצערנע פּלויטן און אײַזערנע בריקן. לענג־אויס באַנרעלסן, פֿאַבריקן, מילן, סטויגן הײ, פּויערישע פֿורלער ביז צום סוף פֿון אַלע דורות — מיטן קעסטל אין די הענט.

# די ליאַלקע

געווען איז אין געטאָ אַ ייִדיש מײדעלע.
אַ באַחנט ייִדיש מײדעלע.
אַ קלוג ייִדיש מײדעלע.
האָט דער טאַטע איר געבראַכט אַ ליאַלקע. אין
באַהעלטעניש אַרײַן — אַ ליאַלקע.
און געזאָגט האָט דער טאַטע צום מײדעלע.
צום באַחנטן מײדעלע.
צום פֿאַרשטענדלעכן מײדעלע:

— אויב כ׳וועל זיך פֿאַרזוימען און ניט קומען צו דער צײַט, אויב עס וועט עפּעס געשען וואָס וועט מיך פֿאַרהאַלטן, וועט אָט די ליאַלקע דיך היטן, איבער דיר וואַכן.

די ליאַלקע (וואָס איז געווען צונויפֿגעשטוקעוועט פֿון שמאַ־טעס, אָנגעשטאָפּט מיט זעגעכץ און די הענט און פֿיס האָבן זיך געהאַלטן אויף דרעטלער) האָט ניט געהאַט קײן ייִדישן אויסזען.

אירע האָר זענען געווען העל, די אויגן בלוי און דאָס נעזל פּאַר־ריסן. כאָטש מען האָט זי אויסגעאַרבעט אין געטאָ מיט ייִדישע הענט, איז איר פּנים ניט געווען קיין ייִדישס.

דער טאַטע האָט געבראַכט די ליאַלקע הויל־נאַקעט און אַזוי איז זי שוין פאַרבליבן. אין דעם טונקעלן און פײַכטן באַהעלטעניש האָט מען ניט געפונען עפּעס פון וואָס מען קאָן מאַכן פאַר דער ליאַלקע אַ מלבוש. דאָס איז געווען אַ קורצע צײַט נאָך דער מאַמעס פאַרשווינדן (ווו איז די מאַמע ? ! די מאַמע ? !).

ס'איז דעם מיידעלע אויסגעקומען אַ סך שעהען צו זײַן אַליין, ווײַל דער טאַטע איז געווען פאַרנומען צוזאַמען מיט זײַנע חברים, מיט גרייטן עפּעס פלעשער, אײַזערנע שטאַנגען מיט שפּיצן, קעגן די דײַטשן. איז גוט געווען צו האָבן עמעצן לעבן זיך, אַפילו ווען דאָס איז געווען בלויז אַ ליאַלקע וואָס קאָן ניט רעדן, אָבער ווען מען רעדט צו איר, הערט זי און פאַרשטייט, מן־הסתּם, וואָס מען רעדט.

דאָס מיידעלע האָט דער ליאַלקע ניט געגעבן קיין נאָמען. בעסער אַזוי — טאָמער רײַסן זיך אַרײַן די דײַטשן (ווו איז די מאַמע ? ! די מאַמע ? !), וועלן זיי ניט חושד זײַן, אַז זי איז אַ ייִדישע.

פון זינט די ליאַלקע איז מיטן מיידעלע, פילט זי ניט אַזוי שטאַרק די קעלערדיקע לאַסט וואָס דריקט אויף איר, און אַז עס הערט זיך פּלוצעם אַ חשודער שאָרך, צי אַן אומגעריכטער גרילץ, האָט זי געהאַט צו וועמען זיך צוצוטוליען. זי איז מיט דער ליאַלקע אײַנגעשלאָפן און זיך איבערגעוועקט מיט דער ליאַלקע בײַ דער זײַט, אָדער גאָר געהאַלטן זי אין די אָרעמס.

דאָס מיידעלע צוזאַמען מיט דער ליאַלקע האָט זיך אײַנגעהערט, צי די טריט, וואָס דערנענטערן זיך צו זייער באַהעלטעניש, זענען דעם טאַטנס (וואָס ברענגט ברויט צום עסן, אַ ביסל געקעכטס, אַ קלעפּיק צוקערל און וואַסער צום טרינקען און צום אַרומוואַשן זיך), אָדער דאָס זענען טריט פון די דײַטשן.

אויסער דער באַהעלטעניש איז שוין געווען ערב פרילינג. אויס שנייען. אויס פרעסט. דער טאַטע האָט איר צוגעזאָגט צו נעמען אויף דער אייבערפלאַך, ווו די זון שײַנט און וואַרעמט (ווי זעט

אויס די זון? וואָס פאַר אַ קאָליר האָט דער הימל?), נאָר דער טאַטע איז ניט געקומען. עס איז אַוועק אַ סך, אַ סך צײַט (אַ טאָג? אַ וואָך?). דאָס ברויט האָט זיך געענדיקט. פון דרויסן האָבן זיך געהערט שיסערײַען און אויפרײַסן — האָט דאָס מיידעלע גענומען די ליאַלקע און זיך אַרויפגעדראַפּעט צום אַרויסגאַנג.

אין דרויסן איז געווען דער אויפשטאַנד און מענטשן זענען געלאָפן ווי די אויגן האָבן געטראָגן. זי האָט צווישן די מענטשן ניט געטראָפן איר טאַטן, איז זי מיט דער ליאַלקע מיטגעלאָפן. די שיסערײַען האָבן ניט אויפגעהערט און מען האָט זיך געמוזט שיצן בײַ די ווענט.

בײַ איינער אַזאַ וואַנט, וואָס האָט אָפּגעטיילט דעם געטאָ פון דער ניט־ייִדישער זײַט, האָט זיך געמערקט אַ שפּאַלט. די ליאַלקע איז געווען קליין און דאָס מיידעלע — הויט און ביין, זענען זיי ווי ניט איז אַדורכגעקראָכן און בשלום אַרויס אויף אַ גאַס וואָס האָט ניט געברענט, וואָס האָט ניט גערייכערט, ווו מען הערט ניט מער קיין אויפרײַסן און עס וואַלגערן זיך ניט קיין טויטע און מען פילט ניט דעם ריח פון פאַרברענטע לײַבער.

דאָס מיידעלע מיט דער ליאַלקע האָבן זיך וואָס מער און מער דערווײַטערט פון דער שטאָט. אויף דער פרײַער לופט האָט זי זיך געפילט זיכערער ווי אין געפּלאָנטער פון גאַסן, פון הײַזער, פון הייף און פון טרעפּ. זי האָט זיך מיט דער ליאַלקע אַוועקגעלאָזט צו די פעלדער. די שטילקייט פון די פעלדער איז געווען אַזוי אַנדערש ווי די שטילקייט פונעם קעלער. זי האָט זיך צוגעהערט צום גערויש פון די נאָך נאַקעטע ביימער און זיך ניט געגלייבט וואָס זי הערט. זי איז ביסלעכווײַז געקומען צו זיך, און ניט פאַרשטאַנען וואָס מיט איר איז געשען. זי האָט פאַרריסן דעם קאָפּ צו די הייכן און מיט שטוי־נונג און באַגײַסטערונג נאָכגעקוקט דעם ווילדן, ניט־געצוימטן פלי פון די פייגל. דאָס אַלץ איז פאַרן מיידעלע געווען אַזוי נײַ און אַזוי אומבאַגרײַפלעך ווי אומבאַגרײַפלעך עס איז פאַר איר געווען דאָס אַנטלויפן מיטן טאַטן פון דער ווינונג און זיך פאַרשטעקן אין אַ קעלער, נאָך דעם ווי מען האָט די מאַמע געכאַפּט אין מיטן גאַס און זי ערגעץ פאַרשלעפּט.

געטראָפן אַ פויער מיט פערד־און־וואָגן, האָט דאָס מיידעלע אינסטינקטיוו אויסגעשטרעקט איר האַנט און דאָס הענטל פון דער ליאַלקע מיט די בלאָנדע האָר, בלויע אויגן, פאַרריסענעם נעזל, און געבעטלט. באַגעגנט אַ פויערטע — געבעטלט. צוגעקומען צו אַ כאַטע — ווידער אויסגעשטרעקט איר האַנט און דער ליאַלקעס הענטל און געבעטן אַ קאַרטאָפל, אַ שטיקל ברויט, אַ טראָפּן מילך. ניט אַלע האָבן געגעבן. טייל האָבן אַפילו אַרויסגעיאָגט. זיי האָבן זיך מער אָנגעגעסן מיט טויטשרעק, ווי מיט ברויט. מען האָט זיך אָבער געהאַלטן צוזאַמען און ווײַטער געוואַנדערט איבער די בלינדע וועגן פון צופאַל, אויף דער וואַקלענדיקער ליניע צווישן לעבן און טויט.

גייענדיק אַזוי זאַלבענאַנד און בעטלענדיק אַזוי, איז דאָס מיידעלע מיט דער ליאַלקע איבערגעקומען די מלחמה.

דאָס יִדישע מיידעלע פונעם געטאָ.

דאָס באַחנטע יִדישע מיידעלע.

דאָס געפּרוּווטע יִדישע מיידעלע — איז מיט דער צײַט געוואָרן אַ פרײַלין. אַ פרוי. חתונה געהאַט. קינדער געבוירן. און די ליאַלקע איז נאָך אַלץ מיט איר. זי איז געבליבן געטרײַ צו דער ליאַלקע און די ליאַלקע — צו איר.

די ליאַלקע האָט נאָך אַלץ ניט געהאַט קיין מלבוש און אויך קיין נאָמען ניט געהאַט. מיט די יאָרן פאַרלוירן אַ פיסל, אָבער זיך געעלטערט אין פריידן מיט דער גאַנצער משפחה. מען האָט זי געהאַלטן אין אַ ספּעציעל ווייך אויסגעבעטן שאַכטל.

דאָס אַמאָליקע מיידעלע, וואָס איז שוין אַ מאַמע פון קינדער און אַ באָבע פון אייניקלער, נעמט זי פון צײַט צו צײַט אַרויס פונעם שאַכטל און גלעט זי, ווי זי וואָלט געגלעט איר טאַטנס הענט. זײַנע הענט האָבן דאָך אָנגערירט די ליאַלקע. זיי האָבן דאָך איר געבראַכט די ליאַלקע. אָ, די הענט! זיי האָבן געהאַט דעם כּוח אײַנצוהאַלטן איר געוויין און אָנצינדן אויף אירע ליפּן עפּעס, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ שמייכל. זי פילט נאָך דעם צאַפּל פון זײַנע פינגער, זייער וואַרעמקייט. זי הערט נאָך דעם שעפּטש אין איר אויער, אַז קיינער, אויסער איר, זאָל ניט הערן:

— עס וועט, עס וועט נאָך זײַן גוט. אָט באַלד. אָט באַלד וועלן מיר זײַן צוזאַמען. אויף שטענדיק — צוזאַמען.

זי רעדט צו דער ליאַלקע און זי דערציילט איר, אַז דער טאַטע קומט איר צו חלום און אין חלום פרעגט ער זיך קודם־כּל:

— וואָס מאַכט די ליאַלקע?

און דערנאָך:

— וואָס מאַכן די אייניקלעך?

די איינפּוסיקע ליאַלקע הערט זי אויס מיטן זעלבן געדולד ווי אַ מאָל, אין באַהעלטעניש, און שווײַגט מיט פאַרשטאַנד דאָס גרויסע שווײַגעניש, וואָס איז אָנגעזאַפּט מיט אַלע פּחדים, אַלע אַנגסטן, אַלע האַרצריסן, וואָס די טונקעלע און פּײַכטע באַגראָבעניש האָט פאַרקריצט אינעם זכּרון פון יענעם מיידעלע. פון יענעם מיידע־לע, וואָס איז שוין איצט אַליין אַ מאַמע פון קינדער און אַ באָבע פון אייניקלעך.

## די „שיינע רעבעקאַ"

שוין צוואַנציק יאָר ווי סטאַרק זוכט דעם אוצר וואָס זײַן ייִדישער בעל־הבית האָט כּלומרשט באַהאַלטן, איידער די דײַטשן האָבן אים, צוזאַמען מיט דער גאַנצער עדה ייִדן, אומגעבראַכט, ניט ווײַט פון שטעטל, אין יונגן וועלדל בײַ דער אָזערע.

שוין צוואַנציק יאָר ווי סטאַרק זוכט און קלאַפּט מיט אַ העמערל אין די ווענט און הערט זיך אײַן, צי עס רופט זיך ניט אָפּ אַן עכאָ פון אַן אויסהוילעניש. ער האָט אין אַלע צימערן פונעם גרויסן בנין אונטערגעהויבן די ברעטער פון די הילצערנע דילן, אויסגע־פּאָרשט און באַטאַפּט יעדער ווינקל אויפן בוידעם. דורכגענישטערט דעם קעלער. אַפילו דעם באַקאויוון צענומען, נאָר דעם באַגערטן אוצר ניט געפונען.



דער לאָמער סטאַך מיט די שיטערע צייין האָט געדינט בײַ סענדערן פון קינדוויַז אָן. אַ דאַרפישער שגץ, אַ יתום — האָט זיך דער ייִד מרחם געווען אויף אים און אים אַרײַנגענומען ווי אַ לערנייִנגל אין זײַן טאַרטאַק. דאָרטן האָט סטאַך געאַרבעט. דאָרטן געוואַקסן. דאָרטן חתונה געהאַט. קינדער געבוירן, קינדער וואָס האָבן זיך ניט געכאַוועט און זענען איינס נאָך איינס געשטאָרבן.

סענדער האָט סטאַכן געהאָלפן אויסבויען זײַן הײַזקע, נאָענט פונעם טאַרטאַק. סטאַך איז געווען צופרידן און האָט געדינט זײַן ברויטגעבער בלב־ונפש. דערקעגן איז זײַן ווײַב, וואַנדאַ, ניט געווען אַזוי צופרידן. אַ פאַרביטערטע פון די אָפטע געבורטן און לוויות פון אירע קינדער, איז זי אַרומגעגאַנגען און געוואָרטשעט, זיך באַקלאָגט אויף דער גאַנצער וועלט און צום מערסטן אויף סטאַכס בעל־הבית:

— דער ייִד ניצט דיך אויס. דער ייִד האָט צוגעבויט צו זײַן מויער נאָך אַ שטאָק אויף דײַן חשבון. דו ביסט בלינד. ער באַציט זיך צו דיר ווי צו אַ הונט. ער וואַרפט דיר צו אַ ביינדל און דו דאַנקסט אים און דו לויבסט אים ביזן הימל!

סטאַך איז געוואָרן אויפגעבראַכט פון אירע רייד, זי ממש געוואָלט שלאָגן:

— דו זינדיקסט, וואַנדאַ! זאָלסט זיך ניט דערוועגן צו ברענגען אַזעלכע גיפטיקע רייד פאַר לײַטן, מחוץ דער שטוב. ניט אויפן מאַרק און ניט צווישן דײַנע קומושקעס. דײַן אומזיניק פּלאַפּלען קאָן נאָך, חלילה, דערגיין צום פּאַן סענדער, אָדער צו עמעצן פון זײַן הויזגעזינד. געדענק, איך וואָרן דיך, אויב דו וועסט ניט צוימען דײַן צונג, וועל איך דיך אַרויסטרײַבן ווי אַ פאַרשיווע צויג!



ווען די דײַטשן זענען אַרײַן, האָט שוין סענדערס ווײַב ניט געלעבט און דער זון זײַנער, אַ זיבעצן־יעריקער בחור, איז מיט אַ גרופּע ייִנגלעך אַריבער אין יענעם טייל פון פוילן, וואָס די רוסן האָבן פאַרנומען. ס'איז ניט געווען שווער, ווײַל זייער שטעטל איז געלעגן האַרט בײַ דער גרענעץ.

געבליבן אין שטוב איז בלויז סענדער מיט זײַן נײַנצן־יעריקער טאָכטער, די „שיינע רעבעקאַ״. דעם טאַרטאַק האָבן די דײַטשן באַלד צוגענומען, אָבער פונעם מויער האָט מען דערווײַל סענדערן מיט זײַן טאָכטער ניט פאַרטריבן.

סטאַך איז געבליבן אַרבעטן אין טאַרטאַק. די דײַטשן האָבן אים געמאַכט פאַרן פאַרוואַלטער פונעם גאַנצן געשעפט. אונטער־געהעצט פון וואַנדאַן און מיטן כּוח פון זײַן נײַער פּאָזיציע, האָט זיך סטאַך אָנגענומען מיט מוט, אַוועק צו זײַן ייִדישן בעל־הבית און אים געזאָגט אַז ער וויל זיי זאָלן זיך בײַטן מיט זייערע דירות:

— די דײַטשן — האָט ער געטענהט — וועלן דיך סײַ ווי אַרויסטרײַבן פון מויער, און לויט די קלאַנגען — אײַך אַלעמען פאַריאָגן פון שטעטל. איז ניט בעסער אַז איך זאָל דערפון געניסן און ניט קיין אַנדערער?

סטאַך האָט פאַרענדיקט זײַנע ווערטער מיט אַ פאַרטרווילער שמייכעלע, ווי צווישן צוויי גוטע־ברידער, וואָס האָבן דורכגעפירט אַ געראָטענעם עסק און מע צעטיילט זיך מיטן פּדיון. סענדער האָט סטאַכן אָפּגעמאָסטן פון קאָפּ ביז די פּיס און ניט געקענט גלייבן, אַז אָט דעם הינקעדיקן יונג האָט ער אָפּגעראַטעוועט ער זאָל זיך ניט וואַלגערן אין יתומים־הײַזער, אָדער ווערן אַ גנב אויפן מאַרק. סענדער האָט זיך פאַרקרימט, ווי בײַם אַראָפּשלינגען אַ ביטערע רפואה. ער האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ און גאָרנישט ניט געענט־פערט. מיט דער רעכטער האַנט האָט ער געזוכט עפּעס אַן אָנשפּאַר, און אַז ער האָט קיין אָנשפּאַר ניט געפונען, איז ער אַן אײַנגע־הויקערטער אָפּגעטראָטן אין רעם פון דער טיר. די טיר האָט זיך אַ ווײַלע ווי געייִשובט וואָס צו טאָן, נאָר צום סוף זיך האַסטיק, פון זיך אַליין, פאַרקלאַפּט און דעם ווידערקול פונעם קלאַפּ האָט מען געהערט אין אַלע צימערן.

צו מאָרגנס איז סענדער אַריבער וווינען אין סטאַכס הײַזקע. וואַנדאַ איז געשטאַנען בײַם אַריבערציען זיך און אַכטונג געגעבן, אַז סענדער און זײַן טאָכטער זאָלן ניט מיטנעמען קיין „איבעריקע״ זאַכן.

אויב סטאַכן האָט עפּעס געאַרט, אויב ס׳איז אים עפּעס ניט

געווען באַקוועם — איז נאָר צוליב דער „שיינער רעבעקאַ״. ער האָט געוואָלט צו איר צוגיין, רעדן, דערקלערן, אָבער רעבעקאַ האָט אים ניט צוגעלאָזט. זי איז אים פאַרביַיגעגאַנגען מיט פאַרקריצטע ציין. פון אירע אויגן זענען געפלויגן פיַיערפונקען.

דאָס איז געווען אַן אַנדערע רעבעקאַ ווי ער האָט זי געקענט, מיט וועלכער ער האָט זיך ניט איין מאָל געשפּילט אין די קינדער־יאָרן אירע, ווען זי פלעגט קומען צו איר טאַטן אין טאַרטאַק. און אויך ניט די זעלביקע „שיינע רעבעקאַ״, די גוט דערצויגענע, וואָס האָט גערעדט אַזוי שטיל, אַזוי איידל, געגאַנגען אַזוי געלאַסן און זיך אָנגעטאָן אַנדערש ווי די שטעטלדיקע מיידלעך.

זי האָט געהאַט לאַנגע צעפּ און האָט אויסגעזען ווי אַן אָריענ־טאַלישע פרינצעסין. איר הויט איז געווען טונקל־ברוין, אַ ברוינקיַיט וואָס האָט זיך געבעטן: ריר מיך אָן, זע ווי ווייך און צאַרט איך בין. גלעט מיך און קוש מיך. די אויגן אירע האָבן געהאַט אַ קרומלעכן אויסשניט און האָבן אויסגעזען ווי צוויי פיַיכטע מאַנדלען. אויגן וואָס מ׳האָט אַ לאַנגע ציַיט ניט געקענט פאַרגעסן. אָט האָבן זיי געלויכטן מיט עפּעס אַ ניט ערדיש ליכט און אָט האָבן זיי זיך פאַר־צויגן מיט אַ טיפן אומעט, פון וועלכן די נשמה איז שיער ניט אויסגעגאַנגען.

ניט איין מאָל האָט סטאַך, אין די נעכט, אויפן געלעגער, געזען פאַרביַישוועבן איר איידעלע געשטאַלט און זיך מיט אומווילן אָפּגע־רוקט פון וואַנדאַס פאַרזויערט פּנים.

דווקא זי, די „שיינע רעבעקאַ״, איז אומגעקומען פריער ווי אַלע ייִדן פון שטעטל. זי איז געטראָפן געוואָרן פון אַ פאַרבלאָנדז־שעטער דיַיטשישער קויל, וואָס אַ פּאַטראָל האָט געשאָסן אויף אַ גרופּע גרענעץ־שמוגלערס. סענדער האָט, מיט דער הילף פון סטאַכן, אַריבערגעפירט איר טויטן גוף אויפן קליינעם בית־עולם, און טאַקע מיט סטאַכס הילף אויסגעגראָבן אַ קבר און אַראָפּגע־לאָזט אין אים די „שיינע רעבעקאַ״ מיטן פאַרבלוטיקטן קאָפּ.

איידער זיי האָבן פאַרשאָטן דעם קבר, האָט סענדער דאָרטן אַריַינגעלייגט צו קאָפּנס דער טאָכטער אַ זעקעלע. ער האָט געזאָגט סטאַכן, אַז דאָס איז אַזאַ מינהג ביַי ייִדן, מיטצוגעבן דעם טויטן

אין קבר אַרײַן אַ זעקעלע ערד פון הייליקן לאַנד. ער האָט עס פאַרגרייט פאַר זיך אַליין, אָבער אַז ס'איז געשען אַזאַ אומגליק, איז די טאָכטער בילכער.

סטאַך האָט ניט פאַרשטאַנען דעם שׂכל דערפון. פאַר וואָס דאַרף מען צו דער ערד פון קבר צולייגן אַ באַזונדערע ערד? ס'איז דען אַ חילוק צווישן ערד און ערד? ער האָט אָבער ניט געוואָלט מצער זײַן דעם אַמאָליקן בעל־הבית זײַנעם, וואָס האָט זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס. ער האָט זיך געאײַלט צו פאַרשיטן דעם קבר, סענדער זאָל אויפן אָרט ניט אַוועקחלשן.

די געצײלטע ייִדן מיט די לאַנגע און שוואַרצע בערד און שוואַרצע כאַלאַטן, וואָס זענען געקומען צו דער לוויה, האָבן זיך געוויגט און געשאָקלט, בעת סענדער האָט מיט אַ געבראָכן קול געזאָגט קדיש. בײַ סטאַכן אין די אויערן האָבן די ווערטער פון די תּפילות געקלונגען ווי דאָס קראַקען פון אַ מחנה קראָען.



דאָס אַלץ איז געשען מיט צוואַנציק יאָר צוריק. איצט זענען אין שטעטל מער ניטאָ קײַן ייִדן. די נײַע פּוילישע מושלים האָבן פאַרוואַנדלט די שיל אין אַ סקלאַד פון מעכאַנישע כּלים. אין אַ טייל פון די ייִדישע הײַזער האָבן געוווינט די אַמאָליקע פּוילישע שכנים. אַן אַנדער טייל האָט מען צעוואַליעט, כּדי אויסצוברייטערן דעם שאָסיי. דעם הילצערנעם פּאַרקאַן פון בית־הקברות האָט מען אין משך פון די יאָרן צעשלעפּט אויף צו הייצן. דעם זעלביקן גורל האָבן געהאַט די ביימער פון בית־עולם. די מצבות האָט מען פאַר־ניצט ווי בוי־מאַטעריאַל און פון בית־הקברות איז געבליבן בלויז אַ ליידיק פעלד, ווו עס זענען געוואַקסן ווילדע גראָזן. עס האָבן זיך דאָרטן געפּאַשעט קי, פערד מיט געבונדענע פיס, גענדז און קאַטשקעס.



צוואַנציק יאָר זענען פאַרבײַ און סטאַך מיט וואַנדאַן זענען ניט מיד געוואָרן צו זוכן מיט עקשנות סענדערס פאַרמעגן: די

אוירינגלעך, די בראָשן, בראַסלעטן, גאָלדענע קייטעלעך און פינ־גערלעך, וואָס סענדערס ווײַב האָט געטראָגן אין די זשידאָווסקע יום־טובים, אויף חתונות און שימחות. מן־הסתּם זענען אין דעם באַהאַלטענעם אוצר אויך געווען גאָלדענע מטבעות. בלויז דאָס טראַכטן וועגן אוצר האָט בײַ זיי אַרויסגערופן אַ ציטער, ווי די הייליקע מאַריאַ אַליין וואָלט זיי אַנגערירט.

סטאַך און וואַנדאַ האָבן געלעבט אין דחקות, אָן קינדער, אָן רינדער, אַ נעבעכדיק עלנט לעבן. די זיקנה האָט זיך אויף זיי אָנגע־רוקט פאַר דער צײַט. עס האָט זיי בלויז דערהאַלטן בײַם לעבן דער געדאַנק, אַז ווי נאָר זיי וועלן אָפּזוכן דעם ייִדנס אוצר, וועלן זיי אויסלעבן די איבעריקע יאָרן אין ווילטאַג און פריידן. זיי האָבן אַפילו געטאָן אַ נדר, אַז ווי נאָר זיי וועלן געפינען דעם אוצר, וועלן זיי לאָזן מאַכן אַ נײַעם דאַך איבער דעם קאָשטשאָל.

פלוצעם האָט זיך סטאַך דערמאָנט, אַז בײַם באַגראָבן די „שיינע רעבעקאַ" האָט איר פאָטער אַרײַנגעלייגט אין איר קבר אַ זעקעלע. ער האָט עס דערציילט וואַנדאַן און וואַנדאַ איז ממש אויפגעשפרונגען, ווי מע וואָלט זי אָפּגעגאָסן מיט קאָכעדיק וואַסער:

— דו גולם, דו פערדישער קאָפּ! ווו ביסטו געווען די אַלע יאָרן? פאַר וואָס האָסטו דאָס מיר באַלד ניט דערציילט, נאָך דעם ווי מ'האָט די זשידוווקע באַגראָבן? געלאָזט זיך אָפּנאַרן פון אַ ביטרע זשיד, אַז ס'איז נאָר אַ זעקעלע מיט ערד. ניטאָ ווער ס'זאָל לאַכן! מיר מוזן שוין גיין אויפן זשידאָווסקן צמענטאַזש און אויפ־גראָבן דעם קבר. דערוויַל האַלט די מאָרדע! שווײַג! קיינער טאָר וועגן דעם ניט וויסן.

ווי גייט מען אָבער אויפן ייִדישן בית־עולם, אַז קיין בית־עולם איז שוין לאַנג ניטאָ, אַז יעדער זכר איז דאָרטן אָפּגעמעקט? די ערד איז באַוואָקסן מיט גראָז און דער ווינט הוליעט דאָרטן פראַנק און פרײַ. פון דעסטוועגן זענען זיי געגאַנגען מיט אַ רידל, אַ לאָפּעטע און אַן אײַזערנעם שטאַנג. געגראָבן דאָ און געגראָבן דאָרט, נאָר ניט געפונען קיין סימן פון אַ קבר. אַזוי גראָבנדיק, האָט זיך סטאַך ווידער דערמאָנט, אַז בשעת דער קבורה האָט ער זיך אָנגעשטויסן אין אַ זעלנערישער קאַסקע, וואָס איז מן־הסתּם פאַרבליבן פון דער

ערשטער וועלט־מלחמה, און די קאַסקע איז טאַקע געבליבן אין קבר.

געגראָבן האָבן זיי אין די פּאַרטאָגן, אײדער עס ווערט ליכטיק. זיי האָבן זיך געשראָקן פאַר אַ בייז אויג, פאַר ניט־פאַרגינערישקייט און סתּם פאַר לײדיק־גײערס, וואָס עס קען זיך זיי פאַרגלוסטן צו זוכן ייִדישע מציאות. געגראָבן און זיך דערגראָבן, געפונען די קאַסקע. זיס איז געווען דער גרילץ ווען דער רידל האָט זיך אָנגע־שטויסן אין דער אײַזערנער קאַסקע! גראָד איז סטאַך דעמלט געווען אַליין.

— אוי, וואַנדאַ! דו ווייסט גאָר ניט וואָס דו ווערסט אָן אין אָט דער רגע! — האָט ער זיך צעשריגן און איבערגעשראָקן אַ פויגל וואָס האָט צווישן די גראָזן אויסגעבריט אייעלער.

ביסלעכווײַז האָט זיך סטאַך דאָבוווּעט צום דנאָ. אָט וועט ער געפינען אַ הויפן ביינער און צווישן זיי — דאָס זעקעלע מיטן אוצר. עס קען דאָך אַנדערש ניט זײַן. דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט, די הענט האָבן געציטערט, דער שווייס איז גערונען. פּאַמעלעך, מע דאַרף זיך ניט אײַלן. נאָך אַ ביסעלע, יעזוס, מאַריאַ, העלף מיר! איך וועל דאָס ניט אויסהאַלטן. דאָס האַרץ וועט בײַ מיר פּלאַצן!

דאָס האַרץ האָט בײַ סטאַכן ניט געפּלאַצט. אָנשטאָט ביינער, האָט ער גאָר דערזען... די „שיינע רעבעקאַ", ווי עס וואָלטן ניט פאַרבײַ קײַן צוואַנציק יאָר, נאָר צוואַנציק מינוט פון זינט ער האָט פאַרשאָטן דעם קבר. עס האָט אויסגעזען ווי זי וואָלט אויף אים געוואַרט. זי איז געלעגן לעבעדיק און ניט באַשעדיקט. אָן אַ לאָך אין קאָפּ. אָן אַ פאַרבלוטיקט פּנים. די צײַט האָט איבער איר קיין שליטה ניט געהאַט. זי איז געווען אין איר גאַנצער מיידלשער פּראַכט. די אויגן האָבן נאָך אַלץ געגלאַנצט מיטן זעלבן פאַר־פירערישן גלאַנץ און דאָס מויל איז געווען פריש, נאָר צום קושן. דאָס פּנים פון דער אָריענטאַלישער פּרינצעסין האָט נאָך געאָטעמט מיט דער פרישקייט פון אַ צעעפנטער בלום. די „שיינע רעבעקאַ" האָט געקוקט אויף סטאַכן און סטאַך האָט געקוקט אויף דער „שיינער רעבעקאַ".

פּלוצעם האָט זיך די „שיינע רעבעקאַ" צעלאַכט הויך, אויף

אַ קול. אַזוי לאַכט מען פון עמעצן וואָס מ'איז אים מבטל, ווען מען וויל דער מענטש זאָל פילן אַז מען מיאוסט זיך פון אים, ווען מען וויל ער זאָל דערפילן זײַן שיפלות.

דאָס געלעכטער האָט געשטאָכן און געבריט און ס'איז ניט געווען ווו זיך צו באַהאַלטן. די לאָפּעטעס ערד וואָס סטאַך האָט ווילד אויפגעהויבן און אַראָפּגעלאָזט האָבן זיך געאײַלט וואָס גיכער צו פאַרדעקן דעם קבר. מיט יעדער לאָפּעטע איז דאָס לאַכן שוואַ־כער געוואָרן. צום סוף האָט זיך די ערד אײַנגעשטילט, אָבער ניט באַרויִקט. פאַרבײַגייערס האָבן דערציילט, אַז אַ שטיק צײַט האָט זיך דאָס בערגל אויפן חרובן ייִדישן בית־עולם געטרייסלט און פונעם בערגל האָבן זיך געהערט משונהדיקע פאַרשטיקטע קולות.

## צו דער באָבעס קבר אין אַ ווינטערטאָג

דער בית־עולם אויף ברודנע איז אין וואַרשע געווען אַ בית־עולם פאַר בעל־מלאכות און פאַר סתם אָרעמע־לײַט.

די מצבות — אָן באַפּוצונגען, אָן אָרנאַמענטן. פּשוט, ווי פּשוט עס זענען געווען די וואָס מע האָט דאָ באַערדיקט.

שורות־שורות זענען זיי געשטאַנען אויף דעם רויען שטיק ערד. אָן אַ בלום, אָן אַ בוים, אָן אַ קוסט. פּוסט. אַ פּוסטקייט וואָס האָט זיך געכּפּלט און געמערט.

זומער האָט עס אויסגעזען אַנדערש. דאָ און דאָרטן האָט ווער אָנגעצונדן אַ ליכטל, מ'איז געקומען אויף קבר־אָבות. מ'האָט גע־הערט אַן אל מלא רחמים, אַ קדיש. אָבער ווינטער — ווען דער טאָג איז קיין טאָג ניט, ווען דער פראָסט טוט אָן די אײַנגעהויר־קערטע שטיינער אין ווײַסע תּכריכים־קיטלען און די שטעגן ווערן פאַרווייעט, קומט דאָ זעלטן ווער, סײַדן אַ לוויה.

אין אַזאַ גרויען, כמורנעם ווינטערדיקן טאָג איז צום טהרה־

שטיבל פונעם ברודנער בית־עולם אָנגעקומען אַ פרוי, און מיט איר — איר ייִנגעלע, אַ קינד פון אַ יאָר פינף.

אין טהרה־שטיבל האָט געברענט אַן אײַזערן אײװעלע מיט רעדן. אַרום אײװעלע — עטלעכע ייִדענעס, קברים־ייִדענעס. זײ האָבן געװאַרעמט די אויסגעהאַרעװעטע, מיט קעלט פאַרלאָפּענע הענט בײַם אָנגעגליטן טירל. די רויטקײט האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אויף זײערע פּנימער מיט אַ ניט־געזונטן בלײאַסק.

מיט זײ צוזאַמען איז געזעסן דער קברן. אַ שװערלײַביקער, טונקל־הויטיקער ייִד מיט אַ פאַרקאַלטנט בערדל. דאָס בערדל האָט זיך באַמיט צו פאַרדעקן אַ רויטן שראַם פון אַ שלעכט פאַרהײלטער װוּנד לענג־אויס דעם פּנים. דער שראַם האָט זיך גוט אָנגעזען, װײַל אויף יענעם אָרט פון דער װוּנד זענען קײן האָר ניט געװאַקסן. די היץ האָט אים צענומען און אײַנגעשלעפערט. ער האָט זיך אומזיסט געראַנגלט מיטן שלאָף. דער שלאָף איז אים בײַגעקומען.

די װײַבער זענען געװען פאַרטאָן אין עפּעס אַ לאַנגן שמועס. בעצם האָט נאָר אײנע פון זײ גערעדט, דערצײלט. די אַנדערע האָבן זיך בלויז צוגעהערט מיט גרויס נײַגער. די מעשׂה איז געװען זײער טרויעריק און איז באַגלײט געװאָרן דאָ מיט אַ זיפץ און דאָ מיט אַ קרעכץ.

אין אַ װינקל איז געשטאַנען אָנגעלענט אָן דער װאַנט אַן אײַזערנער לאָם, עטלעכע רידלען, עטלעכע לאָפּעטעס. דאָס קאַרגע טאָגליכט װאָס איז אַרײַנגעדרונגען פונעם דרויסן האָט ניט דער־גרײכט צו זײ. זענען זײ געשטאַנען פאַרטונקלט, אין שטומער אויסװאַרטונג.



װען די פרוי מיטן ייִנגעלע זענען אַרײַן פון דרויסן, האָט זיך מיט זײ אין אײנעם אַרײַנגעכאַפּט אַ װײַס־פראָסטיקע פּאַרע. װי נאָר די טיר האָט זיך פאַרמאַכט, זענען די פאַרעקנוילן אַראָפּגע־זונקען צום דיל און נעלם געװאָרן, אָן צו לאָזן אַ שפּור פון זיך.

די װײַבער האָבן ניט־גערן אויסגעדרײט זײערע קעפּ צו דער טיר. די מעשׂה איז אָפּגעהאַקט געװאָרן אין מיטן. ס׳איז געװאָרן אַ געצװוּנגענע שטילקײט.

אויף דער פרויס גוט־מאָרגן האָט מען זיך ניט געאײַלט צו ענטפערן. עמעצער האָט סוף־כּל־סוף עפּעס יאָ און ניט אַ ברום געטאָן, און מיט דעם, ווי ניט איז, יוצא געווען.

איינע פון די ווײַבער האָט זיך אויפגעשטעלט, אָפּגעווישט די ליפּן מיט אַ ברעג פון איר פאַרטעך און זיך דערנענטערט צו דער פרוי מיט אַ צדקה־פּושקע:

— שענקט אַ נדבה, צדקה תּציל ממוות! — האָט זי אויסגערופן מיט אַ פרומער מינע, און כּדי ס'זאָל ניט זײַן קיין ספק וואָס זי מיינט, האָט די ייִדענע אַ טרייסל געטאָן מיט דער פּושקע האַרט פאַר דער פרויס פּנים.

די עטלעכע מטבעות וואָס האָבן ביז איצט דאָרטן, אין די פּושקע־טיפענישן, זיך געטוליעט איינע צו דער אַנדערער אין אַ געבענטשטער רו, זענען ראַפּטעם אויפגעשפּרונגען און זיך צעקלונגען מיט אַ הוילן, בלעכענעם קול.

פונעם טומל וואָס די פּושקע האָט געמאַכט האָט זיך דער קברן איבערגעוועקט, אין דער ערשטער מינוט ניט באַנומען ווו ער געפינט זיך. ער האָט אין פאַרלעגנהייט זיך געקראַצט דאָס פאַרקאָלטנטע בערדל. אויסגעטשוכעט זיך פונעם שלאָף, האָט ער אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגן אויף דער פרעמדער פרוי און זיך ניט געגלייבט אַז אין אַזאַ קרירה, ווען פייגל פאַלן פון די דעכער און ביימער טראַסקען און פּלאַצן פון קעלט, אין אַזאַ קרירה וועט ווער זיך דערוועגן צו לאָזן זיך אויפן גוטן־אָרט, און נאָך מיטשלעפּן מיט זיך אַ קינד.

— אָוואַ, אָוואַ, אַן אשת־חיל! — האָט דער קברן אַ זאָג געטאָן צו די ווײַבער און געמיינט האָט ער די פרעמדע פרוי.

די פרוי האָט אַראָפּגעצויגן פון אירע הענט די איינפינגערדיקע האַנטשן, אויפגעבונדן אַ פּאַטשיילע, פונאַנדערגעקנעפּלט אַ מאַנטל, צעשפּיליעט אַ באַרכאַטן קלייד און פון דער טיף, פון נאָך עפּעס אַ בגד, אַרויסגעשלעפּט אַ קניפּל. ס'האָט נאָך לאַנג געדויערט ביז זי האָט זיך געספּראַוועט מיטן קניפּל. צום סוף איז צווישן אירע פינגער אויסגעוואַקסן אַ בלישטשענדיקע מטבע, און זי האָט די מטבע, ניט געאײַלט, אַרײַנגעוואָרפן דורכן שפּעלטל אין דער פּושקע.

די ייִדענע האָט זיך פֿאַרקרימט. ווײַזט אויס אַז זי איז ניט אַזוי צופֿרידן געווען מיט דער פּרויס גאָב. זי האָט אָבער גאָרנישט ניט געזאָגט. די פֿרוי האָט זיך ניט ווייסנדיק געמאַכט פֿון דער ייִדענעס פֿאַרקרימט פּנים.

אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיט דער מיצווה פֿון צדקה־געבן, האָט זיך די פֿרוי געווענדט צום באַגרעבער, ער זאָל מיט איר צוגיין, אָדער אָפּמשלען דעם וועג צו איר מאַמעס קבר. זומער טרעפֿט זי דעם וועג, אָבער אַז אַלץ איז מיט אײַז און שניי פֿאַרשאָטן, איז שווער צוצוקומען ווו מע דאַרף. זי האָט דעם באַגרעבער געוויזן אַן אויסגעפּעצט צעטל, ווו ס׳איז געווען אויפֿגעשריבן דאָס יאָר פֿונעם ניפֿטר און די שורה פֿונעם קבר.

דער קברן האָט זי געפּרוּווט אָפּרעדן פֿון לאָזן זיך אין פֿעלד אַרײַן. די פֿרוי איז געבליבן בײַ אירס. זי האָט זיך אַראָפּגעבויגן צום קינד, צו זען צי דאָס וואַלענע טיכל איז גוט פֿאַרבונדן אַרום האַלדז און קאָפּ. דאָס ייִנגעלע האָט זייער ניט געוואָלט דאָס דיקע טיכל — אַלע וועלן מיינען אַז ס׳איז אַ מיידעלע. ס׳איז גענוג וואַרעם אינעם פֿוטערנעם היטעלע מיט די אַראָפּגעלאָזטע אויערלעך.

צום סוף איז דער באַגרעבער, בלית־ברירה, אַרויס מיט דער פֿרוי פֿאַר דער טיר, געוויזן איר, מער־ווייניקער, די ריכטונג: זי דאַרף אַריבערגיין אַ הילצערן בריקל, דערנאָך צוקומען צו אַ האַנט־וועגעלע אויף וועלכן מע פֿירט די מתים, פֿאַרקערעווען אויף רעכטס — און שוין. ער האָט אײַליק אָפּגעזאָגט דעם פּיזמון, זיך אויסגע־דרייט מיט דער פּלייצע צו דער פֿרוי, אַ שטופּ געטאָן מיט אַ קני די טיר און, ניט אַרויסגענומען די הענט פֿון די קעשענעס, צוריק אַרײַן צו דער וואַרעמקייט.

ווען די פֿרוי איז געבליבן אַליין אויסגעשטעלט אויף די אייגענע כּוחות, האָט זי זיך ערשט רעכט אַרומגעקוקט. חוץ דעם רויך פֿון די רערן, וואָס האָט אַרויסגעשפּאַרט דורך דער פֿענצטער־עפֿענונג, און די אייגענע פֿאַרע פֿון איר מויל, איז אַלץ דאָ געווען איין גרויסער גליווער. אינסטינקטיוו האָט זי שטאַרקער אַרומגענומען און שטאַרקער צוגעדריקט דעם קינדס האַנט.

ס'האָט מער ניט געשנייט. ס'איז געווען שטיל און בלענדיק. די שטילקייט האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. אומגעריכט איז אָנגעפאַלן אַ ווינט. ער איז געלאָפן פון מצבה צו מצבה, פון שורה צו שורה, און זיך פאַרמאָסטן מיט בלאַנק־ווײַסע אויסגעשאַרפטע שפּיזן. זײַן גאַנצן כּעס און צאָרן האָט דער ווינט אויסגעלאָזט צום שניי. אין ווילדן געווירבל געוואָרפן אים און געשלײַדערט אים אין דער לענג און אין דער ברייט, אין די הייכן און אין די טיפענישן. דער שניי, נאָכגיביק, האָט מיט זיך געלאָזט טאָן וואָס דעם ווינט האָט געגלוסט. דאָס האָט דעם ווינט נאָך מער צעווילדעוועט. אַ ניט־באַפרידיקטער און אַנטוישטער, איז ער זיך פאַרגאַנגען אין אַזאַ געוווי, וואָס האָט געקאָנט טויטע אויפוועקן, און ווייענדיק אַזוי, איז ער פאַרשוווּנדן ביז צו אַ נײַעם אָנפאַל פון שגעון.



ווען עס איז ווידער שטיל געוואָרן, האָט די פרוי מיטן קינד גענומען שפּרײַזן.

לויט די אַרויסשטאַרצנדיקע הילצערנע אָנלענען פונעם שניי־צודעק, האָט מען זיך געקאָנט משער זײַן, אַז דאָ איז דאָס בריקל און דאָ פירט דער וועג. ביסלעכווײַז איז מען צוגעקומען צום האַנט־וועגעלע. אויך דאָס האַנט־וועגעלע איז געווען פאַרזונקען אין גאַנצן אין שניי. בלויז דער דישעל האָט זיך אַרויפגעהויבן צום נידעריקן הימל, ווי אַ באַשולדיקנדיקער פינגער פון אַן אָפּגעשניטענער האַנט.

די פרוי האָט פאַרקערעוועט רעכטס, אַזוי ווי דער קברן האָט איר געהייסן. זי האָט זיך ניט פאַרלאָזט בלויז אויפן קברן, געהאַט אויך אירע סימנים. אַראָפּגעבויגן זיך בײַ איין מצבה, פאַרהאַלטן זיך בײַ אַ צווייטער. פון דעסטוועגן האָט זי זיך פאַרפּלאָנטערט, געמוזט צוריקגיין צום האַנט־וועגעלע און פון דאָרטן אויף ס'נײַ אָנהייבן גיין. דאָס גיין איז געווען איין גרויס געראַנגל מיט די שנייאָנשיטן. וואָס ווײַטער — זענען די פיס אַלץ טיפער געזונקען. געווען ערטער, ווו די פרוי האָט געמוזט נעמען דאָס קינד אויף די הענט, און אַזוי מיטן קינד אויף די הענט בײַקומען איין מיכשול

נאָכן אַנדערן. פּלוצעם האָט זיך די פרוי פאַרהאַלטן, און מיט אַ ציטערנדיקער שטים פון גערירטקייט אויסגערופן:

— אָט איז די באָבע!

די מאַמע פלעגט דערציילן, אַז די באָבע האָט דאָס קינד זייער ליב געהאַט. ווען עס איז אַ פּיצל געווען, האָט זי עס געבאָדן, גע־קאָרמעט, און בײַ נאַכט, ווען עס האָט געוויינט, עס פאַרוויגט אין אירע אָרעמס. ווען דער טאַטע האָט פאַרלאָזט די היים און געפאָרן „מאַכן אַ לעבן" אין אַמעריקע, איז די באָבע אַריבער וווינען אין זייער שטוב.

דאָס ייִנגעלע האָט דעם טאַטנס אויסזען בכלל ניט געדענקט, און פון דער באָבען איז דעם קינד געבליבן בלויז אַן אָנונג פון אַן אײַנגעבויגענער געשטאַלט אין אַ קופּקע, אַן אַ פּנים, אַן אַ שמייכל, אָן אַ קול, מיט אַ שטעקן, וואָס בעתן שאַרן מיט די פיס, האָט ער אומזיכער געקלאַפּט איבערן דיל און געמאַכט אַ טומל. און דאָ הערט דאָס ייִנגעלע פון דער מאַמען: אָט איז די באָבע!

דער פראָסט האָט געקניפּט אין די באַקן און אָנגעפילט די לופט מיט זילבער־פעדעם. די פעדעם האָבן זיך געלייגט אויף די אויגן און זיך געצויגן צו דער מצבה אויף וועלכער די מאַמע האָט געזאָגט, אַז דאָס איז די באָבע. זי האָט דאָס קינד אַ צי געטאָן פאַרן אַרבל:

— לאָמיר אָפּרייניקן דעם שניי.

ווי נאָר דער שניי איז אַוועקגעשאַרט געוואָרן, און די מאַמע האָט דערזען דעם אויסגעקריצטן נאָמען פון דער באָבען, האָבן זיך אַלע קוואַלן פון געוויין אויפגעשטאָפּט און גענומען רינען, און גענומען פלייצן איבער איר אויסגעמאַטערט און פאַרזאָרגט פּנים.

דאָס געוויין האָט געקאָנט שפּאַלטן אַ שטיין. דער שטיין איז געבליבן גאַנץ, אָבער דער הימל האָט זיך יאָ געשפּאָלטן, ווײַל ס'האָט ווידער גענומען שנייען.

די מאַמע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני, ווי זי וואָלט געווען אַ זאַק קאַרטאָפל, וואָס מע האָט קוים דערטראָגן. אירע הענט האָבן זיך אָנגעכאַפּט אָן דער מצבה. דער קאָפּ איז אַראָפּגע־זונקען נידעריק, נידעריק. די ליפּן האָבן כמעט אָנגערירט די מצבה

און מיט אַ דורכגעווייקטער שטים פון טרערן גענומען דאָרטן אַרײַנרעדן:

— מאַמע, מאַמע שוין עטלעכע נעכט נאָך אַנאַנד קומסטו מיר צו חלום און רופסט מיך כ׳זאָל קומען צו דיר. מן־הסתּם דאַרף איך דאָס ניט אָפּלייגן. איז זײַ וויסן, אַז כ׳בין צו דיר געקומען. ניט אַליין. אויך דאָס קינד צו דיר געבראַכט.

דאָ האָט זי זיך אָפּגעשטעלט, אויסגעווישט די אויגן און זיך פאַרקלערט. ס׳האָט אויסגעזען ווי זי וואַרט אויף עפּעס. ס׳איז גאָר־נישט ניט געשען. ס׳האָט געשנייט. אַ געדיכטער, טרוקענער שניי איז געפאַלן.

דאָס יינגעלע האָט זיך צעכליפּעט. די מאַמע האָט אין אים פאַר־געסן, די מאַמע קוקט זיך ניט אום אויף איר קינד. ער וויל דווקא זיך צוטוליען צו איר, אײַננורען דעם קאָפּ צווישן אירע וואַרעמע אָרעמס. ער ציטערט, ס׳איז קאַלט אין די פיס. ער וויל זיי אויפהייבן, נאָר זיי פאָלגן ניט.

דאָס קינד האָט געהערט און ניט געהערט, פאַרשטאַנען און ניט פאַרשטאַנען וואָס די מאַמע רעדט צום שטיין, באַקלאָגט זיך, אַז דער טאַטע האָט אויפגעהערט שרײַבן בריוו, ער שיקט ניט קיין דאָלאַרן צו דער צײַט, מע דאַרף דעם קינד מאַכן שטיוועלער, מע דאַרף קויפן קוילן צום הייצן; די שכנה איז זי מקנא וואָס זי באַקומט דאָלאַרן, אָבער דאָס וואָס זי פּינצטערט אָפּ די יאָרן אָן אַ מאַן — דאָס זעט קיינער ניט. דאָס קינד דאַרף אַ טאַטן און ס׳איז איר שווער אַליין צו שלעפּן דעם עול פון פּרנסה. זאָל די מאַמע איר מוחל זײַן, וואָס זי שטערט איר רו. זאָל זיך די מאַמע פאַר איר און פאַרן קינד מיִען, זאָל זי זײַן אַ גוטער מליץ!

פון ערגעץ איז אָנגעפלויגן אַ קראָ, אַן איין־און־איינציקע קראָ, און זיך געשטעלט אויף אַ דערבײַיִקן מצבה־שטיין.

די מאַמע, וואָס קאָן אַלץ, וואָס ווייס אַלץ, וואָס זעט אַלץ, איז איצט אַרײַנגעטאָן געווען אין אַנדערע וועלטן און ניט געהערט ווי די קראָ ענטפערט איר אויף אַלע שליחותן וואָס זי בעט בײַ דער באָבען מיט אַ מרה־שחורהדיק קול: קראַ, קראַ, קראַ!

ענדלעך איז די מאַמע אויפגעשטאַנען, זיך אויסגעגלײַכט, אָפּ־

געטרייסלט דעם שניי, צו רעכט געמאַכט די האָר און זיי צוריק פאַררוקט אונטער דער פאַטשיילע. ערשט איצט האָט זי זיך דער־מאָנט אינעם קינד. זי האָט עס צוגעצויגן צו זיך, אַרומגענומען, אָפּגעווישט דאָס פּנים. דאָס קינד האָט זיך געווערט, זי אָפּגע־שטופּט פון זיך. די מאַמע האָט עס אָבער פעסט געהאַלטן, אַפילו דעם קאָפּ ניט געלאָזט אַוועקדרייען, עס זאָל הערן ביזן סוף וואָס זי וויל זאָגן:

— געזעגן זיך מיט דער באָבען. זאָג איר צו אַז דו וועסט זייַן אַ וווּיל קינד. וועסט פאָלגן דער מאַמען, לערנען זיך מיט חשק און זייַן צו גאָט און צו לייַט.

דאָס קינד האָט ניט געוווּסט וואָס די מאַמע וויל. צי איז די מאַמע בלינד? צי איז די מאַמע טויב און זעט ניט און הערט ניט, אַז די באָבע האָט אַ שנאָבל און שוואַרצע פליגל, און שוואַרץ און הייזעריק איז איר קול? צי זעט זי ניט אַז די באָבע איז הויל און נאַקעט, און שפּרינגט אונטער פון איין פיסל אויפן אַנדערן, כּדי זיי זאָלן ניט איַנפרירן, און באַוועגט מיט די פליגלען זיי זאָלן ניט פאַרשטייַפט ווערן, און בעט זיך מיט אַ געבראָכענער שטים:

— לאָז מיך ניט אַליין, לאָזט מיך ניט אַליין!

דאָס קינד האָט זיך מער ניט געקאָנט איַינהאַלטן און זיך צעשריִען:

— די באָבע איז אַ פויגל! די באָבע וויל אַהיים!

די מאַמע האָט דאָס קינד ווידער גענומען אויף די הענט, צוגעלייגט איר פּנים צום קינדס פּנים, און שטיל, שטיל אַריַינגע־שעפּטשעט אין אויער:

— דרויבעלע מייַן, זונעלע מייַן, וואָס פאַלט דיר איַין? די באָבע רוט אין ליכטיקן גן־עדן און ס'איז איר דאָרטן וווּיל און גוט, און אַ קראָ בלייַבט אַ קראָ. אָט איז זי דאָרטן און אָט איז זי דאָ.

זי האָט דאָס ייִנגעלע פאַמעלעך אַרויסגעלאָזט פון די אָרעמס, געלאָזט עס מיט די פיס אויסטאַפּן דעם וועג.

מאַמע און קינד האָבן זיך גענומען דערווייַטערן. מאַמע און קינד זענען געזונקען אין די שנייען. בלויז די קראָ איז געבליבן

שטיין אַזוי ווי זי איז געשטאַנען, נאָר דאָס פינצטערע קראַקערײַ איז מיט זיי מיטגעגאַנגען.

# דאָס ניט־אָנגערירטע שטיקל ברויט

און דאָס איז געשען מיטן וואַרשעווער בעקער־געזעלן „שלמה המלך", וואָס איז אויסגעגאַנגען פון הונגער און קעלט אין איינער אַ נאַכט, בײַ די פאַרשנייטע ברעגן פונעם קאַמע־טײַך אינעם ווײַטן אוראַל.

צו זײַן נאָמען „שלמה", האָבן די מענטשן פונעם עשאַלאָן, וואָס זענען עוואַקויִרט געוואָרן פון די געוועזענע פּוילישע געביטן, צוגעשטוקעוועט דעם צונאָמען „המלך", ווײַל וואָס שלמה זאָל ניט האָבן דערציילט וועגן זײַן וואַרשע האָט עס זיך ס׳רוב פאַרענדיקט מיט אַ פאַרגלײַך צו שלמה המלך — ווי:

— איר מעגט מיר גלייבן אויפן וואָרט, אַז כ׳האָב ניט ערגער געלעבט אין מײַן קליינער דירה ווי שלמה המלך אין זײַנע פּאַלאַצן!

אָדער:

— איצט בין איך אַ גאָרניט, אַ ביעזשעניעץ, אָבער אין וואַרשע־ווער בעקער־פאַראיין האָט מען מיך געהאַלטן פאַר אַ קלוגן יאַט, שיער ניט אַזוי קלוג ווי שלמה המלך!

שלמה איז געווען אַ מיטלוווקסיקער. געהאַט צוויי ברייטע אַקסלען, פעסטע הענט און אַ ביסטרן בליק. די צונויפגעוואַקסענע ברעמען האָבן דאָס נאָך מער אונטערגעשטראָכן. די פאָדערשטע האָר פון זײַן קאָפּ האָט ער געקעמט אַרויף צו פאַרדעקן דעם אָנזעעוודיקן פּליך.

שלמה האָט אַ סך גערעדט, אַפילו איבער דער מאָס און שטענ־דיק צו הויך און צו גיך, ווי די ווערטער וואָלטן אים געשטאָכן און ער האָט זיך פון זיי געוואָלט וואָס גיכער באַפרײַען. ער האָט ליב געהאַט זיך צו רימען — דאָס געטאָן. יענץ געמאַכט. דעם געהאָלפן.

פֿאַר יענעם געזאָרגט. ס'איז זיך לײַכט געווען מיט אים צו באַ־פרײַנדן.

שלמה האָט אַמבעסטן ליב געהאַט צו רעדן וועגן זײַן אַרבעט אין דער בעקערײַ און וועגן זײַן טעטיקײַט אין בעקער־פֿאַראיין, נאָר ווען מען איז צו אים צוגעשטאַנען, געוואָרן צופֿיל צודרינגלעך און אים גענומען אויספֿרעגן וועגן זײַן היים, משפּחה, קינדער־יאָרן, האָט ער אָפּגעקערט דעם בליק, ווי מורא געהאַט מ'זאָל אים ניט צו פֿיל אַרײַנקוקן אין די אויגן, און גלייך פֿאַרקירעוועט דאָס געשפּרעך אין אַן אַנדערער ריכטונג.



אינעם האַרבן ווינטער פֿון 1941 איז שלמה, צוזאַמען מיט אַנדערע פּוילישע ייִדן, אַרײַן אין די טעפּלושקעס־וואַגאָנען פֿונעם לאַנגן עשאַלאָן, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ זײַטיקער ליניע פֿונעם ביאַליסטאָקער וואָקזאַל.

אָפּגעפּאָרן צוויי אײַז־קאַלטע, שניי־קאַלטע וואָכן און אַראָפּ, צוזאַמען מיט די אַנדערע ביעזשענצעס, אין דעם אײַז־קאַלטן, שניי־קאַלטן אוראַלער פּאָסיאָלעק.

די עטלעכע משפּחות האָבן אין די באַראַקן באַקומען באַזונ־דערע צימערלעך און די איינצלנע זענען אַרײַן אין די צוזאַמענוווי־נונגען.

צען מענער געווען — צען בעטלעך מיט צען שענקעלעך באַקומען. איבער יעדן בעטל און שענקעלע — טשוועקעס אויף אויפֿצוהענגען די מלבושים. די מאַטראַצן פֿון שטרוי און דאָס קישן פֿון שטרוי. בלויז דער צודעק פֿון וואַטע. בײַם אַרײַנגאַנג — אַן עמער מיט וואַסער צום טעגלעכן געברויך און אין מיטן באַראַק אַן אויוון אויף וועלכן מען האָט געקאָנט אויסטריקענען אַ פּאָר שיך, וואַלענקעס, לאַפּטשעס מיט אָניטשעס. צום קאָכן איז אין קאָרידאָר געווען פֿאַר די איינצלנע, פֿאַר די אַזוי גערופֿענע פֿרײַ־ליידיקע מענער, אַ באַזונדערע קיך מיט פּײַערקעס. צום וואַשן די הענט, דאָס פּנים, צום ראַזירן זיך און אויסשווענקען דאָס מויל איז באַשטימט געוואָרן אַ צימערל מיט אַ לאַנגן, בלעכערנעם בעקן.

צו טאָן אַנדערע באַדערפעניש איז מען זיך מטריח געווען אַרויס צום פּראָסטיקן דרויסן, צו דער אָפּגעזונדערטער בודקע.

נאָך עטלעכע טעג פון זיך אײַנאָרדענען און זיך אָפּרוען נאָך דער לאַנגער, אויסמאַטערנדיקער רײַזע, זענען די מענטשן אַרויס צו דער אַרבעט אין דער דערנעבנדיקער מעטאַלורגישער פאַבריק.

שלמה האָט געהאַט פעסטע הענט, גערעדט הויך — איז ער באַשטימט געוואָרן פאַר אַ בריגאַדיר פון אַן אַרבעטס־גרופּע.

אין דער פרײַער צײַט האָט מען זיך געלערנט רוסיש. געשריבן בריוו צו די איבערגעלאָזטע משפחות אויף די פאַרנומענע געביטן פון די דײַטשן, געוואַשן וועש, געלאַטעט העמדער און געצירעוועט זאָקן. אין די פאַרנאַכטן, ליגנדיק אויף די בעטלעך, האָט ווער פאַרצויגן אַ ניגון פון דער אַלטער היים. די אַנדערע האָבן אים מיט אַ האַלב מויל אונטערגעהאַלטן און באַהאַלטענערהייט האָט דאָ דער און דאָ יענער זיך אָפּגעווישט אַ טרער פון די אויגן.

די בריוו־שרײַבער האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיט דער האָפענונג צו באַקומען פון יענער זײַט הרי־חושך עפּעס אַ צייכן, אַ ווונק, אַז מע זשיפעט, אַז עס איז נאָך ניט אַלץ פאַרפאַלן און מע וועט זיך נאָך ווען ניט איז זען און ווידער זײַן צוזאַמען.

ענדלעך איז דער ערשטער בריוו אָנגעקומען. דער ערשטער בריוו האָט געוואַנדערט פון האַנט צו האַנט. דער ערשטער בריוו, ווי די ערשטע טויב פון נחס תּיבֿה, האָט באַשטעטיקט אַז ניט אַלע זענען דאָרט דערוויַיל פאַרשוועמקט געוואָרן פונעם מבול. מע האַלט ווי ניט איז די קעפּ איבערן וואַסער. מע ראַנגלט זיך מיט דער סטיכיע און מע וואַרט אַז דער שטורעם זאָל פאַרבײַ. דערנאָך האָבן נאָך אַנדערע דערהאַלטן בריוו, אָבער די שפּאַנונג האָט ניט נאָכגעלאָזט.

די ביעזשענצעס האָבן זיך ניט געקאָנט אײַנהאַלטן און זיך צונויפגעזאַמלט בײַם הײַזל פון דער דיקלעכער און פלעגמאַטישער פּאָסט־טרעגערין נאָך איידער זי האָט זיך אַרויסגעלאָזט מיטן אָנגע־האָנגענעם בריוונטאַש איבער די באַראַקן און הײַזקעס פונעם פּאָ־סיאָלעק. זי האָט שוין געוווּסט ווער עס טומלט בײַ איר טיר און זיך מער ניט געבייזערט אויף די נײַ־געקומענע און ניט געמוסרט אַז זיי פירן זיך אויף ווי אַ סטאַדע שאָף און שטערן איר אויסצופירן

איר פּליכט. זי האָט באַצײַטנס איבערגעקוקט און אויססאָרטירט די אָנגעקומענע פּאָסט. אָנגעטראָפן זיך אויף קאַרטלער, אָדער קאָנווערטן ניט מיט קײַן רוסישע מאַרקעס, האָט זי דאָס אָפּגעלייגט באַזונדער, צעעפנט די טיר און הויך אויפן קול אויסגעלייענט די נעמען פון די גליקלעכע. זי האָט די פרעמדע נעמען פון די בריוו־באַקומער ניט אַזוי שנעל געקאָנט איבערלייענען. געשלעפּט אַן אות צו אַן אות. ווען נאָך לאַנגער מי און מאַטערניש ענדלעך אַדורכגעקראָכן, איז דער נאָמען, על פּי רוב, אַרויס פון איר מויל אַזוי פאַרדרייט, אַזוי צעקאַליעטשעט, אַז עס איז כּמעט ניט מעגלעך געוועזן צו פאַרשטיין וועמען זי מיינט, און דאָ ברענט בײַם עולם די הויט פון אומגעדולד און עס שטעלט זיך אָפּ דאָס האַרץ פון דערוואַרטונג.

מען האָט איר געקוקט אין מויל. מען האָט איר געקוקט אין די הענט. מען האָט איר געקוקט אין די אויגן. מען האָט איר אויף שטום־לשון געגעבן צו פאַרשטיין ווי וויכטיק עס איז דער בריוו, געבעטן בײַ איר, געבעטלט בײַ איר. און בריוו — פון יענער זײַט אימה — זענען געוועזן ווינציק. טייל מאָל — קיין איין בריוו ניט. דעמלט איז מען געבליבן שטיין בײַ איר שוועל און ניט געוווּסט וואָס צו טאָן מיט זיך:

— וואָס הייסט ניטאָ? קײַן איין בריוו ניטאָ? ס'קאָן ניט זײַן! אפשר זיך טועה געוועזן. אפשר ניט באַמערקט. זאָל די פּאָסט־טרעגערין אַזוי גוט זײַן און נאָך אַ מאָל אַ נישטער טאָן אין בריוונטאַש.

דאָס אַלץ איז געזאָגט געוואָרן אין געדאַנק. מען האָט דאָס מורא געהאַט צו ברענגען פאַר די ליפּן. מען האָט מורא געהאַט אַז די פּאָסט־טרעגערין וועט זיך באַליידיקן און טאַקע אויף אַן אמת ניט אָפּגעבן עמעצן אַ בריוו.

קיינער פון די מיט־שותּפים צו דער צוזאַמענווינונג האָט קײַן מאָל ניט געזען אַז שלמה זאָל ווען ניט איז שרײַבן צו עמעצן, אָדער באַקומען פון עמעצן אַ בריוו. שלמה אָבער האָט אָפּגעהיט און ניט פאַרפעלט גיין צום שטיבל פון דער פּאָסט־טרעגערין און וואַרטן צוזאַמען מיט אַלעמען.

איין מאָל איז פון צווישן די פאַרזאַמלטע אַרויסגעשפּרונגען אַ לץ און מיט אַ אומשולדיק־תּמימותדיקן טאָן זיך אָנגערופן צו שלמהן אין דער דריטער פּערזאָן:

— וואָס טוט דאָ שלמה המלך? פון וועמען דערוואַרט ער אַ בריוו?

און אַז שלמה האָט זיך געמאַכט ניט הערן, איז באַלד אויס־געוואָקסן אַ צווייטער, וואָס האָט גערן געענטפערט פאַר אים:

— וואָס הייסט פון וועמען? פאַרשטענדלעך אַז פון דער מלכּה שבא! פון וועמען דען, אויב ניט פון דער מלכּה שבא?! איר פּנים איז נאָך שוואַרצער געוואָרן אויס בענקשאַפט. זי גלאָצט מיט די ווײַסע ציין. קוקט מיט די פאַרוויַיסטע אויגן אין די מרחקים. קרעכצט. זיפצט. בענקט, און אויף פאַרפומירטע, ראָזאַ פּאַפּיר־בויגנס שרײַבט זי צו אים ליבעס־בריוו!

דאָס צונויפגעדרענגטע מענער־געזעמל האָט זיך אַ ביסל אויפ־געהײַטערט. אָט די, פון קיינעם ניט צוגעגרייטע, קורצע פאָרשטע־לונג האָט שיטערער געמאַכט די שווערע שטימונג בײַ די, וואָס האָבן הײַנט ניט, אָדער נאָך ניט, באַקומען קײַן לעבעדיקן גרוס פון זייערע נאָענטע. דער עולם האָט זיך צעלאַכט. שלמה האָט זיך דאָס מאָל ניט באַליידיקט וואָס מען וויצלט זיך אויף זײַן חשבון און מיטגעלאַכט צוזאַמען מיט די אַנדערע.



לויטן קאַלענדאַר האָט מען שוין געהאַט דעם ווינטער הינטער זיך. אויפן אוראַל אָבער איז נאָך סוף מאַי דער שניי און דאָס אײַז אויף באַרג און טאָל. אויפן פעלד, אויף בײַמער און דעכער. ערשט ווען עס קומט צום מיט פון חודש יוני ווערט, אָן שום אָנזאָג, פּלוצעם זומער. אויף דער קאָמאַנדע פון דער זון צעגייט דאָס אײַז. דער שניי אַנטרינט. די ביימער, אָן שהיות, ווערן גרין און גרינער. עס יאָווען זיך פייגל. ווי פון אונטער דער ערד באַווײַזן זיך פליגן, בינען און זומער־פלאַטערלעך און מיט זיי, לעבן אויף גאַנצע כמאַ־רעס צעזשווזשעטע קאָמאַרן אויף צו דערגיין די יאָרן, אויף צו צעשטערן דעם מענטשנס תּענוג פון דעם קורצן זומער. דער קאָמע־

טײַך, אַ באַפרײַטער פונעם אײזקלעם, צעיאָגט זײַנע װאַסערן. די הויכע ברעגעס קאָנען קוים, קוים אײַנהאַלטן זײַן צעווילדעוועטן נורט.

דער טאָג פאַרלענגערט זיך. דער הימל ווערט דורכזיכטיקער און לויטערער. די אַרומיקע וואַלדביימער — צוגענגלעכער און פרײַנדלעכער און די בערג — מילדער. אַפילו דער קאַמע־טײַך, נאָכן אָפּפלוס פון די אײַזקריעס, פאַרהיימישט זיך און ווי ער וואָלט זיך צוגערוקט צום פּאָסיאָלעק, ס׳זאָל זײַן באַקוועמער צו באָדן זיך, צו וואַשן און שווענקען וועש און צו שעפּן מיט די עמערס פון זײַנע לויפנדיקע וואַסערן.

ס׳איז לײַכטער און מונטערער געווען צו שפּרײַזן צו דער אַרבעט. בײַם צוריקקער האָט מען שוין ניט אַזוי שטאַרק געפילט די מידקײַט.

שלמה מיט זײַן בריגאַדע האָבן געאַרבעט בײַם מאָנטירן אַ נײַעם צעך אין זאַוואָד, געווען געהילפן בײַ די שלאָסער פאַכמע־נער. די מיטגלידער פון זײַן בריגאַדע האָבן אים אין גוטן מוט, מיט אַ שמץ פון קנאה אַ טשעפּע געטאָן:

— זעסט, די נאַטשאַלסטוואָ האָט גלײַך דערקענט אַז דו ביסט ניט אַבי ווער, נאָר טאַקע דער אמתער „שלמה המלך״ און אַזוי ווי אין אַזאַ סאָציאַליסטישער מדינה זענען דער פּראָלעטאַריאַט און דאָס פּויערטום די אייניציקע הערשער, האָט מען דיך געקרוינט פאַר אַ בריגאַדיר און דו באַקומסט פּרעמיעס פאַר זײַן אַ שלאָגלער.

שלמה האָט אויף אַזעלכע דיבורים אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט — ווייס איך וואָס — און ווײַטער געטאָן זײַן אַרבעט. ער האָט ניט ליב געהאַט דעם „המלך״ וואָס מ׳האָט אים צוגעקלעפּט, גיי אָבער און שטעל זיך אַנטקעגן, אַז אַ גאַנצער ציבור וויל אַזוי דיך רופן. דאַקעגן האָט אים הנאה געטאָן וואָס „זײַנע מענטשן״, וועלכע האָבן קיין מאָל ניט געטאָן קיין פיזישע אַרבעט, פירן אויס די אַרבעטס־נאָרמע און גיבן ניט די רוסישע אַרבעטער אַ געלעגנ־הײַט אָפּצולאַכן פון די „פּוילישע ייִדעלעך״.

מ׳האָט זיך רעכט ניט אָנגעפרייט מיטן זומער. דער חודש יוני האָט זיך נאָך ניט באַוויזן גוט אָנצוּוואַרעמען און דאָ גאָר האָבן

די אויפגעריסענע מײַלער פון די ראַדיאָ־הילכערס פלוצעם איבער־געריסן דאָס געוויינטלעכע איבערגעבן די אָנסופיקע טאַבלען פון די אויסגעפילטע אַרבעטפּלענער אין די זאַוואָדן און אַנדערע אינ־דוסטריעלע אונטערנעמונגען; די אָפּשאַצונגען וועגן דעם קומענ־דיקן גערעטעניש אויף די פעלדער — אַנשטאָט דעם, האָבן פון די בלעכערנע הילכערס אַ פּלייץ געטאָן מאַרשן און פּאַטריאָטישע לידער. ס׳האָט לאַנג ניט געדויערט און אַ מענערישער, טיפער באַס, האָט מיט אַ תּהומיקער ערנסטקייט אָנגעזאָגט, אַז די דײַטשן זענען באַפאַלן דאָס רוסישע פאָטערלאַנד.

די אַרבעט אין דער פאַבריק איז אויף אַ ווײַלע איבערגעריסן געוואָרן. דאָ און דאָרט האָבן זיך גרופּקעס אַרבעטער צונויפגע־שאַרט אַרום די הילכערס. מיט ערנסטע, אָנגעשטרענגטע פּנימער זיך שטום צוגעהערט צו די מיליטערישע מיטטיילונגען און שטום איז מען זיך צעגאַנגען יעדער צו זײַן אַרבעטפּלאַץ.

אין דעם טאָג ווען דײַטשע טאַנקען און דײַטשע אַעראָפּלאַנען האָבן זיך אַרײַנגעריסן אין רוסלאַנד, איז אַ שינע, וואָס עטלעכע אַרבעטער האָבן געטראָגן אויף זייערע אַקסלען, אַראָפּגעפאַלן אויף שלמהן און אים צעשמעטערט די לינקע האַנט.

די אַראָפּגעפאַלענע שינע האָט ניט בלויז זײַן האַנט אָפּגעריסן. צוזאַמען מיט דער האַנט האָט זיך זײַן קול אײַנגעבראָכן, געוואָרן כריפּענדיק און סקריפּענדיק ווי די לאַסט פון דעם אַראָפּגעפאַ־לענעם אײַזן וואָלט זיך אויך געלייגט אויף זײַן שטימע און שוין דאָרט פאַרבליבן.

שפּעטער, אין וואָכן אַרום, שוין נאָכן צוריקקומען פון שפּי־טאָל, האָט שלמה מיט זײַן געבראָכענעם קול, כמעט שעפּטשענדיק, בײַ יעדער געלעגנהייט איבערגעחזרט און איבערגעחזרט:

— אויפן פראָנט ניט געווען, די דײַטשן ניט געשלאָגן און אַ האַנט באַגראָבן. אויך אויף זײַן נײַעם אַרבעטספּלאַץ, אַרומדרייענדיק זיך אַלס שומר בײַ די סקלאַדן פון אַרבעטס־מכשירים און בוי־מאַטעריאַלן, האָט ער דאָס זעלבע צו זיך געמורמלט:

— אויפן פראָנט ניט געווען, די דײַטשן ניט געשלאָגן און אַ האַנט באַגראָבן.

די מלחמה איז אָנגעגאַנגען ווײַט, ווײַט פון אוראַל. בלויז פון די צײַטונגען, פאַרזאַמלונגען אין דער פֿאַבריק, רעפעראַטן אינעם „רויטן ווינקל״ און פון די נײַעס־באַריכטן דורך די ראַדיאָ־הילכערס האָט מען געהערט וועגן פאַרברענטע דערפער, באָמבאַרדירטע, רויִנירטע שטעט און פאַרנומענע טיילן פונעם רחבותדיקן היימלאַנד.

דאָ, אויפֿן קליינעם פּאָסיאָלעק, האָט זיך די מלחמה אויסגע־דריקט אין אַ שלל פּאַטריאָטישע לאָזונגען, געגראַמטע קופּלעטן, צייכענונגען, מען האָט זיי געזען, מען האָט זיי אָנגעטראָפן אויף די פֿאַבריקווענט, בײַם אַרײַנגאַנג אין דער מיליץ־סטאַציע, אויפֿן דאַך פון דער באָד, אין די פענצטער פונעם „רויטן ווינקל״ און פון דער ביבליאָטעק, אויפֿן אָפּגעצוימטן שפּילפּלאַץ פון דער פּאָלקס־שול און קינדער־גאָרטן, אויף די טירן פון דער אַמבולאַ־טאָריע, בײַ די טרעפּ פונעם איינציקן געמויערטן, צווייִשטאָקיקן בנין, דעם בנין פון דער פּאַרטיי און אַפֿילו אַרום די באַראַקן פון די ביעזשענצעס. די ווײַסע אָדער שוואַרצע אותיות האָבן פון די רויטע לײַוונטן גערופן אָפּצוגעבן אַלע כּוחות פאַרן פראָנט, יאָגן און איבעריאָגן, אויספירן און אויספילן אַלע מיליטערישע באַשטע־לונגען פאַר דער רומפולער, באַשיצנדיקער רויטער אַרמיי.

דער הויפּט־מאַגאַזין האָט זיך גאָר גיך אויסגעליידיקט פון פּראָדוקטן און מאַנופאַקטור. געבליבן זענען פּוסטע פּאָליצעס און דער טראַנספּאַרענט מיט דער פלאַמיקער אויפשריפט: „דער שׂונא וועט צעשמעטערט ווערן און מירן זײַן די זיגער!!!״

אויף די אַנדערע מאַגאַזינען האָבן געפּוסטעוועט. ברויט און אַנדערע פּראָדוקטן האָט מען באַקומען צוגעטיילט נאָר אויף „קאַר־טאָטשקעס״.

די אָרטיקע. רוסישע באַפעלקערונג האָט זיך ווי ניט איז אַן עצה געגעבן. זיי, די דערפאַרענע און געפּרוּווטע פון פריערדיקע יאָרן, האָבן געהאַט פאַרגרייטע גרויפּן, מעל און סוכאַרעס. די ביעזשענצעס זענען געווען אויסגעשטעלט נאָר אויפֿן פּאַיאָק און דאָס איז געווען אַזוי ווינציק, אַזוי אָרעם. דערצו נאָך האָבן אויפ־געהערט אָנצוקומען די בריוו פון יענער זײַט סמבטיון. דער לעצטער פאָדעם מיט נאָענטע איז איבערגעריסן געוואָרן. מען האָט אויס־

געמיטן די טיר פון דער פּאָסט־טרעגעריין, פונקט ווי זי, די דיקלעכע און פלעגמאַטישע בריוו־פּאַרטיילעריין, און ניט דער קריג וואָלט שולדיק געווען אין דעם.



דעם זומער האָט אַ ווינטער פאַרביטן, און אָט איז ווידער זומער און ווידער ווינטער און די מלחמה דויערט, דויערט, און דער הונגער בויערט, און די קרעפטן פאַלן, פאַלן.

שלמה האָט זיך נאָך אַלץ אַרומגעדרייט אויף זײַן פּאָסטן אַרום די סקלאַדן מיט אַ פאַרזשאַווערטער ביקס אויפן געזונטן אַקסל. ס'האָט אויסגעזען קאָמיש — מיט אַ האַנט, אָן אַ האַנט — זאַקאָן איז זאַקאָן, אַ שומר דאַרף האָבן מיט זיך אַ ביקס.

ניט איין מאָל האָט שלמה געטראַכט, אַז ער און די ביקס זענען אין דער זעלבער לאַגע — די ביקס האָט מער ניט געקאָנט שיסן און ער — ניט טאָן קיין פיזישע אַרבעט. עס איז אים ניט באַשערט געווען צו גיין אויפן פראָנט און אויך ניט צו זײַן נוצלעך דאָ, אין הינטערלאַנד, פאַרן פראָנט.

דער ביקס האָט ניט געאַרט צי מען גייט מיט איר אַרום בײַ טאָג, צי מען קרײַזט מיט איר אַרום בײַ נאַכט. צי זי הענגט אויף אַן אַקסל, אָדער מען שפּאַרט זיך אויף איר אָן, ווען דער הונגער דרייט איבער די קישקעס אין בויך. שלמהס אַלע געדאַנקען האָבן אַרומגעפלאַטערט אַרום עסן. ער האָט זיי געפּרוּווט אָפּווענדן פונעם הונגער. געפּרוּווט זיי פאַרשפּילן מיט אַ גרויען רויך, וואָס האָט אַרויסגעזעצט, צוזאַמען מיט פײַערצונגען פון די פאַבריק־קוימענס, צו אַ גרויען הימל. מיט אַ קראָ וואָס איז אָנגעפלויגן קראַקענדיק און זיך געזעצט אויף די פאַרשנייטע עלעקטרישע דראָטן. געצווּנגען זיי, די געדאַנקען, זיך צוהערן צום שווערן פּרײַכן פון די פאַר־בײַפאָרנדיקע לאַסטאויטאָס, וואָס האָבן זיך געאַמפּערט מיט אַ פאַרפרויענעם, גליטשיקן שאָסיי, צום גאָר ווײַטן פײַפן פון לאָקאָ־מאָטיוו און צום סירענפײַף, וואָס קומט אָנזאָגן אַז דער צוועלף־שעהדיקער אַרבעטסטאָג האָט זיך געענדיקט און די אַרבעטער פון דער צווייטער שיכט וועלן פאַרבײַטן די פון דער ערשטער. די

געדאַנקען האָבן אָבער זיך געקלאָמערט און געפאָדערט נאָר איין זאַך — עסן!

ווען מען דרייט זיך אַרום און מען היט די סקלאַדן בײַ נאַכט, איז ווי מען וואָלט דיך אַרויסגעוואָרפן מחוץ למחנה, ווי מען וואָלט דיך אָפּגעריסן פון דער וועלט. ווי דו און די שוואַך באַלויכטענע סקלאַדן זענען די איינציקע וואָס מ׳האָט באַשטראָפט צו געפינען זיך שעהען אויף שעהען אינעם ווינטיק־פראָסטיקן חלל פון דער נאַכט. די סקלאַדן מיט זייערע פאַרחתמעטע טירן און פאַרקראַטעוועטע פענצטער באַוועגן זיך ניט. זיי הויערן שטום און טריב אין דער פרירנדיקער לופט. דו אָבער מוזסט זיך אַרומדרייען, די פיס זאָלן ניט אײַנדרימלען. דער שניי סקריפּעט און דו גייסט. די שטערן איבערן קאָפּ פינקלען מיט אַ שאַרפער, גרינלעכער קעלט און דו שפּרײַזסט. בלויז די פאַרע פון מויל גייט דיר נאָך געטרײַ און דאָס שטיקל ברויט, וואָס האָסט מורא צו לאָזן אין באַראַק. טאַפּטשעסט מער אין דער פינצטער. די לעמפּ ברענען צו שוואַך. אין עיגול פון זייער קאַרגן שײַן זיצט די קעלט און האַלט אויף צוויי בלאַנקע, אויסגעשײַערטע שפּיזלען זילבער־ווײַסע פּראָסט־פעדעמער און שטריקט אַ לאַנגן מאַנטל פאַרן מלאך המוות. עס ווילט זיך רוען. עס ווילט זיך שלאָפן. דו צווינגסט זיך צום גיין. דאָס מינדסטע בערגל שניי, וואָס דער ווינט האָט אָנגעווייעט, מאַכט דיך אויפּצי־טערן, אַ ליאַדע דרענגל פאַרוואַנדלט זיך אין אַ פרעמדער, האַרטער האַנט וואָס וויל פון דיר צוראַבעווען דאָס שטיקל ברויט, וואָס דו טראָגסט מיט זיך און ווילסט עס אָפּשפּאָרן ביז דו וועסט זיך אומקערן פון דער שמירה אין באַראַק אַרײַן און עס אויפעסן מיט אַ טעפּל פאַרעדיקן קיפּיאַטאָק.



שלמה האָט יעדער ווײַלע אָנגעטאַפּט דאָס אָרט ווו דאָס ברויט איז געלעגן. דער שעפּסענער שמירה־פּעלץ מיטן אויפגעשטעלטן קאָלנער האָט עס געשיצט פון ווערן פאַרשטײַפט. ער האָט געפירט מיט זיך אַ פאַרעקשנטן קאַמף — יאָ עסן, ניט עסן. זיך פאַרהאַלטן בײַ איינעם פון די לעמפּ, אַרויסגענומען דאָס שטיקל שוואַרצע ברויט. עס האָט אויסגעזען ווי ניט קיין ברויט, נאָר ווי אַן אַרויסגעריסן

שטיק חושך פון דער נאַכט גליוועדט אין זײַן האַנט. די נאָז האָט דאָס ברויט באַשמעקט. די צונג האָט עס באַלעקט. די אויגן האָבן עס געשלונגען. די הענט און פיס האָבן אַזש געציטערט פונעם אָנשטרענג גובר צו זײַן דעם יצר־הרע.

אַ צופרידענער פונעם נצחון איבער זיך, האָט שלמה דאָס שטיקל ברויט צוריקגעלייגט אין קעשענע. באַרעכנט זיך און דאָס ברויט אַריבערגעפירט פון דער קעשענע צום בוזעם. ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז אין בוזעם וועט דאָס שטיקל ברויט זײַן זיכערער.

דאָס אַריבערפירן איז גאָר ניט געווען אַזוי פּשוט. עס איז צו מסוכּן געווען צו געטרויען דעם מויל, אַז עס וועט זיך אײַנהאַלטן און ניט פאַרצוקן דעם פּענעץ. נאָך איידער דער פּענעץ וועט בשלום אָנקומען צום בוזעם און זיך אַוועקלייגן בשכנות פונעם קלאַפּנ־דיקן האַרץ.

אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען צווישן מויל און האַנט ווי דאָס מויל און האַנט זאָלן זײַן צוויי באַזונדערע וועזנס און ניט צוויי טיילן פונעם זעלבן גוף, האָט דער קאָפּ געקאָנט מעדיטירן און פילאָזאָפירן. ס'איז סײַ ווי געבליבן צו פיל צײַט ביזן סוף פון דער שמירה. ביז מען וועט דערלעבן צו זען דאָס קויטיקע, בידנע ביסל טאָגליכט, און דער צווייטער היטער מיטן פאַראַנטוואָרטלעכן פאַר די סקלאַדן וועט אים קומען אומבײַטן.

ברויט איז גוט צו האָבן אי אין בוזעם, אי אין קעשענע. ס'איז אויך גוט צו האָבן פולע הענט מיט ברויט און אַ פול מויל מיט ברויט. דאָס מויל זאָל עסן און עסן און די הענט זאָלן אַלץ פול זײַן מיט דעם.

אונטערן ניט־דערוואַשענעם העמד האָסטו איצט אַ פאַרמאַ־טערט האַרץ און אַ פאַרציע קלעפּיק ברויט. דאָס ברויט איז ווי אַ צווייט האַרץ. דאָס און יענץ האַלט אָן אין דיר דאָס לעבן.

ביי שלמהן זענען די פיס שווער געוואָרן. אַזוי שווער, אַז ער האָט זיך געמוזט אָנשפּאַרן אָן די ווענט פונעם סקלאַד. די פיס זענען שווער געוואָרן, אָבער ניט דער קאָפּ. פאַרקערט, אין קאָפּ

איז איצט געװען אַזױ לױטער. ס'האָט זיך דאָרט אױסגעשפּרײט אַזאַ געטלעכע, אַזאַ הײלנדיקע רו און ס'איז אַזױ אָנגענעם, אַזױ װױל געװען צו פֿאַנטאַזירן:

„װען איך װעל אױסהאַלטן. װען איך װעל איבערלעבן די מלחמה. װען איך װעל שױן מער ניט זײַן הונגעריק — װעל איך שטענדיק האַלטן אין קעשענע, אין אַ װײַס טיכעלע, אַ װײַס שטיקל ברױט. אַ פֿריש, שמעקעדיק, פֿולכנע שטיקל ברױט. אַ שטיקל ברױט מיט אַזאַ קרוכקע סקאָרינקע װאָס טרעשטשעט אונטערן ביס און כ'װעל פֿון דעם רײַסן מיט די צײן. ברױט דאַרף מען ניט שנײַדן מיט אַ מעסער. ברױט דאַרף מען בײַסן און בײַסן. שטיקלעכװײז רײַסן און עסן ביזן סוף, אַז קײן קרישקע זאָל ניט בלײַבן. דער לעצטער ביסן איז דאָך אַזױ זיס, אַזױ געשמאַק!"

אַ באַפֿליגלטער מיט אַזעלכע מחשבות. אַ פֿאַרװעבטער אין פֿאַנטאַזיעס, האָט שלמה ניט געפֿילט װי זײַן גוף האָט זיך דערװײַל אַראָפּגעגליטשט און אַרײַנגעזונקען אין שנײ. ער האָט שױן מער ניט געזען די שטערן. שױן מער ניט געהערט דאָס ריטמישע קלאַפּן פֿון אַ קאָמפּרעסאָר און דאָס סאָפּען פֿון אַ דאַמפּמאַשין. עס האָט זיך אים אױסגעװיזן אַז דער שנײ אַרום אים איז טײג. ער שטײט אַ פֿאַרמעליקטער לעבן אַ ריזיקער דײזשע מיט אױפֿגעגאַנגען טײג װאָס װאַרט אױפֿן באַריר פֿון זײַנע פֿינגער. ניט צו װיסן פֿון װאַנען האָט זיך באַװיזן זײַן אָפּגעשניטענע האַנט און זיך אַקוראַט אײַנגע־מאָסטעט אין דעם לײדיקן אַרבל פֿון זײַן בלוזע. ער האָט מיט בײדע הענט זיך זשעדנע צוגעכאַפּט צום טײג און גענומען עס קנעטן מיט כּוונה און מיט איבערגעגעבנקײט. געװאָרפֿן, איבערגעװאָרפֿן עס פֿון אָרט צו אָרט און װידער געקנאָטן. װען דאָס טײג איז שױן ראױ געװען פֿאַרן אױװן, האָט ער פֿון דער גרױסער טײגמאַסע אָפּגע־טײלט באַזונדערע שטיקער און פֿון די שטיקער אױסגעפֿורעמט מיט פֿלינקע פֿינגער לאַנגע און קײַלעכדיקע ברױטן. דאָס טײג איז אים אױסגעקומען אַ ביסל צו קאַלט, נאָר עס מאַכט ניט, אין אױװן װעלן שױן די לאַבנס באַקומען די ריכטיקע היץ און דעם ריכטיקן קאָליר װאָס אַ געבאַקן ברױט דאַרף האָבן — — —



ווען דער פאַראַנטוואָרטלעכער פון די סקלאַדן איז אין דער פרי געקומען מיטן צווייטן שומר אויף צו פאַרבײַטן שלמהן און קאָנטראָלירן צי די טירן־שלעסער האָבן ניט, אין פאַרלויף פון דער נאַכט, אָנגעוואָרן דעם וואַקסענעם סטעמפּל און די פענצטער — די קראַטן, האָבן זיי שלמהן געפונען פאַרוויינט, האָבן זיי שלמה געפונען שוין טויט. אַרום און אַרום זײַן קערפּער זענען געווען צעוואָרפן קופּעס שניי. זײַן איין־און־איינציקע האַנט האָט געהאַלטן צווישן די פינגער פאַרקלעמט אַ שנייקנויל.

ווען די צוויי מענער האָבן שלמהן אונטערגעהויבן, אויף אַרײַנ־צולייגן אים אינעם אָנגעקומענעם שליטן, איז פון שלמהס בוזעם אַרויסגעפאַלן אַ ניט־אָנגערירטע פּאַרציע ברויט. אַן אויגנבליק בלויז האָט דאָס ברויט נאָך געהאַט אין זיך די וואַרעמקײַט פון שלמהס גוף. די פרימאָרגנדיקע קעלט האָט געשווינד און אומברחמנותדיק די וואַרעמקייט אויסגעזויגן. דאָס שטיקל ברויט אויפן ווייכן שניי איז געוואָרן האַרט, קאַלט און שטײַף. דער ווײַסער טויט האָט אויך דאָס שוואַרצע שטיקל ברויט ניט געשוינט.

# בילדער פונעם חלום־שפּיגל

## עס קלינגען ניט מער אין מײַן חלום קיין גלעקער

עס קלינגען ניט מער אין מײַן חלום קיין גלעקער. מע פּרעפּלט ניט מער מיט פרומע ליפּן אין מײַן פּנים קיין בוימלדיקע פּסוקים. מע רוקט מיר ניט אונטער דעם ווײַרויך צו דער נאָז. מע זאָגט מיר ניט צו דאָס הימלישע קיניגרײַך. עס שפּילן ניט קיין אָרגלען. מלאַ־כימלעך זינגען ניט הללויה.

מע וואַרפט מיר ניט פאָר אַז כ׳האָב ברונעמער פאַרסמט. אַז כ׳נוץ בלוט צו מצה. אַז כ׳פאַרדאַרב דאָס גערעטעניש. אַז צוליב מיר איז בײַ קי די מילך אַנטרונען און די פרויען פאַרלירן קינדער

פאַר דער צײַט. אַז כ׳טו צורעדן דאָס פאָלק צום ביטערן טראָפּן און אַליין טו איך פעסער מיט גאָלד אָנפּראָפּן. אַז כ׳בין שולדיק אין פאַרפלייצונגען, שׂריפות, מגפות און אין די פאַרשפּילטע מלחמות.

## דער חלום נעמט מיך אָן בײַם אָרעם

מע שלעפּט מיך ניט מער אין וואַגאָנען. מע רייצט ניט מער אָן די הינט. מע רײַסט מיר ניט די ציין. מען רויבט מיר ניט אָוועק די האָר פון קאָפּ. מען צווינגט מיך ניט לעקן מיט דער צונג דאָס פאַר־גאָסענע ביסל זופּ פון די זאַמדן. מע רײַסט מיר ניט די נעגל פון די פינגער. מע וויקלט ניט מיט שטעכלדראָט מײַנע ווונדן. מע באַפעלט מיר ניט מער, כ׳זאָל זיך הייבן און לייגן. לייגן און קניען. קניען און שפּרינגען אויף אַלע פיר ווי אַ זשאַבע און אין בלאָטע פאַרלירן די הילצערנע שקראַבעס.

אין חלום זוך איך ניט מער אין מיסט קיין שאָלעכץ. אונטער די אויגן זעט מען ניט אָן אַזוי שטאַרק דאָס געשווילעכץ. דער קוימען איז ווײַט — נאָענטער דאָס טויער. דער חלום נעמט מיך אָן בײַם אָרעם און פירט מיך דורכן טויער אַריבער.

## די לאָנקע אין מײַן חלום איז צוריק אַ לאָנקע

די לאָנקע אין מײַן חלום איז צוריק אַ לאָנקע אַ גרינע. פול מיט זומער־פייגעלער, מיט זשוקלער, מיט משה רבינוס־קיעלער און מיט צעזשומטע בינען.

וויל איך, בייג איך זיך אַראָפּ און רײַס מיר אָפּ אַ בלימל. וויל איך — טונק איך מײַנע פיס אין קלאָרן טײַכוואַסער. כ׳קאָן אַפילו בײַ אַ פויגל באָרגן זיך די פליגל. זעצן זיך אויפן העכסטן צווײַג פון אַ בוים און זיך וויגן, וויגן. כ׳קאָן זיך מיט אַ ווינטל וועטן ווער וועט בעסער קילן. ווער וועט צאַרטער גלעטן.

פון גאָלדשטראַלן כ׳וועל אויפשטעלן אַ סוכּה. פון שטערן־

זילבער אויסוועבן אַ העמד פאַרן גוף און אין דעם באַנײַטן גן־עדן אַרומדרייען זיך באַפרײַט פון אַלע ערדישע קוועלענישן, קלעמענישן איבער די לויטערע סטעזשקעס פון באַזוניקטער שטילקייט.

אויב אויף מײַן וועג וועט די שלאַנג זיך באַווײַזן. די כיטרע שלאַנג מיטן פײַערדיקן צינגל — וועל איך פונעם וועג אָפּווײַכן, פאַרשטאָפּן די אויערן — איר שיפּענדיק לשון זאָל צו מיר ניט דערגרייכן.

טאָמער וועל איך אָנגעגענען דעם בוים. דעם בוים מיט די רויט־בעקלדיקע עפּל, וואָס חנדלען זיך, וואָס פרײַנדלען זיך און רופן דיך צו זיך מיט פאַרשיכּורנדיקן אַראָמאַט פון יונגע זאַפטן — וועל איך צו זיך זאָגן און איבערזאָגן הויך אויפן קול:

— ריר זיך ניט צו צו אָט דעם בוים. זאָל דיך דער רייץ פון די עפּל מער ניט פאַרפירן!

# האָבן ווערטער זיך געבעטן בײַ מעלאָדיע

האָבן ווערטער זיך געבעטן בײַ מעלאָדיע:

קרײַז אונדז אַרום. וועב אונדז אײַן, וויג אײַן. צערטל אונדז. צעפּערטל אונדז. פֿאַרגאַנץ.

הויב אונדז. דערהויב. צעטראָג אונדז. צעשענק!

צו אַ מיידל וואָס טרוימט און וואָס בענקט. צו אַ בחור וואָס וויל זיך דערקלערן אין ליבע. צו אַ פֿרוי וואָס דערזעט פּלוצעם אירע ערשטע קנייטשן אין שפּיגל. צו אַ זקן וואָס קאָן ניט די נאַכט איבערקומען. צום מאַטראָז אויפֿן ים. צום זעלנער אין מאַרש. צום הענדלער פֿון אויפּס. גאַסנקערער. פֿאָסטטרעגער. זייגערמאַכער און צו אַלע די, וואָס טוען דערוואַכן נאָך איידער די זון גייט אויף אויפֿן הימל און אויך צו די, וואָס וועלן שוין מער די זון ניט זען.

צעשענק!

שפּיל אונדז אויס. זינג אונדז אַרײַן אינעם זשום פֿון אַ בין. אינעם גלעקל אויפֿן האַלדז פֿון אַ שעפּס. אין געברום פֿון אַ ווינט. אינעם פּלעסק פֿון אַ לויפֿנדיק וואַסערל וואָס גלעט און שלײַפֿט מיט התמדה אירע שטיינדלעך אויפֿן זאַמדיקן דנאָ. אינעם געמורמל פֿון צוויי פֿאַרליבטעביימער וואָס זייערע צווײַגן־אָרעמס פֿאַרקלאַמערן זיך און זייערע בלעטערדיקע לאָקן פֿלעכטן זיך צונויף אין גרינעם עקסטאַז. אינעם פֿישטש פֿון אַ נאַר וואָס געבוירן פֿייגעלע אונטער רי וואַרעמע פֿליגלען פֿון דער פֿויגל־מוטער און אין אַלע קלאַנגען וואָס טראָגן אַ לויב צו דעם וווּנדער פֿון זיך פּרוכפּערן און ווערן. ווערן און פֿאַרמערן. זײַן און פֿאַרגיין.

# מוזיקאַלישע מיניאַטור פאַר פלייט און ווערטער

גרוי איז דער טוי וואָס פאַלט אין אַ האַרבסטטאָג אַ טריבן אויף מײַנע פּאַראומערטע שויבן.

גרוי זענען די טויבן וואָס קומען מיך וועקן, וואָס ווילן מיך טרייסטן.

גרוי זענען מײַנע האָר און ווילן ניט שלום מאַכן מיט דער וואָר, מיט דער וואָכעדיקייט פון מײַן לעבן. איך בענק נאָך אַלץ צו מײַן באַשערטער, צו מײַן אויסדערוויילטער. כאָטש איך זע זי ניט — טו איך זי רופן. כאָטש איך זיץ אין שאָטן, פיל איך די שײַן פון איר פּנים. איך באַגער זי, נאָך איידער זי האָט זיך אַנטפּלעקט.

מײַנע רייד זענען וואָרהאַפטיק, ווי די יונגע שטראַלן פון דער זון, וואָס באַשײַנען מײַנע אַלטע ביינער. איך בין אָנגעברייט זיך לאָזן אין וועג. מײַן שטעקן איז גרייט און מײַן טאָרבע גרייט, און אַ מיזמור־שיר וועבט זיך אין מײַן ברוסט צו דיר.

ווי וועל איך וויסן, אַז מײַן ברומונג איז לרצון פאַר דײַן גע־הער? ווי וועל איך וויסן, אַז מײַן געזאַנג איז אַרײַנגעדרונגען אין דײַן אויער? אפשר דאַרף מײַן נפש ניט זינגען, נאָר שרײַען?

מאַך מיך הערן, אַז דו ביסט גוטוויליק מיך מקבל־פּנים זײַן אין מײַן נישטיקן הולך. פונעם לאַנגן גיין צו דיר, זענען מײַנע בגדים זיך צעפאַלן, אָבער די נשמה איז גאַנץ, כאָטש דער יצר־הרע האָט מיך ניט איין מאָל געוואָלט אַראָפּפירן פונעם דרך־הישר און מיך שיִער ניט באַוועלטיקט. כ׳האָב אים גובר געווען און כ׳שטיי פאַר דיר קלאָר ווי אַ טרער און ריין ווי אַ זומערדיקער הימל.

כ׳בין פול מיט ציטער און אַנגסט פונעם פלוצעמדיקן געוויטער, וואָס האָט מיך אָנגעיאָגט פון די הרי־חושך, מיט שלאַקסרעגנס ווילדע, מיט ווינטן בייזע, וואָס וואַרפן אום ביימער, לייגן אײַן הײַזער, און איך — בלויז אַ שפּענדל, אַ שפּליטער, אַן איינזאַמער שפּרײַזער, ראַנגל זיך, ווער זיך, גיב זיך ניט אונטער זייער רײַסן, זייער שמײַסן פון אָרט צו אָרט. איך פאַל און הייב זיך, הייב זיך און פאַל.

פאַרבייג איך מײַן כּבוד, קני פאַרן שטורעם און בעט מיט אַ געבראָכן קול: זאָמל אײַן דײַן קראַפט, שטיל אײַן דײַן גרימצאָרן, צוים דײַנע גלוסטן און באַפרײַ, באַפרײַ מיר דעם וועג. עס זענען מיר שוין געבליבן אַזוי ווינציק טעג, און צום ציל איז נאָך ווײַט!

האָט זיך דער שטורעם דערבאַרעמט און לאָזט מיך אָפּ. ער לאָזט מיך אָפּ מיטן פּנים אַראָפּ צו דער אויסגעווייקטער ערד, אָן כּוחות, אָן ווילן. אָבער די געפילן צו דיר, מײַן אויסגעהאָפטע, הייבן מיך אויף פון דער נידער און איך גיי אויף ס׳נײַ און טרעט שוין ווידער.

פויגל פון הימל, שטיין פון וועג, בוים פון פעלד — הערט אויס מײַן בקשה! פאַרנעמט מײַן באַגער! זײַט פאַר מיר אַ מליץ־יושר! גיט איר צו וויסן, זי זאָל זײַן גרייט, אָנגעברייט צו מײַן אָנקום. איך פאַרכט זיך פאַר איר צו אַנטפּלעקן מײַן אויסגעמאָגערטן, אָפּגעצערטן אויסזען. צו שווער איז געווען דאָס שפּרײַזן, צו ביטער איז געווען דאָס הויזן אין דער טיף פון אַ גרוב, אין אַ געלעכערטן שײַער, בײַ אַ רויכנדיקן פײַער אין מיטן נאַכט, אין מיטן וועלט.

אָ, הימלען, שטרויכלט מיך ניט מער! פאַרשעלט מיך ניט, פאַרשטעלט מיר ניט דעם וועג צו איר. כ׳האָב סײַ ווי סײַ זיך פאַרזאַמט, פאַרזען און ניט באַמערקט, אַז קנייטש נאָך קנייטש באַזעצט מײַן געזיכט; אַז מײַן געהער און טראָט ווערן שוואַך און שוואַכער. אָבער מײַן גײַסט הייסט מיר גיין, האַלט מיך אונטער, ס׳זאָל מײַן גאַנג ניט זײַן קיין באַשווערטער און אַפילו אין דער לעצטער שעה פון חסד, בײַם סוף פון די מעת־לעתן, אָנקומען צו מײַן געגאַרטער, דערגרייכן מײַן באַשערטע.

## העי, גיטאַרע

**העי, גיטאַרע,**
**מאַך אַ וואַרע,**

**טרײַב פון מיר אַוועק די כמאַרע!**

קלייד מיך אָן אין אַ פּעלערינע. אין אַ פּעלערינע פון עכטן זײַד. זי זאָל פאַרהילן און פאַרשטעלן מײַן פּלייצע מיטן הויקער, און עוקר־מן־השורש זײַן די מרה־שחורה. גיב מיר, דורך דײַנע קלאַנגען, צוריק דעם מוט און דעם גלויבן, אַז כ׳בין נאָך מסוגל פון מײַן געפאַלנקייט זיך צו דערהייבן!

**שפּיל גיטאַרע,**
**טאַרע, טאַרע,**
**לאָז דעם ניגון**
**זיך צעוויגן!**

מאַך מיך אויף אַ ווײַלע אַ הערשער. טו מיר אָן אַ קרוין. גיב מיר אין האַנט אַ שווערד. באַזאָטל מיר אַ פערד, כ׳זאָל קאָנען אויף אים רײַטן אין אַלע לענגען, אין אַלעברייטן.

זאָלן דיביימער מיך קומען באַגריסן. די זאַנגען — פאַר מיר זיך נייגן און אויף די צווײַגן פון ביימער זאָלן פייגל האָפּסלען, זאָלן פייגל שפּרינגען און מײַן מאַרש פון נצחון אויף קולי־קולות באַזינגען!

**העי, גיטאַרע,**
**טאַרע, טאַרע,**
**רײַס די סטרונעס**
**ווער ניט מיד!**

קומט מיר אַנטקעגן אַ מיידל מיט לאָקן. פאַרהאַלט מיך אין וועג אַ גרײַז־גרויער זקן. דאָס מיידל איז געליימט, קאָן זיך ניט רירן. זי זיצט אויף אַ וועגעלע, אָן אַ באַוועגעלע.

שוין יאָרן ווי זי וואַרט אויף מײַן קומען. אַפילו די שטערן פון הימל האָבן איר געגעבן אָנצוהערן, אַז איך בין שוין ניט ווײַט, אַז עס איז שוין געקומען די צײַט פון זיך טרעפן.

זי וויל געזונטע הענט. זי וויל לײַכטע פיס, אויף צו געבן אַ שפּרונג, אויף צו געבן זיך אַ ריס צו אַלע ווײַטן, צו אַלע הייכן. זי מוז צום סאַמע העכסטן בוימשפּיץ דערגרייכן!

דער זקן טוט זיך פאַר מיר בייגן, טוט זיך פאַר מיר בוקן. מיט אַ געבראָכענער שטים שטאַמלט ער אַרויס זײַן בקשה: ער וויל כ׳זאָל אים מאַכן ייִנגער. ער וויל כ׳זאָל אים מאַכן שענער. אין זײַן לאַנגן לעבן ניט געהאַט קיין טאָג קיין גוטן. ער האָט זײַנע יונגע יאָרן אַוועקגעגעבן אויף גראַשעדיקע הנאות, און ווען דער־זען דעם טעות, איז שוין געווען צו שפּעט.

די קרוין ווערט שווער. די קרוין אויף מײַן קאָפּ ווערט שווערער און פאַלט מיר אַראָפּ אויף די אויגן. עס האָט ניט געהאָלפן מײַן שווערן, מײַן דערקלערן, מײַן קלאַפּן זיך אין האַרצן, אַז די קרוין איז קיין קרוין ניט, און די שווערד — קיין שווערד ניט, און אַז איך רײַט אויף אַ שטעקן, ניט אויף קיין פערד.

פאַר זיי אָבער בין איך געווען און געבליבן דער אַלצוווייסער, דער אַלצקענער. דער בטחון, דער גלויבן אין מיר איז סײַ בײַם מיידל סײַ בײַם זקן ניט געוואָרן אויף אַ האָר קלענער. זיי האָבן מיט טרערן אין די אויגן מיך גערופן:

— דערלייזער! דערלייזער!

איז אָנגעפלויגן, ווי אַ גײַסט אַ בייזער, אַ פויגל — אַ פאַר־זעעניש מיט אַ צעקרימטן שנאָבל און די כמאַרע איבער מײַן קאָפּ צעפּיקט און צעריסן. ס׳האָט זיך פון דער כמאַרע אַ שוואַרצער רעגן צעגאָסן און ביז הײַנט גיסט ער און הערט ניט אויף צו גיסן.

**העי, גיטאַרע,**
**טאַרע, טאַרע,**
**געענדיקט האָט זיך דער ניגון,**
**די לעצטע קלאַנגען — אויסגעגאַנגען.**
**טאַרע, טאַרע,**
**טאַרע — טאַם.**

# זשאָרזש סאַנד

אַ האַרבסטיקער טאָג אין פּאַריז.
אַ נידעריקער הימל אין פּאַריז.
דער פּאַרק איז כּמעט וויסט, כּמעט פּוסט.
אַ הונט בילט. אַ זקן הוסט. אַ טויער סקריפּעט. אַ לײדיקע באַנק כּליפּעט.
די לופט איז גרוי. דער ווינט איז רוי. די ביימער שטום.
די רויט־געלע בלעטער שאַרכן אַרום און ווערן געיאָגט פון אָרט צו אָרט.
די עלנט בלאָנקעט אום איבער די שמאָלע סטעשקעס. טאַפּט מיט די הענט. זוכט מיטן בליק אַ מענטש, אַ בוים, אַ שטיין אויף צוטוליען זיך, אויף ניט צו פאַרבלײַבן „עלנט ווי אַ שטיין".
טריב דער פּאַרק.
פײַכט דאָס גראָז.
די שיטער געוואָרענע בלומען זעען אויס פאַרלאָזט.
קיינער קימערט זיך ניט וועגן זיי. זיי וועלן אַזוי אויף די בייטן פאַרוועלקן, פאַרדאַרן.
דאָס איינציקע ליכטיקע אָרט אין דעם ריזיקן פּאַרק פון פּאַריז איז די אַלעע וווּ די געבענטשטע האַנט פון אַ קינסטלער האָט אַוועקגעשטעלט, אַוועקגעזעצט די לויטערע פיגור פון **זשאָרזש סאַנד**.
אַרויסגעריסן פונעם פאַריקן יאָרהונדערט, פונעם אייביקן דרימל, וועט זי שוין פאַרסקולפּטירטערהייט פאַרבלײַבן דאָ, צווישן שטאַמען און צווײַגן — די זשאָרזש סאַנד.
די שטענדיק פאַרליבטע.
די שטענדיק פאַרשפּילטע.
די אידעאַליזירטע.
די צעקריגטע.
די באַרעדטע.
די געגלעטע זשאָרזש סאַנד.
ברייט און ווײַס איר געפאַלדעוועט קלייד. ווײַס איר פּנים.

ווײַס אירע הענט און ווײַס דאָס בוך וואָס זי האַלט פאַרקלעמט צווישן די פינגער.

איר שטייניק געשטאַלט איז אַלט און איז יונג.

איז לײַכט און איז שווער.

עס דוכט זיך, אַז אירע שטיינליפּן באַוועגן זיך. אפשר שעפּ־טשען זיי אַ תּפילה?

אפשר איז זי זיך מתוודה?

אפשר ברומט זי, שטיל פאַר זיך, פּרעדעריקס אַ פאַרגעדענקטן ניגון?

מען קאָן ניט וויסן, ווײַל אַ הונט בילט. אַ זקן הוסט. אַ טויער סקריפּעט און אַ ליידיקע באַנק בליפּעט און בליפּעט...

# גרענד־קעניאָן

## א

צווישן די וואַלגערשטיינער פון גרענד־קעניאָן וווינט דער גאָט פון חורבן.

צווישן די וואַלגערשטיינער פון גרענד־קעניאָן הערשט גאָטס בייזער גײַסט איבערן שטיינברוך פון צערודערטע גרונטן.

אין די גרענד־קעניאָן־טיפענישן גליט אויס דער באַרגשטיין, דער בראַנדשטיין די שטומע תּרעומות צום באַשעפער פון צעשטער, וואָס ער האָט זיי ניט געלאָזט ווערן אַ היכל, אַ פעסטונג, אַ טורעם און זיי געלאָזט אינעם אור־אָנוואָרף, אור־כאַאָס הפקר פאַרן ווינט, פאַרן רעגן, פאַרן שטורעם.

פון די גרענד־קעניאָן־לאַבירינטן וויכערט אַרויף דער גאָט פון פאַרלענד דעם רויט־גרין־געלן שטויב פון צעוואַלגערטע זײַלן, פון צעקרישלטע ווענט.

## ב

פאַראַן אין גרענד־קעניאָן שטיינער וואָס האָבן דעם אָנבליק פון פערד, און שטיינער — ווי מענטשן. דער גאָט פון שלעכטס האָט זיי פאַרמירמלט, כאָטש זיי האָבן אים געוואָלט דינען און געוואַרט אויף זײַן בענטשן.

זייערע מירמל־אויגן קאָנען ניט זען.
זייערע מירמל־ליפּן קאָנען ניט מורמלען.
די שטיינערנע בלומען קאָנען ניט בליען.
די שטיינערנע פייגל קאָנען ניט פליען.

פאַרשפּינט אינעם שטיין ליגט דאָס געוויין און דער טרויער און אין שטיין איז געפאַנגען דער זונפאַרגאַנג.
ווער ווייס וויפל דורות זיי האָבן נאָך צו וואַרטן ביז עס וועט פאַר זיי געעפנט ווערן פון רחמים דער טויער.
אויב בכלל עס וועט געעפנט ווערן פון רחמים דער טויער.

## ג

איבער צונט־רויטע שטאַפּלען פונעם שטייניקן מאַסיוו קלע־טערט אַראָפּ מײַן בליק צו דײַנע רויִנען, צו דײַנע תּהומען.
און אין מײַן בליק — דער רויך פון אַן אַנדערן עמק־הבכא, פון אַן אַנדערער שׂריפה, פון אַן אַנדערן שײַטער, פון אַן אַנדערן קוימען.
און אין מײַן בליק טליעט נאָך דאָס רשעות פון מענטש, דאָס גלײַכגילט פון הימל און מישט זיך צונויף מיט דײַן אוראַלטן דרימל — גרענד־קעניאָן!

# אַפּאָקאַליפּסאָ

טאַנץ מיט מיר. האַלט מיך צו. נעם אַרום.

ס׳האָט אַ דונער אין אַ בוים געטראָפן. ס׳איז דער טײַך פון זיך אַליין אַנטלאָפן. ס׳האָט דאָס וואַסער פון אימה אויסגערונען און די פיש מיט זיך ניט מיטגענומען. וואָרפן פיש זיך אויפן פּײַכטן באָדן. ס׳קריכן זיי די אויגן פון די לעבער און דורך מײַלער שלינגען זיי דאָס פײַער. ווערן בײַכלעך אָנגעדראָלן און די אינגעווייידן ברענען. ס׳ווערט אַלץ שווערער אונטערשיידן וואָס איז רויך און וואָס איז פיש. אַלץ אין איינעם ווערט פאַרהויכט און ווערט פאַרווישט.

טאַנץ מיט מיר. האַלט מיך צו. נעם אַרום.

ס׳איז דער באַרג, דער הויכער באַרג אין די אָפּגרונטן געשפּ־רונגען און מיט אים איז דער הימל אײַנגעזונקען. וואַלגערן זיך אין די תהומען באַרגיקע ריפּן מיט שטיינערנע אַקסלען. שערבלעך פון דער לבנה מיטן שטויב פון שטערן. אַ מלאַך מיט צעבראָכענע פליגל בייגט זײַן קאָפּ אַרונטער. אַ מלאַך קלאָגט אין דער שטיל. קוים, קוים צום דערהערן. פון זײַנע אויגן קײַקלען זיך און קײַקלען גרויסע, שווערע טרערן.

טאַנץ מיט מיר. האַלט מיך צו. נעם אַרום.

שטייען הײַזער איינס נאָך איינס ליידיק, פּוסט, פאַרלאָזן. ס׳האָט דער בראַנדווינט אַלע מענטשן דורך די קוימענס אַרויס־געבלאָזן. ס׳האָט דער בראַנדווינט אַלץ וואָס אָטעמט, לעבט, באַ־וועגט זיך איבער פעלדער פונאַנדערגעשאָטן און אין דער לופטן איז געבליבן הענגען אַזאַ פּעסטער, אַזאַ פינצטערער, אַזאַ פאַר־פּעסטעטער, לאַנגער שאָטן.

טאַנץ מיט מיר!

# ROCK

ראָקנראָל. לײַכטער ראָק. שווערער ראָק.

ראָק, ראָק, ראָק!

מע שאָקלט זיך. מע בייגט זיך אין דרייַען. מע וואַקלט זיך. מע צאַפּלט. מע רוקט זיך אויף צוריק. מע שפּרינגט פאָרויס. מע ציט זיך אויס און מע רעוועט אַרײַן אינעם מיקראָפאָן די נײַע בשׂורה —

ראָק, ראָק, ראָק!

די סצענע און דער זאַל — עגאַל. דער בחור מיט די געפּלאָכ־טענע צעפּלער. צעפּלער איינס און איינס, ווי דראָטן שטײַף פאַרענ־דיקט מיט אַ שלייף, פלאַטערן און באַוועגן זיך צוזאַמען מיטן קאָפּ. ער קוקט ניט אַראָפּ. ער קוקט ניט אַרויף. זײַנע אויגן זענען האַלב־פאַרמאַכט. זײַן קול איז אויפגעשרויפט צום העכסטן טאָן, צום העכסטן קלאַנג. ס׳איז שוין ניט קיין געזאַנג — ס׳איז אַ געריטש, אַ געוווי, אַ הייזעריקער ספּאַזם אײַנגעהילט אין נעפּל פון רויך, פאַרוועבט אין פּסיכאָדעלישע קאָלירן וואָס פאַרפּירן, וואָס פאַר־בלענדן די אויגן, פאַרטעמפּען די געהירן. וואָס באַהערשן, פאַר־קנעכטן דעם הײַנט און דעם נעכטן און ווערן אַ מכשיר, אַ געצײַג, וואָס גיט זיך אונטער דעם בחורס מינדסטן פינגערבייג.

ראָק, ראָק, ראָק!

דער סינטעסײַזער, עלעקטרישע גיטאַרעס, פּויקן גרויס, פּויקן קליין, קסילאָפאָן, מעשענע טאַצן העלפן דעם בחור מיט די צעפּלער, מיט די הויזן פון לעדער און האַלב־נאַקעטן גוף אויסלאָדן זײַן אַגרעסיע — בפרהסיה —

ראָק, ראָק, ראָק!

די צוועלף, פערצן־יעריקע מיידעלער און ייִנגעלער אין זאַל זיי זיצן ניט אויף קיין שטולן. זיי קאָנען ניט זיצן. זיי ווערן געשלײַ־דערט פון היצן צו היצן. זיי ווערן צעריסן פון די צעיאָגטע טענער, וואָס פּראַלן אַרויס פונעם פאַרשוויצטן בחור און פון זײַן עלעקט־רישער גיטאַרע —

ראָק, ראָק, ראָק!

די מיידעלער (מער פון די ייִנגעלער) זענען שוין אין קרײַז פון וויבראַציע. אין טראַנס פון עקסטאַז. זיי ציִען צעפּיבערטע הענט צו זײַן האַריקער ברוסט. זיי שטופּן זיך און דרענגען זיך צונויף בײַ דער ראַמפּע. ריטשען, קוויטשען, רײַסן פון זיך פּאַסן —

ראַק, ראַק, ראַק!

דער בחור מיט דער גיטאַרע ווערט פּלוצעם באַהערשט און ערשט — ווען ער שפּירט, אַז דער זאַל האָט זיך אַזוי ווי באַרויִקט — גיט ער אויף ס'נײַ אַ שפּרונג אין דער הויך. מיט באַנײַטער קראַפט פון זײַן שטים, פון זײַן גיטאַרע, אײַנגעהילט אינעם שווייס, אינעם רויכנדיקן נעפּל מיט די געל־גרין־רויטע קאָלירן, וואָס שפּיז־לען און ריזלען אַרײַן אין די בלוטן. וואָס מיניען און מיניענדיק העלפן זיי בהדרגהדיק דערפירן צו אַ נײַעם אויפברויז פון די טונקלס־טע געפילן. צו אַ נײַעם אויפשטײַג פון דעם ווילדסטן כּוח און אינסטינקטן —

ראַק, ראַק, ראַק!

די סצענע צוזאַמען מיטן זאַל, צוזאַמען מיט די פּויקן גרויס, פּויקן קליין, קסילאָפאָן און טאַצן טוען זיך בוקן, קניִען, וואַרפן זיך אין קדחת און דורך מיקראָפאָנען, פאַרשטאַרקטע הילכערס זאָגן זיי אָן אַ נײַע ערע, אַ נײַע פאַרקנסונג, צו אַ נײַעם גאָט —

ראַק, ראַק, ראַק!!!

## פלאַמענקאָ

האָ, אַנדאַלוזיע, אַנדאַלוזיע! האָ, פאַנטאַזיע. האָ, אילוזיע. האָ, פלאַמענקאָ — גורלדיקער טאַנץ. טאַנץ פון ליבע און פאַרראַט. טאַנץ פון האַס און פאַרדאַכט. פון נקמה און מחילה.

צונטער־רויט דאָס לאַנגע קלייד מיטן שלעפּ, אַרומגענייט מיט פאַלבאַנעס. אַרומגעזוימט, אַרומגעשטרײַפט מיט פאַלדן וואָס גריי־כן צו דער טענצערינס קנעכל.

און די שיך. אירע פעסטע שיך, טופּען אויס דעם טאַקט פון טאַקטן. און די קנאַפּל. אירע קנאַפּל פּויקן אויס ריטעם נאָך ריטעם: ראַם־טאַם־דאַם! ראַם־טאַם־דאַם! דאָ געלאַסן, דאָ — אין גאַלאָפּ: האָפּ. האָפּ. האָפּ!

די קאַסטאַניעטן. הוי, די קאַסטאַניעטן אין דער טענצערינס הענט, זיי שפּירן דעם טויט. דעם טויט — וואָס מע זעט און מע זעט ניט. ער טאַנצט צוזאַמען מיט דער טענצערין אַ מין דועט, אַ מין געוועט — ווער וועט וועמען איבערקליגן, באַזיגן!

זי פּילט זײַן אָטעם. עס שטעכט איר דער באַריר פון זײַנע קילע פינגער. איר לײַב פיבערט. איר גוף ציטערט און די סטרונעס פון דער גיטאַרע ווערן הייזעריק פון שרעק.

די קאַסטאַניעטן אין דער טענצערינס הענט, בעטן און הערן ניט אויף צו בעטן בײַם טויט, ער זאָל וואַרטן, זיך ניט אײַלן און ניט ציילן די מינוטן, ביז די קנאַפּל פון אירע אויסגעפּרוּווטע שיך וועלן טאָן דעם לעצטן צאַפּל און פאַר איין מאָל זיך אָפּשטעלן און פאַר איין מאָל זיך פאַרהאַקן.

דערווײַל ווירבלט זי. וויברירט זי איבערן גלאַנציקן פּאַרקעט אין באַגלייט פון דער גיטאַרע און גייט נאָך אַלץ אין געוועט מיטן טויט — ווער וועט וועמען איבערקליגן. ווער וועט, ווער וועט וועמען באַזיגן?!

## וואַלס

איינס. צוויי. דרײַ. איינס. צוויי. דרײַ. וואַנעלער. ווינדעלער. קינדערלער. בענדעלער. פענדעלער. פערדעלער.

מיידעלער קרײַזן, זינגען, פּאַטשן מיט די הענטעלער. ייִנגעלער האַלטן מלחמות, פּירן שיפן, קריכן אויף די גלײַכע ווענטעלער. איידער מע קוקט זיך אום — וויאַניען, וועלקן שוין די גרעזעלער, די בלימעלער. ביימער פאַרלירן שוין פון קרוין די בלעטערלער.

זקנימלעך שאַרן מיט די פיסעלעך. קנאַקן מיט די אײַנגעפאַלענע מײַלער פוילע ניסעלעך. זוכן מיט די שוואַכע הענטעלעך די טירן און ווייסן ניט אַקוראַט ווו זיי פירן.

זקנימלעך ציט צו די בעטעלעך. וואַרטן אויף מילדע וועטער־לעך. די וויִעלעך פאַרדעקן שוין די אייגעלעך און איבער די חלומות וואַכן גוטע פייגעלעך.

איינס. צוויי. דרײַ. איינס. צוויי. דרײַ.

איינס.

## טאַנגאָ

דעם אַלטן, ווילבאַקאַנטן טאַנגאָ. דעם מעלאַנכאָליש־זיסן טאַנ־גאָ, טאַנץ איך שוין אַליין.

באַטש דער טיש איז גרייט פאַר צוויי: צוויי ראָזע ליכט אין שלאַנקע לײַכטער; צוויי רויטע רויזן און רויט דער ווײַן אין צוויי פינקלענדיקע באָקאַלן, וואָס באַשטראַלן דעם ווײַסן סערוועט.

ווער ווײַס. ווער ווײַס פון דעם געניסן, אַז דעם סענטימענטאַלן טאַנגאָ טאַנץ איך שוין אַליין?

## קאַדריל

רעכטס צו רעכטס. לינקס צו לינקס. האַנט צו האַנט. פוס צו פוס. דעם קאָפּ אַ פאַרנייג. די קני אַ פאַרבייג. אַ שפּרײַז פאָרויס. צוויי טריט צוריק.

די פיס זענען אַלט. אַלט דער קאַדריל. זינג איך זיך אונטער שטיל, שטיל, שטיל: דער טויט וועט ניט באַפאַלן פון הינטן. ניט

לויערן צווישן קוסטעס. ניט אַראָפּוואַרפן פון טרעפּ. ער וועט קומען פון פאַרנט — דירעקט.

די פיס זענען שווער, נאָך שווערער דער קאַדריל. ברום איך זיך אונטער שטיל, שטיל, שטיל:

ס׳וועט זײַן אין אַ געוויינטלעכן, וואָכעדיקן טאָג. מענטשן וועלן זאָגן — „צו יונג אַוועק״. מענטשן וועלן זאָגן — „זיך ניט געמאַטערט״.

דער הימל וועט גאָרניט זאָגן. די זון וועט גאָרניט זאָגן. דיביימער — גאָרניט. די פייגל, דער הונט און דער ווינט וועלן אפשר יאָ עפּעס זאָגן, נאָר ווער פאַרשטייט זייער לשון?

איז פליסטער איך זיך אונטער שטיל, שטיל, שטיל. די פיס זענען מיד. מיד דער קאַדריל.

## בלויז אין ליד קאָן איך אַנטלויפן

### א

דאָס רוישן און דאָס גראַבלען אין די שויבן איז געווען ווי פון ביימער. ביימער האָבן אָבער ניט די טבע זיך אַרויסצורײַסן מיט די וואָרצלען און קומען פון מרחקים בלויז צו דערמאָנען, אַז זיי קאָנען חוץ בליען און וואַקסן אין זונטעג און שלאַקסן — אויך זײַן תּליות.

האָב איך דאָס פענצטער ניט געעפנט.

### ב

דאָס קנאַקן און דאָס טרעשטשען אין די שויבן איז געווען ווי פון פינגער־קנאַכן וואָס קרימען זיך און בייגן זיך און ציען זיך צו

מײַן האַלדז און קומען, איצט, נאָך פערציק יאָר, מאָנען, אַז בעצם געהער איך נאָך אַלץ צו זיי און עס איז שוין צײַט מיר זאָלן וואָגלען זאַלבענאַנד, קנאָך צו קנאָך איבער די מידבריותן פון פאַרלענד.

האָב איך צום פענצטער ניט גענענט.

## ג

ס׳האָבן שויבן זיך צעגלאַנצט אין דער פינצטער. ס׳האָט אַ שטערן זיך צעלויכטן אין מײַן פענצטער און דער שטערן האָט מיט בלאַסע שטראַלן אויף דער שוואַרצער פלאַך פון שויבן, געמאָלן אַ פלויט, אַ כאַטע מיט אַ דאַך פון שינדלען, אַ וואַסער־פּאָמפּע, אַ קאָזלע מיט אַ זעג, אַ קלאַפּטער האָלץ אויף ווינטער.

ס׳האָט מיר בלויז געפעלט אַ פען מיט אַ טינטער און דער שׂר פון שירה זאָל פירן מײַן האַנט צו דער פּאָמפּע, צו דער זעג און צו דער טיר פון דער כאַטע און דורך צעזונגענע שורות די שוועל אַריבערשפּרײַזן.

האָט מיר אָטעם פאַרפעלט. געלעגן אַזוי אין אײַז־קאַלטן גלי־ווער ביז דער שטערן איז פון צער אויסגעגאַנגען און געלאָזט מיך מיט אַ טינט־בעלמע אויף די שויבן.

## ד

מײַן בעט האָט שוין באַוויזן אײַנצודרעמלען, אָבער איך בין וואַך. עס נעמט מיך ניט דער שלאָף. איך שיק אַ טעלעגראַם נאָך אַ טעלעגראַם צו מײַנע קינדער־יאָרן, זיי קערן זיך אָבער אַלע צוריק מיט אָפּגעזענקטע פליגל. די נאַכט איז משונהדיק לאַנג און פאַרווירט. איך וואַרט אויף די מיושבדיקע זון, זי זאָל זיך שוין שטעלן אין דער רעם פון פענצטער און מיר העלפן אויפקניפּן די פינצטערע מחשבות.

## ה

מײַן בעט איז שוין פון לאַנג אַרומגעהילט מיט חלומות און בײַ מיר פּיקט דער פּחד מיט אַ שאַרפן שנאָבל אין מײַן אָנגעשטרענגטן געהער: פון יענער זײַט טיר הייבט זיך אויף און לאָזט זיך אַראָפּ מיט אַ סווישטש אַ שפּיצרוט אויף עמעצנס לײַב. דער בלײַיִקער שפּיץ שנײַדט פריער אַדורך די לופט, איידער ער בײַסט זיך אַרײַן אינעם לעבעדיקן פלייש. עס הערט זיך דאָס ניט־געאײַלטע ציילן פון די קלעפּ. די לופט איז אויסגעהאַלטענער פונעם גוף, זי ווערט זיך ניט, קאָרטשעט זיך ניט, בלוטיקט ניט.

בלויז אין ליד קאָן איך אַנטלויפן און זיך אויסבאַהאַלטן פון דער שטיקנדיקער שרעק. בלויז אין ליד, ווי אין דער מאַמעס טראַכט, קאָן איך צונויפנעמען די פיס, צובייגן דעם קאָפּ צו די קני, פאַרפויסטלען די הענט — גרייט צו אַ נײַעם געבורט.

# דער בוים בײַ מײַן וועראַנדע

דער בוים בײַ מײַן וועראַנדע האָט אויפֿן אויבערשטן טייל פֿון זײַן שטאַם אַ גרינע בראָדעווקע און גרינע וואָנצעס. בײַם בוים, לעבן מײַן וועראַנדע, זענען מיט די יאָרן דײַטלעכער און גרעבער געוואָרן די נאָז און די בראָדעווקע איבער דער נאָז. פּלוצעם האָב איך דערזען אויף זײַן שטאַמהויט אַ קײַלעכדיק, שוואַרץ לעכל. דאָס לעכל האָט אויסגעזען ווי אַן אויסגערונען אויג.

אין איינעם אַ ווינטערדיקן טאָג, אַ טאָג פֿון גרויען אומעט, איז דעם בוים אַ ווינט באַפֿאַלן. דער ווינט איז מיט אַ ירגזון געשפּרונ־גען פֿון צווײַג צו צווײַג, געפֿליקט מיט ווילדער הנאה בלאַט נאָך בלאַט און זיי געשליידערט צו דער נידער. דער בוים האָט מיט אַ שטילן זיפֿץ באַגלייט דעם מרה־שחורהדיקן בלעטערפֿאַל. פֿון זײַן אויגנלאָך האָבן זיך אַראָפּגעקייקלט שווערע רעגנטרערן. אונטן, אַרום דעם שטאַם, האָט די בלאָטע פֿון די בײַנאַכטיקע רעגנס אײַנ־געזאַפּט אי דעם זיפֿץ, אי די טרערן. דער בוים האָט ניט געוווּסט ווו אַהינצוטאָן די הויל געוואָרענע צווײַגן. זיי זענען אים ווי איבעריק געוואָרן. ער האָט דעם שטאַם געוואָלט עטוואָס אויסגלײַכן, אונטער־הייבן, איז ער נאָך טיפֿער אַראָפּגעזונקען אין דער בלאָטע. זײַן בליק איז געווען פֿול מיט יִאוש. כ'האָב אָפּגעדרייט דעם קאָפּ. ניט געוואָלט אָנטרעפֿן זיך מיט אים אויג אויף אויג.

די ברודנע גרויקייט פֿונעם לעצטן ביסל טאָגליכט האָט זיך אַרומגעהילט מיט אַ שיטערן נעפּל. דער נעפּל איז ביסלעכווײַז געוואָרן אײנס מיט די נידעריק אַראָפּהענגענדיקע כמאַרעס און זיי זענען צוזאַמען אָפּגעשווומען צום אָרט ווו דער טאָג שפּײַט אויס זײַן לעצט ביסל חיות.

אין אָט דער מוטנער, קאַלעמוטנער גרויקייט האָבן זיך די בוימקאַנטורן געגומען פאַרווישן. פון אָט דער נעפּלדיקער פאַר־פּרושעטקייט איז אומגעריכט אַרויסגעקומען די געשטאַלט פון מײַן טאַטן. פון מײַן טאַטן, וואָס כ׳האָב פאַרלוירן דאָרטן, מעבר לים, מיט פערציק יאָר צוריק, אין סכּנהדיקן געלויף איבער פעלד און שאָסיי צו די וואַלד־געדיכטענישן. אין די מינוטן, נאָכן טאַטנס פאַרשווינדן, בין איך געוואָרן אויס קינד. אין די מינוטן — אַליין אַ טאַטע, אַליין אַ קינד. הינטער מיר איז געבליבן דער מאַמעס און דער שוועסטערס געוויין. די מיט כּוח אויפגעריסענע שאַפע. דער איבערגעקערטער טיש. דער בענזין־ריח פונעם לאַסטאויטאָ וואָס האָט זיי אַוועקגעפירט און מיט זיי — נאָך מאַמעס, נאָך שוועסטערס. פאַר זיך — דער טונקעלער און געהיימער וואַלדמאַסיוו און מען מוז גיין. גיין לויפן. פאַלן. זיך אויפהייבן און ווידער גיין. דאָס פון הינטן איבערגעבליבענע געוויין איז נאָכגעלאָפן און געשראָקן. די אַנטקעגנגעקומענעביימער מיט זייער האַרבן גערויש האָבן געשראָקן. די זיכערע האַנט פונעם טאַטן האָט געפעלט. די ביימער זענען געווען שוואַרץ, נאַס און קלעפּיק. די לופט איז געווען שוואַרץ, נאַס און קלעפּיק מיט אַ ריח פון פּרוכנע האָלץ און פאַרפוילטע בלעטער. און דאָ, און איצט, בײַם סוף פונעם היגן ווינטערדיקן טאָג איז דער טאַטע פאַר מיר אויסגעוואַקסן. פערציק יאָר האָט געפירט דער וועג צו מיר. פערציק יאָר איז ער געגאַנגען, ווי די ייִדן אין מידבר, ביז ער האָט דערגרייכט צו מײַן וועראַנדע. ער איז געווען אויסגענעצט, דער טאַטע מײַנער. ער האָט געציטערט. זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס. די ליפּן האָבן זיך בײַ אים, בײַ מײַן טאַטן, אויסגעקרימט אין אַ גרימאַס וואָס איז געווען ספק שמייכל, ספק געוויין. ער האָט זיך אָנגעשטרענגט צו מאַכן אַ באַוועגונג און ס׳איז אים ניט געלונגען.

זאָג איך צו אים:

— טאַטע קרוין! ווער האָט דיר די האָר פון קאָפּ אויסגעפליקט. ווער האָט דיר די אויגן אויסגעשטאָכן. די הענט און די אָרעמס צעדרייט און צעקרימט?

דער טאַטע האָט געשוויגן.

זאָג איך צו אים:

— אָט איז מײַן װעראַנדע און דאָ איז מײַן שטוב. אויפן טיש ליגט אַ ברויט און אין בעט װאַרט דאָס קישן.

דער טאַטע האָט געשטומט.

כ'האָב אויסגעשטרעקט מײַנע הענט צו אים. געװאָלט אים העלפן אַרויסקריכן פונעם בלאָטיקן געמויזעכץ. געװאָלט אים אַרײַננעמען אין די אָרעמס און זיך גאָר אָנגעשטויסן אָן דער האַרטער, שאַרסטקער הויט פונעם ביימערדיקן גוף מיטן שוואַרצן לעכל. מיטן שוואַרצן לעכל וואָס האָט אויסגעזען ווי אַן אויסגערונען אויג.

## דער בוים פון בקשות

אין קפריסין. ווײַט אין די בערג. פאַרבאָרגן אונטער אַ גרינעם געפלעכט פון קלעטער־געוויקסן און ביימערדיקע אָרעמס, איז פאַראַן אַ קוואַל. אַ קוואַל פון לויטערע, קילע וואַסערן.

צו אָט דעם קוואַל, דערציילט מען, איז פונעם אָלימפּ אַהער־געקומען אַפראָדיטע אויף צו באָדן זיך. אויף צו לאָזן די וואַסערן גלעטן און צערטלען איר יונגן גוף. לאַשטשען זיך צו אירע פולע בריסטן.

ניט איין מאָל האָט זי, די געטין פון ליבע, פון גרויס תענוג געלאָזט הערן איר קלינגענדיקע שטים. איר געזאַנג האָט באַוויגן, אַז די ביימער אַרום קוואַל, די פייגל, דאָס וואַסער, דער הימל און אַפילו דאָס גראָז אויף דער ערד זאָלן מיטזינגען דאָס גרויסע געזאַנג צו אַלץ וואָס לעבט, וואָס ליבט, וואָס שוועבט, וואָס בײַט זיך און באַנײַט זיך.

לעבן דעם קוואַל. אָפּגעזונדערט, שטייט אַ בוים, וואָס געהערט יאָ און געהערט ניט צו די אַלע געוויקסן, קרײַטעכצער און ביימער פונעם אַרום.

צו אָט דעם בוים, אויף וועלכן מען גלייבט אַז אַפּראָדיטע האָט צעהאָנגען אירע דורכזיכטיקע טוניקעס, בעת זי האָט אַראָפּגעני־דערט אַ נאַקעטע צום קוואַל, צו אָט דעם בוים — דעם בוים פון בקשות — קומען פון קדמונים ביז צום הײַנטיקן טאָג פרויען און מענער מיט ווײַסע, גרינע, ראָזע און געלבע טיכלער, בענדער און שלייפן און אין די טיכלער, בענדער און שלייפן ליגן פאַרוויקלט זייערע געשריבענע צעטעלעך מיט בקשות. יעדער הענגט זיי אויף אויף אַ צווײַגל, צווישן די בלעטער. צוערשט פאַרפולט זיך דער אונטערשטער טייל פון בוים, ווו עס איז לײַכטער צו דערגרייכן. שפּעטער שטײַגן די פאַרבנרײַכע בקשות אַלץ העכער און העכער. עס זעט אויס ווי דאָס וואָלט געווען אַ גן־עדן־בוים מיט אַזעלכע ווײַסע, גרינע, ראָזע און געלבע פרוכטן, וואָס האָבן ניט קיין גלײַכן אויף דער ערד.

די בקשות זענען דאָס רוב פון פרויען עקרות, וואָס נאָך נעבט פון ליבע בלײַבן די בייכער פלאַך, זייער טראַכט ברענגט ניט קיין נײַ לעבן, און פון מענער, וועמענס יצר איז גרעסער פון זייערע מעגלעכקייטן...

וואַקסן און מערן זיך די אויסטערלישע פּירות. דער בוים נעמט אויף באהבה זייער שליחות. ער גרייסט זיך וואָס מענטשן־קינדער האָבן דווקא אים אויסגעקליבן צו פאַרטרויען זייערע פאַרבאָרגנסטע סודות און געפילן און האָפן, אַז מיט זײַן הילף, וועלן דערפילט ווערן זייערע פאַרלאַנגען.

ס׳איז אַ ספק צי אַפּראָדיטע באַוויזט איבערצולייענען די אַלע פאַרוויקלטע צעטעלעך מיט די געבעטן און תּחנונים און ס׳איז ניט קלאָר וויפל מענטשן זענען געהאָלפן געוואָרן פון איר שתּדלנות בײַ די געטער.

מיט די יאָרן ווערט דער רוקן פונעם בוים אײַנגעבויגן. זײַן ביימעריש לעבן ווערט אַלץ שווערער און שווערער. עס איז ניט מער פאַר זײַנע כּוחות אויסצוטראָגן אַזאַ לאַסט פון בקשות, אויף וועלכע די מענטשן קוקן זיך אויס די אויגן. זײַן אָטעם פאַרהאַקט זיך. די צווײַגן באַוועגן זיך קוים. די בלעטער דאַרן אָפּ פאַר דער צײַט. די פייגל פליען פאַרבײַ און שטעלן זיך ניט אָפּ.

אַרום דעם קוואַל, ווו אַפּראָדיטע האָט געטובלט און געיובלט איר יונגשאַפט, זענען פאַראַן נאָך אַ סךביימער, וואָס אויך אויף זיי, גיט מען זיך איבער פון מויל צו מויל, האָט די געטין פון ליבע צעהאַנגען אירע לופטיקע, לוסטיקע געוועבן, בעת זי האָט זיך געשפּיגלט, געשפּילט און געפּלעסקעט אינעם צעפינקלטן באַלזאַם פונעם קוואַל.

איינער פון זיי איז שוין גרייט אויפצונעמען אויף זײַנע צווײַגן נײַע בקשות וואָס וועלן זיך הוידען אויפן ווינט און בלענדן מיט זייערע ווײַסע, גרינע, ראָזע, געלבע טיכלער, בענדער און שלייפן.

# די פּאַלמע און דער מענטש

לויטן אויסזען איז די פּאַלמע אַ בוים. פירט זיך אויף ווי אַ בוים. וואַקסט ווי אַ בוים. האָט אַ שטאַם ווי אַ בוים, און דער שטאַם האָט בלעטער, אָבער ניט אַזעלכע ווי מען איז געוווינט צו זען נאָר גאָר אין דער הייך,ביים סאַמען שפּיץ פונעם קלעטער.

יעדער בלאַט גרין צעפּאַכעט. יעדער בלאַט לאַנג און לענגער. יעדער בלאַט באַזונדער — רונד און רונדער. לויט די קאַפּריזן פונעם ווינט הייבן זיי זיך, בייגן זיי זיך. גייען זיך פונאַנדער און קומען זיך גלײַך צונויף. צוזאַמען איז היימלעבער צו רוישן. גרינגער זיך צו וויגן. לײַכטער זיך צו שיצן קעגן די רעגנס און די היצן.

די פּאַלמע איז מקנא די דעמבנביימער, צווישן וועלכע עס קומט איר אויס צו שטיין: די דעמבן האָבן אַלערליי צווײַגן — קליין, גרויס און גרעסער. האָבן שאָטן. ברייטע שטאַמען. פעסטע וואָרצלען. פייגל בויען דאָרט זייערע נעסטן און פאַרמעסטן זיך, ווער וועט וועמען איבערשטײַגן. פאַרכאַפּן וואָס מער אָרט צווישן די צווײַגן. זייער שפּרינגען, זייער פלאַטער, זייערע קולות ציען זיך העט אין דער נאַכט אַרײַן און פאַרוויגן די באַבלעטערטע דעמבן צום שלאָף.

די פּאַלמע איז אײנינקע אַלײן. דערפֿאַר איז זי העכער פֿון די דעמבן, זעט װײַטער, עטעמט לײַכטער, גרײכט טיפֿער אין די הימלען. זי װיל זיך ניט פֿאַרגלײַכן צו קײנעם. אויב זיך יאָ פֿאַר־גלײַכן, איז ניט צו קײן בוים, נאָר צו אַ מענטש:

װען מען האַקט בײַ אַ מענטש אָפּ דעם קאָפּ — פֿאַלט ער אַראָפּ צו דער ערד און אויס — — —

דאָס זעלבע געשעט מיט אַ פּאַלמע. װען אַ דונער טרעפֿט אין איר קרוין. װען אַ זעג דערגרײכט צו איר גרינעם שױבער — װעט ניט העלפֿן שרײַען צו גאָט, רופֿן די געטער. ס׳װעט זיך מער ניט פֿאַרהײלן די װוּנד. ניט פֿאַרציען זיך דער שראַם. ס׳װעלן מער ניט שפּראָצן קײן נײַע בלעטער.

דער שטאַם װעט בלײַבן װיסט און פּוסט װי אַן אָפּגעשטאָרבע־נער פֿינגער, װאָס איז געבליבן שטעקן אין דער לופֿט אויף צו דערמאָנען דעם אָרום, אַז אַ מאָל איז דאָס געװען אַ בוים, אַ פּאַלמע מיט גרין צעפּאָכעטע בלעטער, װאָס האָט זאַפּטן געצויגן פֿונעם שורש. געהאָפֿט צו ברענגען אויף דער װעלט אַ יורש און געבליבן איז פֿון איר בלויז אַ שטיק האָלץ. אָן רום, אָן גלאַנץ, אָן שטאָלץ — אַ שװאַרץ שטיק האָלץ.

## אין אַ נאַכט פֿון טיפֿער עצבות

ס׳האָט אַ בוים אין אַ נאַכט פֿון טיפֿער עצבות און בענקשאַפֿט קײן אָרט ניט געקאָנט זיך געפֿינען. געשפּירט װי די זאַפֿטן אין די בײמערדיקע אָדערן שפּאַרן און װעקן אין אים די באַהאַלטענע פֿאַרלאַנגען און גלוסטן.

ער האָט מיט דער גאַנצער קראַפֿט פֿון זײַן אויפֿגעברויזטער בײמערשאַפֿט אַ שמײַס געטאָן מיט די צונױפֿגענומענע צװײַגן אינעם שװאַרצן פּנים פֿון דער נאַכט און זי געצװוּנגען זיך צוהערן צו דער גרימעניש פֿון זײַנע בלעטער:

— גענוג צו זײַן אַ בוים! צו שטײן אַ גאַנץ לעבן אויף אײן און דעם זעלביקן אָרט. זיך בײגן פֿאַרן װינט. זיך נײגן פֿאַר דער

זון. אויסגעגעצט ווערן פון רעגן. כאָוועז בלעטער — און שפּעטער, זיי איינס נאָך איינס פאַרלירן. פאַר פייגל זײַן אַ נעסט. פאַר מענטש און חיה זײַן אַ שאָטן. אַפילו דער אייגענער רויש — אַנטוישט. קיינער ווייס ניט וואָס ער מיינט. קיינער ווייס ניט וואָס ער וויל.

פאַרן ווערן גענערט — צאָלט ער דער ערד דעם פולן פּרײַז פון זײַן געהאָרכיק און נאָכגיביק. ער מוז דעם קרײַז פון ביימער־דיקער הכנעה שפּאַלטן און זיך ביסלעכווײַז, בהדרגהדיק אַליין געשטאַלטן: די וואָרצלען פאַרבײַטן אויף פיס; די צווײַגן — אויף אָרעמס און הענט; די בלעטערקרוין — אויף אַ קאָפּ; און אין קאָפּ — אויגן וואָס זעען, אַ מויל וואָס רעדט, אויערן וואָס הערן, און סוף־כל־סוף ווערן מיט מענטשן גלײַך — אַ מענטש!

די אַלטע נאַכט, די דערפאַרענע נאַכט, וואָס ווייס די פירונג פון דער וועלט און טראָגט מיט זיך אויף איר לאַנגן וואַנדערוועג אין די פאַלבן פון איר שוואַרצער שלעפּ אַזוי פיל ווונטשן ניט־דערפילטע, אַזוי פיל פאַרלאַנגען פאַרשפּילטע, און אַ גאַנצן באַרג מיט שפּליטערס פון חלומות — קוקט אויפן בוים דעם מורד מיט באַדויער. זי וואָלט אים אײַנגערוימט אַ סוד, נאָר זי טוט עס ניט. זאָל ער דערווײַל רוישן. זאָל ער דערווײַל רעשן. זאָל ער דערווײַל רעוואָלטירן.

זי שווײַגט קלוג. זי וועט אים ניט צוימען. זי וועט אים ניט זאָגן, אַז עס טרעפט, עס קאָן פּאַסירן, עס זאָל בײַם טאָגן אַ האַק און אַ זעג זיך באַווײַזן און אים אַוועקפירן דאָרטן ווו מע פירט טויזנטער ביימער, און קיינער, קיינער וועט זיך ניט אָנשטויסן, אַז צווישן זיי איז געווען איינער, וואָס האָט געוואָלט די וואָרצלען פאַרבײַטן אויף פיס; די צווײַגן — אויף אָרעמס און הענט; די בלעטערקרוין — אויף אַ קאָפּ; און אין קאָפּ — אויגן וואָס זעען, אַ מויל וואָס רעדט און אויערן וואָס הערן.

# דער קיניג און דער קאַמערדינער
## (כּמעט אַ מעשׂהלע)

דער מלך איז טויט, זאָל לעבן דער מלך!

דער נײַער קיניג, קוים צוואַנציק יאָר אַלט, איז געווען קליין, דאַר און דערצו מיט אַ הויקער. אַן אַנזעעוודיקן הויקער אויף די שמאָלע פּלייצעס, וואָס אַפילו די פּורפּור־סאַמעטענע קריינונג־קליי־דער האָבן אים ניט געקאָנט פֿאַרשטעלן. אויב דער צערעמאָניע־מײַסטער, די הויפלײַט, מיניסטאָרן, פֿאַרבעטענע געסט און דאָס פֿאָלק, צו וועלכן ער האָט געפּאָכעט פונעם באַלקאָן, האָבן זיך געמאַכט ניט זען, האָט דער קיניג אויף קיין איין מינוט וועגן דעם ניט פֿאַרגעסן, אַז אונטער די פּורפּורן הויקערט זיך זײַן פּלייצע. ער איז געווען דערשלאָגן און צעטומלט.

ווען די לאַנגע און אויסשעפּנדיקע צערעמאָניע האָט זיך שוין געהאַט פֿאַרענדיקט און דער קיניג איז געבליבן אַליין אינעם געררוי־מען גאַרדעראָב־צימער, האָט ער זיך ערשט דערלויבט אַראָפּוואַרפֿן דעם שמייכל פון זײַנע ליפּן. דעם שמייכל, וואָס ער האָט אַזוי פֿאַר־שווענדעריש געטיילט פֿאַר יעדן איינעם וואָס איז צו אים צוגע־קומען לויטן פּראָטאָקאָל, כּדי אַ קוש צו טאָן זײַן דאַר קינדעריש הענטל מיט די גרויסע, צעפֿינקלטע סיגנעטן. זיי אַלע זענען אים אויסגעקומען ווײַט־און־שלעכט־מיינענדיק, ווי זיי וואָלטן דאָ, אין זײַן פּאָטערס הויז, פֿאַרזאַמלט זיך אויף אויסלאַכן אים — אַ שפּיל אַזאַ פון „מאַכן" אים פֿאַר אַ קיניג, אַז ער, דער הויקער, זאָל „געוועלטיקן" איבער זיי מיט אַ „שטאַרקער האַנט" (ווי עס זאָגט זיך אין דעם קריינונג־אַקט).

דער קאַמערדינער האָט אים געהאָלפֿן אויפשפּיליען דאָס פּור־

פור־קלייד און פונאַנדערלאָזן די פּאָלעס. פונאַנדערלאָזן, ווײַל דאָס קלייד איז אויפֿן קיניג געווען צו לאַנג. קיין אַנדער קלייד צו אַזאַ געשעעניש האָט מען ניט געטאָרט נוצן, האָט מען דעם זוים פֿאַרבויגן. ס׳איז געווען אַ שווערער און גאָר אַלטער מלבוש, וואָס אין אים האָט מען געקרוינט די קיניגן פֿון דער איצטיקער און פֿון דער פֿריִערדיקער דינאַסטיע. נאָר צו דעם צוועק האָט עס געדינט. דערנאָך האָט דער מלבוש, צוזאַמען מיט דער קרוין און דעם סצעפּ־טער געדולדיק געוואַרט אין אַ ספּעציִעל קעסטל, אין אַ באַזונדערן קאַמער, אויף דער געלעגנהײַט ווידער צו באַווײַזן זיך. טייל מאָל איז דעם בגד אויסגעקומען אַ סך, אַ סך יאָרן אַזוי אָפּצוליגן. איצט האָט דער קאַמערדינער זײַנע זוימען צוריק אַרויסגעלאָזט און אויסגעגלײַכט. מען האָט געזען, אַז ער טוט עס מיט יראת־הכּבֿוד און מיט גרויס דרך־ארץ.

דער קיניג איז געשטאַנען אין די אונטערוועש און זיך צוגע־קוקט צו דעם קאַמערדינערס אַרבעט וואָס איז, אייגנטלעך, אויך געווען אַ שטיק ריטואַל: דאָס פּאַמעלעכע צוליגן אַרבל צו אַרבל, דאָס פּאַמעלעכע אויסגלעטן די ערטער ווו עס האָט זיך אויס־געוויזן, אַז עס זענען דאָ פֿאַלדן און קנייטשן, איידער ער האָט דאָס קלייד אַרײַנגעלייגט אין דעם העלפֿאַנטביין־קעסטל.

דער קיניג האָט מער געקוקט אויפֿן קאַמערדינער ווי אויפֿן מלבוש: דער קאַמערדינער איז געווען ברייט און הויך, מיט וואַרעמע, קלאָרע אויגן און מיט אַ ניט־געצווונגענעם שמייכל. האָט דער קיניג זיך אָנגערופֿן:

— העי דו, פֿאַרהאַלט זיך אַ ווײַל! טו אָן דאָס קלייד, זעץ אַרויף די קרוין אויפֿן קאָפּ און שטעל זיך אַוועק אַנטקעגן דעם גרויסן שפּיגל!

דער קאַמערדינער האָט ניט אַרויסגעוויזן קיין פֿאַרוווּנדערונג. מ׳האָט בכלל ניט אָנגעזען אויפֿן פּנים די מחשבֿות זײַנע, נאָר די ליפּן האָבן בײַ אים אויפֿגעהערט צו שמייכלען און דאָס איז געווען אַלץ וואָס האָט זיך אויפֿן אויבערפֿלאַך פֿון זײַן פּנים געביטן. ער האָט זיך פּאַמעלער, ווי צו געווינען צײַט, אָנגעטאָן און ווען ער איז שוין פֿאַרטיק געוואָרן, איז ער אַנטקעגנגעקומען דעם גרויסן

שפּיגל. ס'האָט אויסגעזען ווי צוויי קיניגן האָבן זיך באַגעגנט אין מיטן פון דעם גרויסן צימער. באַגעגנט, אָפּגעשטעלט און געקוקט איינער אויפן צווייטן.

דער קיניג האָט געפּאָרשט מיט זײַן בליק דעם קאַמערדינער אין די מלכותדיקע קליידער און ער האָט זיך צעשמייכלט. דער שמייכל איז מיט גאָרניט ענלעך געווען צו יענעם שמייכל, וואָס ער האָט געהאַט צוגעקלעפּט אין קריינונג־זאַל. דער קיניג האָט בײַ זיך געטראַכט:

— אָט דאָס איז ער דאָך. אַזוי דאַרף ער אויסזען. ווען ער האָט שׂכל, גיט ער מיך אַ יאָג כ'זאָל אים ברענגען ווײַן, כ'זאָל אים צוגרייטן דאָס בעט, כ'זאָל אים באַדינען. אַזוי דאַרף אויסזען דער קיניג. טאַקע אַזוי!

דער קאַמערדינער מיט דער קרוין אויפן קאָפּ האָט ניט געאָנט וואָס פּאַר אַ טראַכטענישן עס קײַקלען זיך אַלץ אַדורך אינעם קאָפּ פונעם געזאַלבטן. איז ער געשטאַנען און רויִק געוואַרט אויף ווײַטערדיקע באַפעלן.

דער קיניג האָט זיך גאָרניט געיאָגט אים צו באַפרײַען. ער האָט ווי אויפגעהערט צו פילן זײַן אייגענע עקזיסטענץ. ער איז ווי פאַר־שוווּנדן. ער האָט זיך אײַנגערעדט, אַז דער שטאַרקער, הויכער מאַן איז ניט קיין אַנדערער נאָר ער אַליין און דאָס וואָס איז געווען פריִער, איז נאָר אַ שפּיצל, אַ מין להכעיס. אין דער אמתן זעט דער קיניג אויס אַזוי. אַזעלכן האָט דאָס פאָלק ליב, אַזעלכן שעצן הויפלײַט, נאָך אַזעלכע בענקען יונגע פירשטינס און אַזאַ איז ווערט אָנצופירן מיט דער מלוכה.

ווי אין הינערפלעט האָט זיך דער קיניג גענומען שאַרן פאָרויס, אָבער ער האָט עס ניט געפילט. אים האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס גייט יענער אים אַנטקעגן. יענער, דער אמתער הערשער, און אַז ער, אַפילו ניט דער שאָטן פון יענעם, שטייט אויף אַן אָרט.

אַז ער האָט זיך פּלוצעם דערזען אין שפּיגל אין די אונטערוועש אויף די צוויי קרומלעכע פיס, האָט ער זיך ניט דערקענט, ווײַל אין זײַן געדאַנק האָט זיך זײַן גוף געהאַט אויפגעלייזט אין דער

געשטאַלט פונעם קאַמערדינער. דעריבער האָט ער אויך ניט גע־פילט, אַז ער שרײַט מיט אַ באַנומענער שטים:

— װער איז ער, װער, און װאָס װיל ער דאָ!? שלאָג אים! הערסט — שלאָג! שלאָג אים שוין! ביז בלוט שלאָג און װאַרף אים אַרויס!

דער קאַמערדינער אין די קיניגלעכע קליידער האָט זיך אויף אַן אמת דערשראָקן. די קרוין איז אים שווער געוואָרן און דער סצעפּטער האָט אים ממש געבריט אין די הענט. ער האָט געוואָרפן בעטענדיקע בליקן אויף דער טיר, אפשר וועט ווער פאַרנעמען די געשרייען און וועט אַנלויפן, אָבער קיינער האָט דעם קיניגס קולות ניט געהערט און די טיר איז ווײַטער געבליבן שטום ווי פריִער.

דער קיניג האָט זיך גאָר נאָענט צו אים צוגערוקט. אַזוי נאָענט, אַז דער קאַמערדינער האָט דערפילט זײַן הייסן און פאַרשנעלערטן אָטעם אויף זיך:

— ביז בלוט שלאָג אים!

דער קאַמערדינער האָט קיין ברירה ניט געהאַט, האָט ער לײַכט גענומען פּאַטשן איבערן קיניגס פּנים, קלאַפּן פּאַרזיכטיק, אויף יוצא זײַן, איבער דעם קיניגס הענט, אָבער דער קיניג האָט זיך מיט דעם ניט באַנוגנט:

— שטאַרקער! דערלאַנג אים אין הויקער אַרײַן! אָט אַזוי! אָט אַזוי!

דער קיניג האָט זיך אַזש פאַרכליניעט פון תאווה, ווען ער האָט דערפילט דעם אמתדיקן ברי פונעם קאַמערדינערס צעפּאָכעטער האַנט, וואָס האָט זיך אויף אים אַראָפּגעלאָזט מיט קראַפט. ער איז געווען איבערצײַגט, אַז דער הויכער, שיינער מאַן איז ער און ניט דער קאַמערדינער, אַז ניט ער באַקומט געשלאָגן, נאָר ער שלאָגט עפּעס אַ צעקרימטן שרץ.

דערווײַל האָט דער קאַמערדינער ווײַטער געשלאָגן און אונטער־געהעצט פונעם קיניגס קולות, האָבן זיך די קלעפּ פאַרשטאַרקט און פאַרמערט, ביז אַ בלוטשטראָם האָט אַ פלייץ געטאָן פונעם קיניגס מויל און פון דער נאָז. דער קיניג האָט דעם קאַמערדינער ניט געלאָזט זיך אָפּשטעלן. כּסדר אים געמונטערט:

— שלאָג! דערלאַנג אים ביזן ביין!

ווען דער קאַמערדינער האָט זיך אויף ס׳נײַ פאַרמאָסטן, איז אים די קרוין אַרונטערגעפאַלן און פאַלנדיק צעבראָכן דעם שפּיגל. דאָס שלאָגן האָט זיך ראַפּטעם אָפּגעשטעלט. ביידע האָבן זיך פונעם גלאָזגעבראַזג אויף אַ מאָל אויסגעניכטערט.

דער מלך איז געלעגן אויפן דיל און מיט אַ ניט־דאָיִקן בליק געקוקט דאָ אויפן בלוט, וואָס איז פון אים גערונען, דאָ אויף די נאַקעטע פיס זײַנע און דאָ אויפן איבערגעבויגענעם קאַמערדינער אין דעם פּורפּור־קלייד. דער מלך האָט שטיל אַ פרעג געטאָן:

— ווו געפין איך זיך?

— זײַן מאַיעסטעט, בײַ זיך אין פּאַלאַץ.

האָט נאָך שטילער און מיט הכנעה אָפּגעענטפערט דער קאַ־מערדינער.

## דער בראָנדזענער קיניג

ס׳האָט זיך דעם קיניג פאַרוואָלט אַראָפּ פון שלאָסבאַרג צום טײַך און כאָטש איין מאָל פאַרזוכן דעם טעם פון באָדן זיך דאָרטן ווו דאָס פּשוטע פאָלק באָדט זיך אין די הייסע זומערטעג.

זײַן קיניגלעבער באַסיין מיט די אַרומגעשטעלטע פּאַלמענ־ביימער, מירטן, מימאָזן און אָרכידעען, וואָס זענען געוואַקסן אין הילצערנע פעסער און אין סקולפּטור־שטוקאַטירטע וואַזאָנען — האָט אים געלאַנגווײַליקט. ס׳זענען אים נימאס געוואָרן די באַסיינ־ווענט פון גרין־געלער מאָזאַיִק, מיט די ראָזע טרעפּעלער, וואָס האָבן אַרונטערגעפירט צום דורכזעיִק־גלאַטן רויזן־וואַסער. כאָטש די זון האָט דורכן גלעזערנעם דאַך ניט געזשאַלעוועט איר שטראַלן־פאַר־מעג און מיט ברייטהאַרציקער וואַרעמקייט אַדורכגעזיפּט זשמעניעס גאָלד דורך די שויבן, האָט דער קיניג געבענקט צו אירע שטראַלן וואָס קומען גלײַך פון הימל, און ניט פונעם דורכזעיִקן דאַך.

מיט זונשפּראָץ איז ער, איבער זײַטיקע טרעפּ און קאָרידאָרן, דורך הינטערטירן און פֿאַרבאָרגענע דורכגענג, אַרויס פֿון שלאָס, אַראָפּ פֿון באַרג, פֿאַרבײַ אַ שטאָט, פֿאַרבײַ אַ דאָרף, אַ קרעטשמע, אַ ווינטמיל, אַ וועלדל. הינטערן וועלדל ערשט האָט אַ שימעריר געטאָן דער טײַך.

מיט שטילער פֿרייד האָט דער קיניג געלאָזן צווישן די געדיכטע קוסטעס זײַנע קיניגלעכע בגדים, און אַ מוטער נאַקעטער זיך איבער־געגעבן אין רשות פֿון די שטראָמענדיקע טײַכוואַסערן. ער איז געשווומען מיטן שטראָם און זיך פֿאַרמאָסטן צו שווימען קעגן שטראָם. זיך אונטערגעטונקען און אַרויפֿגעקומען. געלייגט זיך אויף דער פּלייצע און געפּאַטשט מיט די הענט איבערן געזיכט פֿונעם וואַסער, מיט אַ ניט־געצוימטער האַסטיקייט און מיט אַ כּוח, וואָס ער אַליין האָט ניט געוווּסט אַז ער פֿאַרמאָגט אים נאָך. די פֿרייד האָט פֿון אים אַרויסגעשפּאַרט און ער האָט פֿרײַ געלאָזט זײַן קול. דער עכאָ האָט אים באַלד צוריקגעשיקט אַ ווילד בת־קול.



אָנגעשווומען זיך, אָנגעזעטיקט דאָס אויער מיטן רויש פֿוןביימער און געזאַנג פֿון פֿייגל, איז ער אַרויס פֿון וואַסער. די טראָפּנס אויף זײַנע לאַנגע האָר און אויף דער בלייכער, איידעלער הויט האָבן געפֿינקלט אַנטקעגן דער זון ווי עמעראַלדן.

דער קיניג האָט זײַנע באָרוועסע פֿיס געווענדט צו די געדיכטע קוסטעס, דאָרטן וווּ ער האָט געלאָזן זײַנע קיניגלעכע קליידער. דאָס טרעטן מיט די הוילע פּיאַטעס אויפֿן זאַמד, אויף שטיינדלעך, אויף טרוקענע צווײַגלעך און ביימער־וואָרצלען האָבן אים פֿאַרשאַפֿט אַ באַזונדער פֿאַרגעניגן. דאָס ערשטע מאָל איז אים אויסגעקומען צו זײַן אַזוי נאָענט צו דער ערד. זײַן ערד. זײַן היימלאַנד. פֿאַר דעם וווילטאָג, פֿאַר דער זאַטקייט און זיכערקייט פֿון אָט דעם היימלאַנד, איז ער ניט איין מאָל אַרויס אויף די שלאַכטפֿעלדער. אונטער זײַן קלוגער און דרייסטער הערשאַפֿט האָט דאָס לאַנד ניט געוווּסט דעם טעם פֿון אַ מפּלה. דאָס פֿאָלק האָט אים ליב געהאַט און געאַכפּערט. מען האָט אים די ליבשאַפֿט אַנטקעגנגעטראָגן בײַ יעדער געלעגנ־

הייט. פּאָעטן האָבן געשריבן אָדעס לכּבוד אים. זײַן רום און זײַן העלדישקייט זענען פאַראייביקט געוואָרן אין אָראַטאָריעס און הימענס. מאָלערס האָבן זיך געפּלײַסט אַז אויף זייערע לײַוונטן זאָל דער קיניג אויסזען נאָך שענער ווי אויף דער וואָר. זײַן געשטאַלט האָט אַראָפּגעקוקט פון אַ סך סטאַטועס, מיט וועלכע מ׳האָט באַצירט די שטאָטישע פּלעצער און גערטנער. סטאַטועס פון בראָנדז און פון גראַניט; רײַטנדיק אויף אַ פערד, אָדער האַלטנדיק אַ שווערד אין האַנט; זיצנדיק אויפן טראָן מיט דער קרוין איבער די לאַנגע האָר, אָדער בענטשנדיק דאָס קעפּל פון אַ קינד און דעם געבוירענעם קאָפּ פון אַ זקן.

ווען ער איז צוגעקומען צום אָרט ווו ער האָט זײַנע קליידער געלאָזן, און האָט זיי דאָרטן ניט געפונען, האָט ער געפילט אַ סקרוך איבערן לײַב. בלויז איינער פון זײַנע שיך איז געבליבן. ווי אויף חוזק און אויף שפּאָט, אויף גאָטס באַראָט — אַ שוך אַליין. פון אָפּהענטיקייט און פאַרדראָס האָט ער אַ כאַפּ געטאָן דעם שוך און מיט אַלע כּוחות געשלאָגן איבער די צווײַגלעך פון דעם יונגןביימל, לעבן וועלכן ער האָט דעם שוך געפונען, ווי גלײַך דאָס ביימל וואָלט שולדיק געווען וואָס זײַנע בגדים זענען נעלם געוואָרן, און ס׳האָט אים, דעם קיניג, ניט צו וויסן געטאָן בײַ צײַטנס. אונטער די שטאַרקע קלעפּ זענען זיך די בלעטער צעפלויגן פון די צווײַגלעך און איבערגעלאָזט דאָס ביימל אַזוי נאַקעט ווי דער קיניג איז געווען.

דער מוח האָט געפּיבערט און דער אומרו האָט געטריבן: ניט זיצן, ניט וואַרטן, ניט שטיין — נאָר גיין! גיין אַפילו ווען ס׳איז ניטאָ קיין קוסט און ניט קיין בוים ווו מע קאָן אויסבאַהאַלטן די שאַנד. דער קיניג איז אַרויס אין פרײַען פעלד. און אין פעלד איז געווען שניטצײַט. סערפּן און קאָסעס האָבן פאַרקלונגען אין דער לופט. פּויערים, פּויערטעס און קינדער זענען געווען פאַרטאָן אין אײַנזאַמלען די תּבֿואה. דעם קיניג איז געראָטן זיך אַדורכצושלײַכן און ניט באַמערקט צו ווערן, קריכנדיק אַ גרויסן טייל פון וועג אויף אַלע פיר צווישן דעם הויכן קאָרן, צו וועלכן די קאָסעס האָבן נאָך ניט דערגרייכט.

אַרויסגעקראָכן פון קאָרן, האָט דער קיניג אָנגעגעגנט אַ טשע־

רעדע קי, וואָס האָט זיך געפּאַשעט אויף אַ לאָנקע. די קי האָבן זיך אין ערגעץ ניט געאײַלט. געצופּט מיט די פּײַטשע און ווייכע מאָרדעס אַ גראָז נאָך אַ גראָז און געטריבן פון זיך מיט שטילער הכנעה די מחנות פליגן. זיי זענען אַזוי פאַרנומען געווען מיט זיך, אַז זיי האָבן גאָרניט באַמערקט דעם נאַקעטן קיניג. אַ ביסל ווײַטער — אַ טשאַטע גענדז. די גענדז האָבן זיך געשטופּט. אַרויסגעריסן איינע בײַ דער אַנדערער דעם ביסן פון מויל, און אַלע מיט אַ ליאַרמענדיקן גאַ־גאַ־גאַ, מיט פליגל־פּאַכערײַ, קאַטשענדיק זיך דער־בײַ פון זײַט צו זײַט אויף די קורצע פיס. זיי האָבן זיך אויך ניט אומגעקוקט צי דער וואָס גייט פאַרבײַ איז אָנגעטאָן צי נאַקעט.

דער קיניג האָט זיך געפרייט וואָס די בהמות און די גענדז דרייען זיך אַרום אָן דער השגחה פון אַ פּאַסטעך. באַלד אָבער, ווי פון אונטער דער ערד, זענען אויסגעוואַקסן צוויי יונגע פּויערטעס מיט קרוגן מילך און ברויט, אויפן וועג צו די שניטערס אין פעלד.

די באַגעגעניש איז פאַר ביידע צדדים געווען אַזוי פּלוצעמדיק, אַז מ׳איז געבליבן שטיין און אַ לאַנגע ווײַלע ניט געקאָנט קיין וואָרט אַרויסברענגען פאַר די ליפּן. די פּויערטעס איז אפשר צום ערשטן מאָל אויסגעקומען צו זען אין פולן ליכט פון דער זון אַ מאַן אין זײַן גאַנצער אַנטבלויזטקייט. דער קיניג האָט אינסטינקטיוו פאַר־שטעלט מיט די הענט דעם אונטערשטן טייל פון זײַן גוף. מיט פאַר־פלאַמטע פּנימער און צעגלאָנצטע אויגן, וואָס זענען שיער ניט אַרויס פון די לעכער, האָט איינע די אַנדערע אונטערגעשטופּט און געקניפּט. צום סוף, שטיקנדיק זיך פון געלעכטער, זענען זיי אַנט־לאָפן צו די שניטערס.



אָפּגעקילט זיך פון דער פּיינלעכער באַגעגעניש מיט די פּויער־טעס, האָט זיך דער קיניג צוריקגעצויגן אין קאָרן. די הויכע שטענג־לעך מיט די גאָלד־בלאָנדע קעפּלעך האָבן אים אַרומגענומען פון אַלע זײַטן, ווי זיי וואָלטן ניט געווען קיין זאַנגען נאָר שלאַכטלײַט, און ווי שלאַכטלײַט צו זייער האַר זיך געניינט, זיך געבייגט און דערבײַ אַזוי שטיל, אַזוי באַרויִקנדיק געשאָרכט.

ס׳האָט ניט געהאַט קיין זין אַזוי צו שטאַרצן צווישן קאָרן. האָט דער קיניג אָפּגעריסן אַ שפּאָר בינטל זאַנגען און האַלטנדיק דאָס בינטל צוגעדריקט צום לײַב זיך דערקליבן, ווי ניט איז, צו די ערשטע כאַטעס. ס׳רוב מענטשן זענען געוועזן אויף די פעלדער. די כאַטעס האָבן אויסגעזען ווי פאַרלאָזט. בײַ איין טיר איז געזעסן אויף אַ באַנק אַן אַלטינקער פּויער און געשניצט מיט התמדה אַ פּײַקע.

— פאָטערל — האָט דער קיניג אויסגערופן — גאָט־העלף! כ׳בין אין אַ צרה, פאָטערל, מ׳האָט מיר בײַם טײַך די בגדים צוגע־נומען און כ׳שעם זיך אומצוקערן אין שלאָס פאַרשלייערט בלויז מיט עטלעכע זאַנגען. אפשר קאָנסטו בײַ זיך געפינען עפּעס־וואָס צוצודעקן מײַן נאַקעטקייט. כ׳וועל זיך אָפּדינען. כ׳וועל שיקן מײַן קאָמערדינער, וועט ער דיר ברענגען אַ פּײַקע פון... פון... העלפאַנט־ביין, מיטן בעסטן טאַבאַק וואָס מע קאָן געפינען אין דער מדינה.

דער זקן האָט זיך געלאָזן צוגעהערט צו דעם, וואָס דער פאַר־שוין זאָגט אים, און וואָס ער בעט בײַ אים. ער האָט באַלד ניט געענטפערט, בלויז אָוועקגעלייגט אין אַ זײַט דאָס מעסער מיט דער האַלב־אויסגעשניצטער פּײַקע. אויסגעצויגן זײַן האַלדז, אויף וויפל עס האָט זיך געלאָזט, און מיט די רויטלעכע, פאַרטרערטע אויגן און פאַרוואָקסענעם קין זיך אײַנגעקוקט אין פּנים פון דעם נאַקעטן מאַן מיטן בינטל קאָרנזאַנגען אַרום זײַנע לענדן. נאָך אַ יישוב־הדעת האָט זיך דער אַלטינקער אָנגערופן:

— גוט, כ׳וועל פאַר דיר עפּעס אויסזוכן אַרויפצוּוואַרפן אויפן לײַב, אָבער, למען־השם, רעד צו מיר פשוט, מיש ניט אַרײַן איך ווייס ניט וואָס פאַר אַ שלאָס מיט אַ קאָמערדינער. כ׳וועל...

דער קיניג האָט דעם אַלטן אָנגעכאַפּט בײַ די הענט און פאַר־האַלטן דעם שטראָם פון זײַנע רייד. די אונטערשטע ליפּ האָט בײַ אים געציטערט, בעת ער האָט כמעט ווי אויסגעשריִען:

— פאָטערל, קוק זיך גוט, גוט אײַן אין מיר! דאָס שפּיצבערדל, די וואָנצעס, די לאַנגע האָר — זיי זאָגן דיר גאָרניט?

דער קיניג האָט איבערגעכאַפּט דעם אָטעם און צוגעגעבן:

— זײַ וויסן, פאָטערל, אַז דאָס רעדט צו דיר דער קיניג. נאַקעט, ווי די מאַמע האָט אים געהאַט, אָבער דער קיניג!

— דײַן שפּיצבערדל, די וואָנצעס, די לאַנגע האָר, דערמאָנען מיר אַ מעקלער, אַ סוחר, צי אַן אַנדערן פּאַרקויפער, אָבער בשום־אופן ניט אונדזער וויל־געבוירענעם הערשער, לאַנג לעבן זאָל ער. דו ביסט ניט ער! בלויז אַ חסר־דעה קאָן אַזאַ זאַך ברענגען אויף די ליפּן. בלויז פּאַרן וועלן זיך פאַרגלײַכן מיט אונדזער ליכטיקן האַר, קומט דיר מ׳זאָל בײַ דיר אַרויסרײַסן די צונג פון מויל. און פאַרן זאָגן הויך אויפן קול, אַז דו ביסט דער קיניג, דאַרף מען פון דיר שנײַדן לעבעדיקע פּאַסן און וואַרפן פאַר די הינט. איך קאָן ניט טאָן דאָס און ניט יענץ, קום זשע מיט מיר אַרײַן אין קעמערל, און לאָמיר זוכן צווישן אַלטוואַרג עפּעס אַ בגד. פאַרשטעל דײַן נאַקעטקייט און גיי דיר געזונטערהייט. און זאָל דיר גאָט מוחל זײַן דײַנע מבולבלדיקע רייד.



מיד, פאַרשוויצט, הונגעריק, האָט זיך דער קיניג דערשלעפּט צו דער שטאָט וואָס האָט אַרומגערינגלט דעם שלאָסבאַרג. אין די ברייטע פּויערישע פּלודערן, אַרומגעבונדן מיט גראָבע שטריק, אין אַ פאַרלאַטעטן העמד פון גראָבן, שאַרסטיקן לײַן, אין די צו ענגע שקראַבעס אויף די פּיס, האָט זײַן מאַיעסטעט זיך אַרומגעדרייט אַרום דעם שלאָסבאַרג. דער שלאָסבאַרג איז אים דאָ אַנטקעגן געקומען און דאָ נאָכגעגאַנגען. נאָכגעגאַנגען און ווידער אַנטקעגן געקומען.

ער האָט שוין אויסגעקוקט, אַז די נאַכט זאָל אַלץ און אַלעמען פאַרהילן מיט איר טונקעלן שלייער. אין דער פינצטערניש וועט ער קאָנען לײַכטער דערגרייכן צו די געהיימע וועגן וואָס פירן צו זײַן אייגענעם, ווייכן, ברייטן בעט, צו דער זעט און צו דעם כּמעט פאַרלוירענעם געפיל, אַז ער איז נאָך אַלץ דער האַר, די מאַכט. דערווײַל אָבער האָט זיך נאָך דאָס טאָגליכט געקלאַמערט אין יעדן צווײַג, אין יעדן דאַך און דעכל און ניט געוואָלט אַזוי גרינג אָפּטרעטן. דער קיניג האָט אַרומגעהונקען איבער די געסלעך און גאַסן, וואָס אַלע האָבן זיי געפירט צו דעם רחבותדיקן שטאָטפּלאַץ.

קיינער האָט אים קיין בליק ניט געשאָנקען. ער האָט דאָ און

דאָרטן עמעצן אָפּגעשטעלט און פאַרפּירט אַ שמועס. ס'האָט זיך אָבער ניט געקלעפּט. זײַנע פּנים־שטריכן האָבן זיך בײַ קיינעם ניט פאַרקריצט אין זכרון. ער האָט נאָך אַלץ געהאָפט אַז עמעצער וועט אים דערקענען. דערזען קינדער, האָט ער בײַ זיי געפרעגט:

— ווער פון אײַך ווייסט, וואָס עס געפינט זיך אויפן באַרג?

און זיי האָבן אַלע אין איינעם אָפּגעענטפערט:

— דער שלאָס!

— און ווער וווינט אין שלאָס?

— דער קיניג!

— איר קענט אים?

— אַוודאי קענען מיר אים. מיר זעען אים ווען ער נעמט אויף די מיליטערישע פּאַראַדן, צי ווען ער קומט אין שטאָט צו רײַטן מיט זײַן לײַבגוואַרדיע. ניט איין מאָל שטעלט ער זיך אָפּ, גייט אַראָפּ פון פערד און גיט דעם, אָדער יענעם קינד אַ גלעט, צי אַ קוש אין שטערן.

דעם קיניג איז אי ליב אי שווער געווען דאָס צו הערן. ער האָט זייער געוואָלט זיי זאָגן אַז דער קיניג, וועגן וועמען זיי רעדן מיט אַזאַ התלהבות, שטייט טאַקע דאָ פאַר זיי. ער האָט אָבער מורא געהאַט אַז זיי וועלן לאַכן פון אים, האָט ער פאַרביסן די ליפּן און איז אָפּגעגאַנגען אין אַ זײַט.



אויפן שטאָטפּלאַץ האָט זיך געטומלט. בלומען־פאַרקויפערינס האָבן גערופן די פאַרבײַגייענדיקע; געזעלן מיט שטײַפע קעלנער און מיט צוגעשווירענע וואָנצעלעך האָבן געפירט ראָמאַנסן מיט דינסטמיידלעך און אַלץ אויף אַ קול, מיט הויכע געלעכטערס; מיידע־לעך זענען געשפּרונגען איבער שטריק; ייִנגעלעך האָבן זיך געיאָגט נאָך צעקאָלערטע רייפן; מען איז געזעסן בײַ די אָפענע טירן פון די הייזער. פּרויען האָבן געשטריקט. מענער, מיט צעעפנטע העמ־דער, האָבן סתּם געגלאָצט מיט די אויגן און זיך מחיה געווען מיטן פאַרנאַכטיקן ווינטל.

די איינציקע נאָענטע געשטאַלט צווישן דעם המון אויף וועמען דעם קיניגס בליק האָט זיך אָנגעטראָפן איז געווען זײַן אייגענע

געשטאַלט, אויסגעגאָסן פון בראָנדז, וואָס האָט צו אים אַראָפּגע־
קוקט פונעם הויכן פּיעדעסטאַל. די קאַלטע אויגן פון דער סטאַטוע
האָבן באַוויזן אָנצוּוואַרעמען דעם קיניגס געמיט.

דער ערשטער אימפּולס איז געווען, ער זאָל אַ קלעטער טאָן
אויפן פּיעדעסטאַל און פון דער סאַמער הייך אַרויסלאָזן אַזאַ
געשריי, אַז דער גאַנצער פּלאַץ, די גאַנצע שטאָט, דאָס גאַנצע
לאַנד זאָל הערן:

— בירגער, אונטערטאַנער, ווי איז דאָס מעגלעך, איר זאָלט
אײַער געקריינטן ניט דערקענען?!

דערווײַל איז דער טאָג פאַרגאַנגען. דער פּלאַץ האָט זיך גענו־
מען אָפּליידיקן. די בלומען־פאַרקויפערינס זענען פאַרשוווּנדן. אַפילו
די בעטלערס האָבן זיך ערגעץ פאַרשטעקט. פון די דעכער און דעכ־
לער, פון די ביימער האָט די נאַכט אַראָפּגעטריפט מיט פעטע
טראָפּנס חושך.

דער קיניג איז ניט אַרויף אויפן פּיעדעסטאַל כּדי אויסצושרײַען
זײַן פאַרדראָס און אַנטוישונג. ער איז בלויז אַרויפגעקראָכן אַהין,
כּדי איבערצוּוואַרטן ביז האַלבע נאַכט, ווען ער וועט זיך אומקערן
אין שלאָס. צווישן די צעשפּרייטע, פעסטע פיס פון דער סטאַטוע
מיט דער אויסגעשטרעקטער שווערד, גרייט אָפּצושלאָגן יעדער
סכּנה, האָט ער זיך געפילט זיכערער און באַשיצטער. די מידקייט
איז גובר געווען און דער קיניג איז פאַרזונקען געוואָרן אין אַ טיפן,
קלעפּיקן שלאָף.



צו מאָרגנס, ווען די צעטומלטע און פאַרסאָפּעטע הויפלייט
האָבן אים ענדלעך געפונען אויפן פּיעדעסטאַל פון זײַן אייגענער
סטאַטוע, איז ער נאָך אַלץ געשלאָפן. ס'האָט אָבער אויסגעזען, ווי
דער בראָנדזענער קיניג וואָלט אַ גאַנצע נאַכט זיך געאַמפּערט און
געראַנגלט מיט דעם קיניג פון בשׂר־ודם, און אים סוף־כּל־סוף
בײַגעקומען. דער זיגער מיט דער שווערד און דער באַזיגטער
אונטער דער שווערד האָבן צוזאַמען אַרײַנגעגליווערט אינעם רויט
פונעם אויפגייענדיקן טאָג.

# ס׳האָט געטראָפן, ס׳איז די מלכּה פונעם מלך אַנטלאָפן

### (אַ מעשׂהלע אַזאַ פון טויזנט־און־צוויי נעכט)

ס׳האָט געטראָפן, ס׳איז די מלכּה פונעם מלך אַנטלאָפן.
אוּוואַ, די מלכּה!

דער מלך, זאָגט זי, איז פּרעך און ווען קיינער הערט ניט, רעדט ער צו איר געמיינע רייד, ווי דער לעצטער לומפּ פון די הינטער־געסלעך.
אוי וויי, די מלכּה!

בײַ נאַכט, אין שלאָפקאַמער, איז נאָך ערגער. ווען מען טוט זיך אויס און מען גייט אין בעט אַרײַן — ערשט דעמלט גלוסט זיך אים, אַזוי נאַקעטערהייט, מיט זײַן גראָבן בויך, אַראָפּלאָזן זיך אויף אַלע פיר. אַרומקריכן אַרום בעט ווי אַ הונט און האַווקען ווי אַ הונט.
אוּוואַ, די מלכּה!

זי פאַרקוועטשט די אויגן ניט צו זען דאָס. זי פאַרשטאָפּט די אויערן דאָס ניט צו הערן.
אוי וויי, די מלכּה!

צום סוף רוקט ער זיך אַרײַן אין בעט אַ פאַרסאָפּעטער, אַ פאַר־שוויצטער און מיט פעטע פינגער שלעפּט ער זי צו זיך.
זי מיאוסט זיך. זי האָט דאָס געפיל, אַז זי טיילט איר געלעגער אויף אַן אמת מיט אַ הונט. זי שטופּט אָפּ פון זיך זײַן האָריק לײַב. עס העלפט ניט. דער מלך פאָדערט זײַנס. זי מוז נאָכגעבן.
אוי וויי, די מלכּה!

דער מלך, זאָגט דאָס פאָלק, זאָגן זײַנע ראַטגעבער, מיניסטאָרן, אַמבאַסאַדאָרן, פירט די מדינה מיט חכמה, מיט מידת־הצדק, לפי

מידת־הדין סײַ אין צײַט פון פרידן, סײַ אין צײַט פון קריג. ער געפינט אַפילו צײַט אויסצוהערן אַן אָרעם פויערל, וואָס קומט זיך באַקלאָגן, אַז אַ שכן האָט אים באַעוולט, אַרײַנגעדרונגען מיטן אַקער אויף זײַן בידנעם שטיקל ערד.

איז ווער וועט גלויבן דער מלכּה וואָס עס געשעט, ווען זי איז מיטן מלך ביחידות!?

אוווּאַ, די מלכּה!

ווער וועט איר גלויבן, אַז בשעת זיי זיצן אין דער קיניגלעכער לאָזשע — דער מלך — איז זײַן פּאַראַדנעם מלבוש, מיט דער קרוין אויפן קאָפּ און זי, די מלכּה — מיט דער גאַנצער פּראַכט פון צירונג, וואָס בלישטשעט און פינקלט פון איר אַראָפּ — בעת אַ פײַערונג, אַ נאַציאָנאַלן יום־טוב, אַ פעסטשפּיל, ווו טראָמפּייטן שאַלן, האַר־מאַטן קנאַלן לכּבוד דעם קיניגלעכן פּאָר, ווו עס טרעטן אויף זינ־גערס, טענצערס, אַקראָבאַטן. איז אין מיטן דערין קומט אים אָן דער חשק אַרונטערצורוקן זײַן האַנט אונטער איר ברייט צעשפּרייט קלייד.

אוי וויי, די מלכּה!

זײַן האַנט ווילדעוועט אַרום (אין געהיים. קיינער זאָל ניט באַמערקן. קיינער זאָל זיך ניט אָנשטויסן) אונטערן קלייד און מיט גרויס הנאה קנײַפּט ער זי און רײַסט שטיקער פון איר הינטערחלק און דערבײַ באַפעלט ער:

— שמייכל! לאַך! לאַך! שמייכל!

איז שמייכלט זי. איז לאַכט זי. כאָטש די געדערים קערן זיך אין איר איבער.

אוווּאַ, די מלכּה!

אַנדערש איז דער מלך צו דער קיניגין־מוטער. ער גיט איר אָפּ כּבוד. קושט איר האַנט מיט רעספּעקט. נייגט זיך און בייגט זיך אין דרײַען און וואַרט מיט הכנעה זי זאָל איר האַנט אַרויפלייגן אויף זײַן אַקסל.

אוי ווײ, די מלכּה!

און, להבדיל, צו זײַן פערד ווײַזט דער מלך אַרויס מער אײַנ־זען, מער פאַרשטענדעניש, מער צערטלעכקייט ווי צו איר.
אוווּאַ, די מלכּה!

אַפילו, אַז די מלכּה וועט פאַרשאַרצן איר בראָקאַרט־קלייד, אַראָפּלאָזן די זײַדענע אונטערהויזן און ווײַזן פאַר דער דינער־שאַפט, פאַר די הויפלײַט, פאַר סתּם פאַרבײַגייערס די בלויע סימנים, די רויטע פלעקן, די בײַלן, וואָס איר געזעצלעכער מאַן, דער מלך, האָט איר פאַרשאַפט, וועט מען זי אויסלאַכן. וועט מען פון איר אָפּשפּעטן. וועט מען זי פאַרשטיינערן.
איז די מלכּה אין איינער אַ נאַכט, אין איין העמד אויפן לײַב, באָרוועס אַנטלאָפן פונעם מלך, פונעם קיניגלעכן שלאָס.
די באַרעמהאַרציקע נאַכט האָט זי אַרײַנגענומען אין אירע אָרעמס, צוגעטוליעט צו זיך, באַהאַלטן הינטער אַ שוואַרצן פאָר־האַנג און קיינעם ניט אויסגעזאָגט דעם סוד אַוווּ די מלכּה איז אַהינ־געקומען.
אוי, די מלכּה, די מלכּה.

# אין זאַקסישן גאָרטן

אַרומגעשניטן איז דער זאַקסישער גאָרטן. פֿאַרשמעלערט גע־וואָרן. פֿאַרקלענערט געוואָרן. אײַנגעשרומפּן.

ניטאָ דאָס „וואַרעמהויז" פֿון גלאָז. פֿון מאַטאָווע גלאָז, וואָס האָט זיך געצויגן אין דער ברייט, אין דער טיף און אין דער הייך. דאָרטן, אינעווייניק, איז די לופֿט שטענדיק געווען פֿײַכט, שטענדיק דעמפּיק־הייס, שטענדיק האַלב־טונקל. פּונקט ווי עס דאַרף צו זײַן אין די טיפֿענישן פֿון אַ דזשונגל. עס האָבן ניט געפֿעלט קיין פּאַל־מעביימער, וויקל־געוויקסן, סכך, פּאַפּראַטניק, קלעטער־געצווײַג, בלומען וואָס האָבן געבליט בײַ נאַכט און בלומען וואָס האָבן זיך ערשט צעעפֿנט אינעם האַלבליכט וואָס די מאַטע שויבן פֿונעם דאַך און פֿון די ווענט האָבן אַדורכגעזייט פֿון דער דרויסנדיקער וועלט.

צווישן דעם פּלאַנטער פֿון געוויקסן און פֿון שטיינער האָט געריזלט אַ וואַסערל, וואָס באַהאַלטענע קראַנען האָבן עס גענערט און געזעטיקט, און גראָטעס און הייל̈ן האָבן זיך דאָרטן געפֿונען. איך האָב בעת יעדן שבתדיקן באַזוך אין גאָרטן אַראָפּגעגנידערט אין אָט דעם לאַבירינט פֿון די גראָטעס און היילן, כּדי אַרויסצוקו־מען אויף דער אַנדערער זײַט, ווו דאָס וואַסערל פֿאַרוואַנדלט זיך אין אַ וואַסערפֿאַלעכל. פֿון ביידע זײַטן וואַסערפֿאַלעכל — סקאַלעס. פֿון איין זײַט סקאַלע צו דער אַנדערער איז געווען פֿאַרוואָרפֿן אַ הילצערן בריקל. דאָס בריקל האָט זיך געהוידעט און געשאָקלט בײַם שטעלן אַ טראָט און געסטראַשעט יעדער מינוט זיך אײַנצו־ברעכן.

פֿאַר מײַן קינדערשן דמיון איז דאָס אַלץ עכט געווען. די

באַשרײַבונגען פון קאַרל מײַ און זשיל ווערן, די רײַזע־אַוואַנטו־רעס, זענען ווי אַרויסגעשפּרונגען פון די בּיכערזײַטן. כ׳האָב זיי געקאָנט גלײַך פאַרווירקלעכן אויפן אָרט. איך האָב זיך פאַרוואַנדלט אינעם דערוועגטן רײַזנדן. איך בין געוואָרן דער העלדישער דעראָ־בערער. דאָס איז אָבער געווען אַ דזשונגל אָן פייגל, אָן שלאַנגען, אָן ווילדע, צערייצטע חיות־רעות, וואָס זאָלן אַרויסשפּרינגען פון די הויכע קוסטעס און זיך וואַרפן אויף מיר, איך זאָל זיך מיט זיי אַמפּערן, ראַנגלען און איך זאָל זיי, פאַרשטייט זיך, צום סוף בײַקומען...

פונעם „וואַרעמהויז” איז קיין שפּור ניט פאַרבליבן. איצט שנײַדט דאָרטן דורך אַ טראַמוויי־ליניע. אָבער דער פאַנטאַן, דער פאַנטאַן אין דער הויפּטאַלעע, איז נאָך אַלץ פאַנטאַן, און דער דערבײַיִקער זונזייגער — נאָך אַלץ זונזייגער.

בעת מײַנע אַלטע פיס האָבן מיך צו דעם זייגער צוגעפירט, האָט זיך געצויגן אַ שיטערער רעגן פון אַ קאַלטן הימל. אַ פּײַכטער ווינט האָט מיך געוואָלט אַוועקיאָגן פונעם קײַלעכדיקן, שטיינערנעם ציפערבלאַט, וואָס אָן דער זון איז ער סתּם אַ קײַלעכדיקער, גרויער שטיין, און דאָס אײַזערנע הענטל, וואָס דאַרף ווײַזן די שעהען, איז ווי פאַראַליזירט און רוקט ניט זײַן שאָטן איבער די רוימישע ציפערן.

ווען כ׳בין אַ קינד געווען, האָט מיך די מאַמע געמוזט אונטער־הייבן, כ׳זאָל קאָנען זען דאָס אײַזערנע הענטל, און זען ווי דער שאָטן פונעם הענטל רוקט זיך פּאַוואָליע, פּאַוואָליע פון ציפער צו ציפער. כ׳האָב ניט תּופס געווען דעם צוזאַמענהאַנג צווישן דער זון, דעם אײַזן און די ציפערן. עס האָט ניט געהאָלפן דער מאַמעס אויפקלערונג. מײַן קינדערשער קאָפּ האָט עס בשום־אופן ניט צו־נויפגעבונדן מיט אַ זייגער. בײַ מיר איז אַ זייגער געווען דאָס זייַ־גערל אויפן קייטל, וואָס מײַן טאַטע האָט געהאַלטן אין וועסטל־קעשענע, אָדער דער שטייזייגער אין עסצימער, מיט די מעשענע געוויכטן און דעם מעשענעם אומרו.

איצט, אין אָט דעם רעגנדיקן פרימאָרגן, האָט מיך שוין קיינער ניט געדאַרפט אונטערהייבן צום ציפערבלאַט. כ׳האָב אויף אים

אַראָפּגעקוקט. דאָס פּנים און די אויגן זענען געווען נאַס, מן־הסתּם פון די רעגן־טראָפּנס.

דער גאָרטן איז ניט מער אַרומגענומען מיט קיין אײַזערנע שטאַכעטן. פרײַ פון אַלע זײַטן. פאַר אַלע ווײַטן. פאַר אַלע ווינטן.

אַ סך פון די ביימער זענען קאַליקעס. טראָגן נאָך סימנים פון פּאַר פערציק יאָר, פון די שראַפּנעלן, וואָס האָבן שטיקער פון זייער לײַב אַרויסגעריסן, צווײַגן צעקרימט, שטאַמען אײַנגעבראָכן. שי־טערער איז געוואָרן צווישן די ביימער, גראַמער געוואָרן, אָבער די ביימער שטייען און געדײַען. זיי ווינקען שוין מיט צענדליקער יונגע, גרינע אייגלעך. כאָטש עס רעגנט און עס ווינטלט זיך, איז דאָך פרילינג.

דער גאָרטן איז דאָ. די ביימער — פּאַראַנען. בלויז איך פעל. בלויז איך שפּיל זיך ניט מער מיט מײַנע חברימלעך אין יאָגעלעך און אין באַהעלטעניש. מען קאָן מיך ניט געפינען צווישן די אַלטע ביימערשטאַמען, הינטער די סטאַטועס פון דער הויפּטאַלעע, וואָס איטלעכע פון זיי סימבאָליזירט איינע פון די מוזעס.

איך זוך זיך אַרום. אפשר ליג איך באַהאַלטן אונטער איינער פון די גאָרטנבענק, אָדער גאָר אויף אַ שפּיץ פון אַ נאָך גאַנץ נאַקעטן בוים ?

ווען עס וואָלט נאָך עקסיסטירט די סאַזשלקע און אויף איר גערונצלטער אייבערפלאַך וואָלטן נאָך אַרומגעשווומען די צוויי ווײַסע שוואַנען, אפשר וואָלטן זיי מיך דערקענט ? כ׳האָב זיי דאָך געקאָרמעט מיט שטיקלעך חלה, וואָס די מאַמע האָט געהאַלטן אין איר יום־טובדיקן בײַטל.

מײַנע פיס נעמען מיך צו די „עלף טויערן״, דאָרטן ווו עס ליגט באַגראָבן דער „אומבאַקאַנטער זעלנער״, ווו עס ברענט דאָס „איי־ביקע פײַערל״ און ווו עס שטייען אומבאַוועגלעך פון ביידע זײַטן קבר צוויי זעלנערס. אין זייער פּאַרגליווערטקייט זעען די צוויי זעל־נערס אויך אויס ווי צוויי שטיינערנע סטאַטועס, וואָס האַלטן צוויי שטיינערנע ביקסן אויף די שטיינערנע אַקסלען. אויך די ווײַסע הענטשקעס אויף זייערע הענט מאַכן דעם אײַנדרוק ווי פון ווײַסן שטיין אויסגעהאַקט.

פון די אַמאָליקע „עלף טויערן" האָב איך בלויז געפונען דרײַ, אָבער די צוויי זעלנערס, וואָלט איך געשווירן, זענען די זעלבע ווי מיט איבער פערציק יאָר צוריק.

עס בליצט אין מיר אויף אַ געדאַנק, אַז ניט קיין „אומבאַקאַנ־טער זעלנער" ליגט אונטער דער גראַניטענער פּליטע, און ניט פּאָר אים טליִעט און מיגניעט און ראַנגלט זיך מיטן ווינט דער נר־תּמיד, נאָר מײַנע קינדער־יאָרן געפינען זיך דאָרטן, און דער שווערער, שוואַרצער גראַניט מיט דער גאָלדענער אויפשריפט דריקט אויף זיי.

דערווײַל קאַפּעט דער רעגן און קאַפּעט. דער ווינט טרײַבט מיך שוין ווידער: — רוק זיך אָפּ — ברוגזט ער זיך — גיי פון דאַנען! די ביימער דאַרפן באַלד אויפבליִען. די פרילינגזון דאַרף באַלד אויפשטיין. עס וואַרטן שוין קינדער אין די נײַע הײַזערבלאָקן. זיי האָבן שוין ניט קיין געדולד. זיי רײַסן זיך שוין צו קומען נאָכן לאַנגן ווינטער אינעם אויף ס'נײַ צעגרינטן גאָרטן. זיי ווילן זיך שוין שפּילן מיט זייערע חברימלעך אין יאָגעלעך און אין באַהעלטענישן!

## מײַן שטיל געסל וואַליצעוו

פון מײַן שטיל געסל וואַליצעוו האָבן זיך אַלע הײַזער פון אַ מאָל אָפּגעטראָגן, צוזאַמען מיט די טראָטואַרן און לאַמטערנס.

בלויז איין הויז, אַן איין־און־איינציק הויז האָט זיך אַנטקעגנ־געשטעלט יענעם וויכער. ס'קאָן אָבער זײַן, אַז יענער פײַערבראַנד האָט עס אומישנע איבערגעלאָזט, כּדי די קומענדיקע דורות זאָלן קאָנען פון דער נאָענט אַרײַנקוקן דער אימה אין פּנים און מיט אייגענע הענט אָנטאַפּן דעם איבערבלײַב פון צעלעכערטע ציגל, אָפּגעבראָכענע גזימסן, טירן אָן קליאַמקעס, פענצטער אָן באַלקאָ־נען, דעכער אָן קוימענס — און זיך איבערצײַגן, אַז דאָס וואָס איז געווען, אַז דאָס וואָס איז געשען מיט העכער פערציק יאָר צוריק איז ניט אויסגעטראַכט.

אין מויל פון מײַן שטיל און זײַטיק געסל וואַליצעוו האָט מען שוין באַוויזן דורך די יאָרן אַרײַנצושטעלן צוויי שורות אידענטישע,

ווײַסע בלאָקנציינער און איך וואָלט מײַן געסל ניט דערקענט. אָבער צווישן אָט די נײַע געבײַדעס שטייט זיך דאָס איין־און־איינציקע הויז ווי אַ שוואַרצער, צעפוילטער צאָן, וואָס טוט שוין מער ניט וויי, אָבער זײַן פאַרחושכטער, צעשטשערבעטער שאָטן לייגט זיך אויף די הײַזער אַרום אים, און די גאַס קאָן דאָס מויל ניט עפענען.

דאָרטן ווו עס איז געשטאַנען דאָס הויז פון מײַן יוגנט, געפינט זיך אַן אַנדער הויז. אַ פּאַרנעמיק הויז. אַ ברייט הויז. אַ הויז מיט אַ פּאַרקן און מיט אַ שומר בײַם אַרײַנגאַנג. אַ הויז ווו מע פּראָדוצירט און מע שטאַנצט אויס געלט. פּאַפּירן געלט און מטבעות. זאָל איך זאָגן, אַז יעדער אויסגעשטאַנצטער גראָשן, וואָס שפּרינגט אַרויס פון דער מאַשין, האָט אין זיך אַ סובסטאַנץ פון מײַנע קינדער־יאָרן, און ווער עס נעמט צי באַקומט אַ מטבע אין האַנט, באַקומט עפּעס פון מיר און ער ווייס אַפילו ניט דערפון?

איך וויל צוגיין צום פּאַרקן. בעטן בײַם שומר ער זאָל מיך אַרײַנלאָזן אין בנין, כ׳זאָל מײַן אויער צולייגן צום צעמענטענעם דיל און זיך אײַנהערן אין די פונדאַמענטן אויף וועלכע עס שטייט די נײַע געבײַדע. אפשר וועל איך פון דאָרטן אויפכאַפּן אַ קרעכץ, אַ זיפץ, אַן אָפּגעהאַקטן געפליסטער. עס סטײַען מיר ניט צו דעם די כּוחות.

איך וויל אויפשרײַבן אויפן פּאַרקן דעם נאָמען פון מײַן טאַטן, דעם נאָמען פון מײַן מאַמען, דעם נאָמען פון מײַן שוועסטער, דעם נאָמען פון מײַן שוואָגער, די נעמען פון זייערע דרײַ קינדער. אויך דאָס טו איך ניט.

איך שטיי אַזוי און קוק אויף מײַן געסל מיט פּוסטע אויגן, ווי איך וואָלט זיי שוין פון לאַנג ניט גענוצט. ווי די אויגן וואָלטן געווען צוויי באַטעריעס, וואָס האָבן זיך, ניט־געניצטערהייט, פון זיך אַליין אויסגעברענט.

איך רעד צו מײַן געסל הויך אויפן קול און עס דאַכט זיך מיר, אַז מײַנע רייד קומען ניט פון מיר, נאָר פון עפּעס אַן אויסהוילעניש.

מײַן נשמה געפינט זיך דאָ אויפן אָרט און מײַן גוף געפינט זיך ערגעץ אַנדערש. פון יענער זײַט גאַס, אָדער פון יענער זײַט

וועלט, און עס איז אַ ספק צי מײַן נשמה וועט זיך וועלן ניט איז צונויפהעפטן מיט מײַן גוף.

## דאָרט ווו מען האָט מײַן טאַטן דערהרגעט

די גאַס הייסט הײַנט פּרץ־גאַס. פֿאַר מיר איז זי נאָך אַלץ די צעגלאַנע, כאָטש קיין איין הויז, קיין איין הויף, קיין איין קלייטל, קיין איין שילדל, קיין איין שטיינדל פֿון ברוק דערמאָנט ניט אַז דאָס איז טאַקע די צעגלאַנע־גאַס.

די גאַס הייסט הײַנט פּרץ־גאַס. ס'איז אַ נײַע, ברייטע גאַס, פּונקט ווי ס'רוב וואַרשעווער גאַסן. פֿאַר מיר אָבער איז זי און וועט שוין אַזוי פֿאַרבלײַבן — די צעגלאַנע־גאַס.

דאָ איז עס. איך שפּיר און איך פֿיל און איך ווייס, אַז אין מיטן פֿון אָט דער נײַער גאַס יאַטערט מײַן אַלטע וווּנד. אויף דעם אַ שטיקל ברוק האָבן די גרין־מונדירטע דײַטשן מײַן טאַטנס ברוסט אַדורכגעלעכערט מיט אַ קוילנזאַלפּ.

אונטער מײַנע טריט געפֿינט זיך ניט דער אַספּאַלט פֿונעם ברוק, נאָר מײַן שאַרבן. איך טרעט איבערן אייגענעם מוח. די זכרונות טוען מסובן ווײ.

איצט איז סוף טאָג. די פֿרילינגזון נייגט זיך צו מערב. און דעמאָלט, דעמאָלט ווען מײַן טאַטע האָט דעם לעצטן אָטעם אויסגע־הויכט, איז געווען נאַכט, ס'האָט גערעגנט. אַלע לאַמטערנס — בלינד. אַלע טויערן — טויב. אַלע פֿענצטער — שטום. דאָס הייסע בלוט פֿון מײַן טאַטן איז פֿון אים אַרויסגעפּלאָסן און מיטן קאַלטן רעגנשטראָם אָפּגעשווומען, אָפּגערונען צום רינשטאָק.

מענטשן, לאַכט ניט אין אָט דעם לויטערן סוף־אַפּריל־פֿאַרנאַכט פֿון מיר, וואָס כ'בייג זיך אַזוי נידעריק אַראָפּ צום פֿוסטן ברוק. וואָס כ'שטרעק אויס מײַנע זקנישע הענט, נעם אַרײַן אין די אָרעמס און טוליע צו זיך די ליידיקייט!

פֿאַרבײַגייערס, שטוינט ניט און וווּנדערט זיך ניט, וואָס איך קני דאָ אין מיטן גאַס און מורמל דאָ מיט צעשפּאָלטענע ליפּן און

שעפּטשע אַרײַן אין די אויערן פון דער לופט אָפּגעהאַקטע ווערטער, אין אַ לשון וואָס איז שוין דאָ צענדליקער און צענדליקער יאָרן ניט געהערט געוואָרן. איך בין ניט חסר־דעה. דאָס בייג איך דעם ווײַסן קאָפּ און בוק זיך צו דער אַספאַלטיקער גרויקייט. איך, דער אַלט־געוואָרענער זון פונעם יונגן טאַטן, וואָס יענע באַשטיוולטע האָבן אויף אָט דעם האַרטן באָדן אים אָנגעפּילט מיט קוילנשרויט.

די זון איז ענדלעך אַראָפּגעזונקען. דער ערשטער לאַמטערן — זיך אָנגעצונדן. די באַוועגונג אויף דער פּרץ־גאַס ווערט שיטערער און דער שטויב פון ברוק אויף מײַנע ליפּן — ביטער און ביטערער.

מײַנע בליקן גליטשן זיך פון איין באַלויכטן פענצטער צום צווייטן, פון איין באַלקאָן צום אַנדערן, און אין ערגעץ טוען זיי זיך ניט פאַרהאַלטן.

## אויף דער זשאַביע־גאַס וואָס עקסיסטירט ניט מער

ס׳איז אַפּריל. נאָכן נעכטיקן רעגן איז די זון נאָך געגוג בלייך. זי פאַרגינט זיך אָבער שוין צו געבן אַ וואַרעמערן שמייכל. אַלע פענצטער פון די שטאָקן און אַלע שויפענצטער פון די דאַמענהוט־געשעפטן פון דער שוין־ניט־מער־עקסיסטירנדיקער זשאַביע־גאַס קוקן אַריבער צו דיביימער פון זאַקסישן גאָרטן, צו זען צי די קאַשטאַנביימער לאָזן אַרויס די ערשטע קנאָספּן.

ס׳פאָרט פאַרבײַ דער פאַרמלחמהדיקער רויטער טראַמווײַ, מיט זײַן קלונג און זײַן רעדערגרילץ בײַם אויסקערעווען זיך צום באַנק־פּלאַץ.

עס קומען אָן אויף גומענע רעדער ניט־פאַראַנענע דראָזשקעס. די רעדער קײַקלען זיך שטיל, אָבער די פערדישע פּיס קלאַפּן אויס אויף די שטיינקאָסטקעס פון ברוק דעם געמיטלעכן ריטעם פון שפּאַצירנדיקע פאַסאַזשירן.

אויף דער אָפּגעמעקטער זשאַביע־גאַס באַווײַזט זיך אַ פּורל מיט אַ קאַסטן פריש־אויסגעגראָבענער ערד און דאָס פּויערל רופט צו די באַלקאָנען:

— ערד, ערד פֿאַר בלומענטעפּ, פֿאַר וואַזאָנען!

און נאָך אַ סימן האָב איך געפֿונען אויף דער ניט־פּאַראַנע־נער זשאַביע־גאַס, אַז עס איז שוין אויף אַן אמת געקומען דער פֿרילינג: די שכנה פֿון צווייטן שטאָק איז אַראָפּגעקומען מיטן וועגעלע, אויף וועלכן זי פֿירט איר פּאַראַליזירטע מאַמע. איר מאַמעס פּנים איז אַזוי בלייך, ווי דאָס בעטגעוואַנט און די קישנס, וואָס עמעצער האָט אַרויסגעהאַנגען אויף אַ באַלקאָן צום לופֿטערן.

אַ ייִנגעלע לויפֿט אַרויס פֿון הויף אין גאַס אַרײַן, קאָלערט אַן אײַזערנעם רייף און איך, דער אַלטער נאַר, מיט צוויי רייפֿן אונטער די אויגן, האָב געוואָלט דעם ייִנגעלע נאָכלויפֿן, כאָטש איך ווייס אַז דאָס ייִנגעלע איז ניטאָ, פּונקט ווי די צוויי מיידעלעך אין די שוואַרצע שול־פֿאַרטעכלעך מיט די ווײַס־אַרויסגעלייגטע קעלנער־לעך און מיט די טאָרניסטערס אויף די פּלייצעס, וואָס שטעלן זיך אָפּ בײַ די שויפֿענצטער און גאַפֿן אויף די פּרויענהוטן, זענען בלויז אַן אויסדאַכטונג.

דאָס גאַנצע בילד איז אַזוי געוויינטלעך, אַזוי באַנאַל, אָבער אַ באַנאַלקייט וואָס האָט אויסגעהאַלטן אַלע פּראָבעס פֿון דער צײַט.

## אויפֿן גענשער בית־עולם

ווילסטו זיך טרעפֿן מיט ייִדן — גיי אויפֿן גענשער בית־עולם.
ווילסטו זײַן מיט ייִדן — לאָז זיך צום גענשער בית־עולם.
ווילסטו זיך פֿרייען מיט ייִדן — נאָר אויפֿן גענשער בית־עולם.
ווילסטו זיך אויסטענהן מיט ייִדן, אויסוויינען זיך פֿאַר ייִדן — צום בעסטן אויפֿן גענשער בית־עולם.

דאָס לעבעדיקסטע אָרט, וווּ ייִדן שטייען אין אַ געבענטשטער ענגשאַפֿט — איז אויפֿן גענשער בית־עולם.

קיינער אויף קיינעם באַקלאָגט זיך ניט. קיינער אויף קיינעם האָט ניט קיין פּאַראיבל. דער מיט גרינעם פּליוש פֿאַרוואָקסענער אוהל פֿון אַ גוטן־ייִדן (אויסגעפּילט מיט קוויטלעך און מיט זיפֿצן), האָט שוין פֿון לאַנג שלום געמאַכט מיט די פּוילישע אויסגעקריצטע

נעמען פון די מאַלגאַזשאַטעס, מאַטילדעס, רעבעקאַס. איזידאָרס, האָראַציס, אַלאָיזיס. ער דרייט ניט אַוועק זײַן אוהלדיק פענצטערל און די זשאַווערנדיקע טיר פון די אָפּגעפּרעמדטע ניפטרים. זיי זענען סײַ ווי ייִדן. מער פון די נײַן איילן פאַרמאָגט קיינער ניט. דאָס זעל־ביקע פאַרן גביר און פאַרן קבצן, פאַרן גנב און פאַרן ערלעכן, פאַרן יונגן און פאַרן אַלטן. אַלע איבערגעבעטן זיך. אַלע אויסגעלייטערט. אַלע — באַרויִקט. אַ רו וואָס ציט זיך, וועבט זיך און שפּינט זיך —

**פון שורה צו שורה,**
**פון מצבה צו מצבה,**
**פון שטיין צו שטיין,**
**פון סטעזשקע צו סטעזשקע.**

זוכסטו רבנים, רביים, צדיקים, דיינים, גבאים, חזנים, שוחטים — אָט זענען זיי פאַר דיר!

ווילסטו פּראָפעסאָרן, דאָקטוירים, אַספּיראַנטן, אַדוואָקאַטן, באַנקירן, פאַבריקאַנטן — אויך דאָס איז בנימצא.

ביסט פאַראינטערעסירט אין דענקערס, שרײַבערס, פּאָעטן, רע־דאַקטאָרן, קאָמפּאָזיטאָרן, אַרטיסטן, זינגערס, פידלערס, מאָלערס, סקולפּטאָרן, היסטאָריקערס, שפּראַכפאָרשערס, שפּראַכשאַפערס, פּאַרטיי־מנהיגים, רעדנערס, רעציטאַטאָרן, טרובאַדורן, אָרטאָדאָקסן און פרײַדענקערס, אַסימילאַטאָרן, יאַהודים און פּאָליאַקן פון משהס גלויבן מיט פראַק און צילינדער צו דער שבתדיקער תּפילה אין דער סינאַגאָגע. אַנאַרכיסטן, קאָמוניסטן, ביתּריסטן, בונדיסטן און פּועלי־ציוניסטן — פאַר זיי איז אויך דאָ פאַראַן פּלאַץ. קאָנסט אָנרירן מיט דײַן הייסער האַנט זייער קאַלטן שטיין. זיי וועלן דיך ניט אָפּשטויסן, ניט דערווײַטערן. ס'איז אַן אייגענער צו אייגענע געקומען. זיי וואָלטן צו דיר אַ שמייכל געטאָן. אָפּגעגעבן אַ ברייטן שלום־עליכם, נאָר די שטיינפּלאַסטן דערלאָזן עס ניט.

זיי ווייסן אַז מחוץ די מויערן פון בית־הקברות וועל איך זיך פילן עלנטער, פרעמדער, פאַרשטויסענער. אַז פון יענער זײַט מויער איז דאָס ייִדישע לעבן — טויט, און בלויז דאָ איז דאָס איינציקע אָרט ווו די טויטע לעבן.

אײַל איך זיך ניט. זעץ זיך צו אויף אַ באַנק. שפּאַר זיך אָן אין

אַ בוים. בייג זיך אַראָפּ איבער אַ שטיין. באַהעפט אַן אות צו אַן אות — און עס באַקומט זיך עמעצנס אַ נאָמען. דער וועמענס נאָמען כ׳האָב נאָר וואָס אַרויסגעבראַכט אויף מײַנע ליפּן ענטפערט מיר יאָ און ענטפערט מיר ניט. אַלץ איינס. עס איז מיר גוט מיט אים. מיט זיי. זיי זענען אין מיר און אַרום מיר, כאָטש אַלץ איז דאָ אַזוי שטום. אַלץ איז דאָ אַזוי אומבאַוועגלעך. ניטאָ מער קיין לוויות. ניטאָ ווער עס זאָל שטאַרבן. ניטאָ מער קיין באַגרעבערס, קיין טהרה־שטיבל, קיין באַגלייטערס, קיין באַוויינערס. קראָען מיט אַ פּינצטערן געשריי פליִען פון בוים צו בוים. בלויז זיי זענען אין שטענדיקן באַוועג. אין שטענדיקן געדריי.

און איך שטיי. און איך וואַרט. אויף וואָס וואַרט איך? איך ווייס ניט. עס איז שוין באַלד נאַכט. באַלד ווערט דער טויער פון בית־החיים מיט אַ שלאָס פאַרמאַכט.

גיי איך. איין שורה גיט מיך איבער צו אַן אַנדערער שורה. איין בוים צו אַן אַנדערן. דער טויער פאַרמאַכט זיך אַן רויש און אַן רעש.

פונעם טונקל געוואָרענעם בית־הקברות באַגלייט מיך אַ ליכט־זײַל און די העל באַליכטענע גאַס וויקלט מיך אַרום און אַרום מיט חושך.

# אין אַ וואַרשעווער שפּיטאָל נאָך אַ באַזוך אין טרעבלינקע

אַן איינצל־צימערל. אַן איינצל־בעט. ווײַסע ווענט. בלייכע הענט. פון קאָרידאָר הערט מען טריט. מע פירט דאָרט וועגעלעך מיט קראַנקע. די טיר האָט אַ שלאָס. די טיר אײַלט זיך ניט אויפצו־מאַכן. די שטילקייט איז סטעריל און קיל — ניט ווי דער גוף. דער גוף, דאָס מויל, די אויגן פיבערן. די שטילקייט ציילט מיט קאַלטער רו די שעהען און קאָן זיך ניט דערציילן צום פאַרטאָג.

די בליקן פאַרען מיט היץ. זיי טוקן זיך. פאַרציען זיך מיט אַ

לײַכטן וואָל. דער וואָל טרעט אָפּ. די אויגן גלאַנצן ווידער אויף. זיי וואַנדערן איבער דער ווײַסער גלאַטיקייט פונעם סופיט און פאַרהאַלטן זיך בײַ אַ געלבלעכן רעגן־פלעק. אינעם שוואַכן ליכט פון אַ זײַטיק עלעקטריש לעמפל באַקומט דער צעגאָסענער פלעק די קאָנטורן פון אַ מענטשלעכן קאָפּ — אַ נאָז, אַ מויל און ווו די אויגנלעכער דאַרפן זײַן, איז די געלבקייט טונקעלער. דאָס פּנים בײַט דעם אויסדרוק. אָט שמייכלט עס און אָט בלײַבט דאָס מויל אויפגעריסן, צעקרימט און אומבאַוועגלעך ווי אַ פאַרצײַטישע טעאַטער־מאַסקע.

עס איז ניט קיין טעאַטער־מאַסקע, נאָר מײַן שוועסטערס פּנים. אירע לאַנגע האָר אין ווינט. אירע לאַנגע פינגער טריפן מיט פורפור פון פאַרגאַנג. זי טראָגט צו מײַנע פאַרבאַקענע ליפּן אַ פלעשעלע מאַלינע־סאָק. איך פיל אויף מײַן גומען דעם ביטערן טעם פון אַש.

די לאַנגע האָר פון מײַן שוועסטער שרומפּן אײַן. ווערן קורץ, ווערן קליין, ווי קליין עס זענען די צוגעשוירענע וואָנצעלעך פון מײַן טאַטן און שוין קוקט אויף מיר די מאַמע און ווידער די שוועסטער און ווידער דער טאַטע.

סאַראַ גליק! סאַראַ אויפרודערנדיקע, שטיקנדיקע פרייד וואָס אַלע מײַנע ליבסטע זענען זיך דאָ צונויפגעקומען!

דער טאַטע האַלט אין זײַנע הענט אַ הילצערן פערדל. דאָס פערדל האָט אַ זילבערן ציימל מיט אַן אָפּגעבראָכענעם אויער און צוגעפּעסטיקטע צוויי ביעגונעס צו די פיס, אויף צו קענען זיך הוידען אויף אים הין־און־צוריק, בעת מען זיצט אין זאָטל.

— טאַטע, טאַטע — וויל איך אים זאָגן — אין טרעבלינקע דאַרפן קינדער ניט קיין שפּילצײַג — נאָר כ׳זאָג אים גאָרניט.

מײַן שוועסטערס לאַנגע האָר זענען מער ניט קיין האָר נאָר נאַקעטע, שטײַפע ריטלעך פון אַן אויסגעטריקנטן בוים. פונעם בוים הענגט אַראָפּ אַ פּעטליע און אין דער פּעטליע באַמבלט זיך און וויגט זיך דער קאָפּ פונעם הילצערן פערדל, פונעם הילצערן פערדל וואָס דער טאַטע האָט געבראַכט אויף צו משמח זײַן זײַן בן־יחיד...

נאַכט. די שפּיטאָל־שטילקייט ציילט מיט קאַלטער רו די שעהען און קאָן זיך ניט דערציילן צום פאַרטאָג.

# אויף מאַרשאַלקאָווסקע אין אַ געשעפט פאַר טוריסטן

אויף מאַרשאַלקאָווסקע, אין אַ געשעפט פאַר טוריסטן, ווײַזט מיר די בלאָנדע פאַרקויפערין לויוויטשער ליאַלקעס, זאַקאָפּאַנקעס, קראַקאָוויאַנקעס.

זי רעדט מיר אײַן — שיינע ליאַלקעס!

זי רעדט מיך צו — שלאַנקע ליאַלקעס!

זי האָט שוין באַלד דעם גאַנצן שפּײַכלער מיט שמייכלען אויף מיר פאַרניצט.

אַזאַ טוריסט, אַזאַ איבערקלײַבער — נאָך נישט געזען. נאָך נישט געטראָפן.

אפשר וויל דער פּאַן סערוועטקעס. האַנטאַרבעט ערשטער סאָרט. סערוועטקעס. סערוועטלעך. סערוועטן?

איך בייג זיך אָן. איך ריר זיי אָן. איך באַטאַפּ די סערוועטן פון אַלע זייטן.

— דער פּאַן וועט אין זיי נישט געפינען קיין פּגם!

איך קאָן דעם יונגן מיידל מיט די העלע אויגן נישט דערקלערן, נישט געבן צו פאַרשטיין, אַז דאָס געשטריקעכץ איז מלא־חן — נאָר נישט דאָס זוך איך. נישט דאָס וויל איך. נישט דאָס בין איך אויסן.

עס פעלן מיר די שרעטעלעך, בוקעטעלעך און פייגעלעך וואָס מײַן שוועסטער האָט געשטריקט, געהאָפטן און געשפּונען.

איך וויל איר דאָס זאָגן, נאָר כ׳זאָג נישט. זי וואָלט מיך מן־הסתּם אָנגעקוקט פאַרחידושט, אַ מורמל געטאָן: כ׳באַדויער — און דערבײַ זיך געטראַכט: דער מענטש איז אַראָפּ פון זינען.

— אפשר וויל דער פּאַן אַ טעלער פון קעראַמיק. זילבערנע לײַכטערס. אַ סערוויז פון קרישטאָל? כּדי כ׳זאָל חשק האָבן צו קויפן, גיט זי פאַרטרוילעך צו — ס׳איז נישט קיין איצטיקער טאַנדעט. ס׳איז אַן אויסאַרבעטונג פון אַמאָל!

אויב איך וויל נישט דעם סערוויז, איז זי גרייט מיר פאָרלייגן אַ וואַנטזייגער מיט אַ מעשענער קייט און אַ מעשן געוויכטל.

כ׳האָב פאַרשעמט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און דרך־אגב אַרויס־געשטאַמלט אָן שום פאַרבינדונג מיטן זייגער, קייטל און געוויכטל:

— גראָד הײַנט אין דער פרי האָב איך אין טרעבלינקער וויס־טעניש פון גרויע, רויע שטיינער אָנגעצונדן אַ ליכטל.

זי איז געבליבן שטיין. זי איז געבליבן שטיל. זי איז געבליבן שטום.

כ׳האָב זיך פאַר איר העפלעך פאַרנייגט, באַדאַנקט, אַנטשול־דיקט און איר צוגעזאָגט אַז מאָרגן, איבער מאָרגן, אַלע מאָל, קיין מאָל קום איך מיט מײַן שוועסטער און זי, מײַן שוועסטער, וועט מיר העלפן אויסקלײַבן די וויכטיקסטע, די ריכטיקסטע מתּנות.

# בײַם דענקמאָל פון אַדאַם מיצקעוויטש

פאַרגיב מיר, גרויסער פּאָעט, מיט דער פאַרוואָרפענער פּעלע־רינע אויפן לינקן אַקסל און מיט דער רעכטער האַנט צום האַרץ גענייגט.

זײַ מוחל, איידעלער זון פון פוילנלאַנד, וואָס כ׳וואַג קומען צו דיר און אַראָפּרעדן זיך פון האַרץ ביי דײַן הויכן פּיעדעסטאַל, פון וועלכן דו נעמסט אַרום מיטן בליק די אויפגעריכטע וואַרשעווער גאַסן און פּלעצער.

כ׳צווייפל צי דו וועסט מיך הערן. כ׳בין מסופּק צי וועסט מיך פאַרשטיין. דײַנע אויערן זענען פון שטיין און דײַן בליק פון שטיין. איך וועל זיך אָבער נישט רירן פון אָרט און ווײַטער שטיין. ווײַטער פּרעפּלען אויף די טרעפּלעך פון דײַן מאָנומענט. עס שטרויכלען מיר די פיס, נאָר כ׳וועל זיך אָנשפּאַרן אָן דיר מיט מײַנע ציטערנ־דיקע הענט.

ס׳איז שוין פאַר נאַכט. דער טאָג צאַנקט אויס. דער צווייאָרעמ־דיקער לאַמטערן, די אַרומרינגלונג פון אײַזערנע שטאַכעטן מיט

אײַזערנע גירלאַנדן און די עטלעכע ביימער װעלן אויך בײַ נאַכט דיך היטן, איבער דיר װאַכן.

װען ס׳זאָל עמעצער פֿון דער זײַט הערן װי אין דעם בין־השמ־שות טו איך צו דײַן שטײנערנער פֿיגור אַרױפֿשטאַמלען, װאָלט ער זיך צעלאַכט און נישט אױפֿגעהערט לאַכן.

דו ביסט אָבער דער אײן־און־אײנציקער אין אָט דער שטאָט פֿון מײַן געבױרן, װאָס איז מיר באַקאַנט, װאָס כ׳קען און געדענק פֿון מײַנע פֿריסטע קינדער־יאָרן.

מעגלעך אַז אױך דו דערמאָנסט זיך יענעם ייִנגל, װאָס האָט צו דיר גערעדט פּויליש מיט אַ ייִדישן אַקצענט און דיר פֿאַרטרויט אַ סוד, אַז אויך ער װיל אַ מאָל זײַן אַ שרײַבער, אַזוי װי דו, נאָר אַ שרײַבער, װאָס שרײַבט פֿאַר ייִדן — ייִדיש.

כ׳בין הײַנט פֿון גאַנץ פֿרי געגאַנגען גאַס־אײַן, גאַס־אויס. פֿאַר־האַלטן זיך אויף סקװערן. געקראַכן אין גערטנער, געגנישטערט אין די אַלעען. כ׳האָב אָפּגעשטעלט צענדליקער מענטשן. אַרײַנגעקוקט אין צענדליקער פּנימער, אין צענדליקער אױגן.

קײן אײן פּנים איז נישט געװען פֿון מײַן מאַמען, פֿון מײַן טאַטן, פֿון מײַן שװעסטער און שװאָגער, פֿון מײַנע פֿעטערס, מומעס, קוזי־נען און קוזינקעס. קײן אײן פּאָר אויגן — פֿון שכנים, חברים און חברטעס, פֿון מײַנע לערערס, פֿרײַנד און באַקאַנטע.

איז פֿאַרגיב מיר, גרױסער פּאָעט, פֿאַרן צעטרײסלען דיר די רו. פֿאַר דער חוצפּה צוצורירן זיך צו דײַן גלאָריע. אין די לעצטע גסיסה־װײען פֿונעם אויסגײענדיקן טאָג טוליע איך מײַן קאָפּ צו דײַן געװאַנד — איז שטויס מיך נישט אָפּ! חוץ דיר האָב איך שוין נישט קײנעם מער אין אָט דער ליב־פֿאַרהאַסטער, פֿרעמד־אײגענער שטאָט!

## מיקאָלאַי קאָפּערניק

װען די דײַטשן זענען באַפֿאַלן פּוילן, באָמבאַרדירט װאַרשע, איז ער אין דער הײך געזעסן. ער, דער שטײנערנער קאָפּערניק,

אויף זײַן שטיינערנער שטול, פאַרטיפט אין רעיונות פון עולם־התחתון און עולם־העליון, כאָטש אַרום אים האָבן זיך געהערט די ערשטע אויפרײַסן. די ערשטע הײַזער האָבן זיך אָנגעצונדן. די ערשטע מענטשן געפאַלן.

ווען די דײַטשן האָבן דעם וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד מיט גאַז און פײַער דערשטיקט. ווען נאַכט נאָך נאַכט האָט זיך דער הימל געררויטלט, דער רויך און די סמאַליענדיקע ריחות זענען אַריבער די געטאָווענט און געוואָרנט די איבעריקע שטאָטטיילן, אַז אויך זיי וועלן טיילן דעם זעלבן גורל — האָט דער שטיינערנער אַסטראָנאָם, דער זון פון דער פוילישער אומה, ווײַטער גערוט אין זײַן טיפן פאַטעל.

ס'איז געווען אַ ספק צי זײַנע נאָזלעכער האָבן געשפּירט. צי זײַנע אויגן האָבן געזען. צי זײַנע חושים האָבן באַנומען וואָס עס געשעט אַ פּאָר טריט פון אים. הינטער די געטאָ־מויערן.

זײַנע מחשבות האָבן מן־הסתם ווײַטער געבלאָנדזשעט פונעם רויִנען־לאַנד אַרויף, אַרויף צום הימלראַנד און העכער נאָך און טיפער נאָך אין די הימלישע ספערן פון זונסיסטעם און סיסטעם פון שטערן.

ווען די דײַטשן האָבן דעם פוילישן אויפשטאַנד אין אייגענעם בלוט פון די פוילישע בירגערס דערטרונקען, די גאַסן פאַרוואַנדלט אין בערג, די פלעצער — אין גריבער, ווען אַפילו אין די דענק־מעלער פון פוילנס הויפּטשטאָט זיך נוקם געווען:

**די זיגמונט־קאָלומנע אומגעשלײַדערט**
**די באָגוסלאַווסקי־פיגור — אויפן טעאַטער־פּלאַץ — צעשטערט**
**דעם מיצקעוויטש־מאָנומענט אַראָפּגעוואָרפן פון זײַן פּיע־דעסטאַל**
**און אַראָפּגעוואָרפן**
**דעם פירשט פּאָניאַטאָווסקי פונעם פערד (אין דער רוימישער טאָגע און רוימישן ברוסטפּאַנצער) מיט דער אויסגעשטרעק־טער שווערד**

האָבן זיי נאָר אים, מיקאָלאַי, דעם געאַכפּערטן אַסטראָנאָם, ווי

נישט באַמערקט. ער איז אפשר נישט געווען קיין סטראַטעגישער פונקט אינעם נישט־גלייכן קאַמף און מעגלער, אַז זיי האָבן אים פשוט געשווינט, ווײַל עמעצער אין בערלין האָט באַשלאָסן אַז אין די אַדערן פונעם געלערנטן קאָפּערניקוס איז געפלאָסן אַ שמץ פון דײַטשיש בלוט.

עס האָט אויסגעזען אַז ער, קאָפּערניק, דער ערן־בירגער פון דער שטאָט, איז אויסער צײַט און אויסער אָרט. עס האָט געפעלט זײַן מוסר זאָגן, זײַן שטראָפנדיק וואָרט. זײַן שטיינערדיק געדולד האָט נישט געפּלאַצט. זײַן פאַרשטיינט האַרץ איז פון דער האַרטער ברוסט נישט אַרויסגעשפּרונגען. ער האָט זיך נישט אויפגעשטעלט פון זײַן סטאַטישן גליוּוער און נישט אויפגעהויבן צו אַלע עקן וועלט דאָס סאַמע לעצטע, דאָס ענדגילטיקסטע, דאָס סאַמע אויפטרייסלענדיקסטע געשריי פון וואַרשע, דער שטאָט וואָס פון איר איז געבליבן בלויז שטויב, בלויז רויך און פונקען.

איצט, בײַ מײַן באַזוך, ווען אַלץ איז שוין אין דער שטאָט אויבנאויפיק פאַרבויט, איבערגעבויט, צוגעבויט, אויפגעבויט — בין איך אים געגאַנגען זען, דעם באַגרינדער פונעם ערדגעדריי אַרום דעם קײַלעך פון דער זון.

ער האָט מיך אויפגענומען גאַנץ גלײַכגילטיק. גאַנץ קאַלט. ער איז שוין צו אַלט — האָט ער מיר געגעבן צו פאַרשטיין דורך זײַן פאַרטיפט שווײַגן און מידער פאַרטראַכטקייט — צו אַלט און צו פיל געזען דורך זײַן לאַנגער פאַרשטיינערטקייט אויף אַט דעם האַרטן פּאַטעל, כּדי זיך איבערצונעמען מיט עפּעס אַ זקן, וואָס טענהט, אַז זײַנע יונגע טעג האָט ער איבערגעלאָזט דאָ בײַ דער ווײַסל און איצט ברענגט ער גרוסן פונעם באַרג מוריה און פון בלויאויגיקן ים־כּנרת.

## קריסטוס מיטן צלם אויפן אַקסל

אויף קראָקעווער פאַרשטאָט, בײַם קאַשטשאָל פון „הייליקן קרייץ" פירן שטיינערנע טרעפּ פון לינקס און שטיינערנע טרעפּ

פון רעכטס, מיט אָנלענען פון שטיין, צו אַ קלײנער רחבה, וווּ עס איז געשטאַנען און שטייט שוין ווידער די שטיינפיגור פון קריסטוסן.

קריסטוס אין זײַן לאַנגער טוניק ביז די קנעכלער פון די פיס. מיט זײַנע לאַנגע קאַפּהאָר און באָרדשויבער, שלעפּט שוין ווידער דעם צלם אויף זײַן לינקן אַקסל. די לינקע האַנט האַלט אים אונטער.

דער צלם דריקט אַראָפּ. דער אויסגעמאָגערטער גוף ברעכט זיך, ווערט דרײַ מאָל דרײַ געבויגן אונטער דער לאַסט פון קרייץ. דער קאָפּ מיט דער דערנערקרוין בייגט זיך מיט.

דער בליק קוקט אַראָפּ צו דער נידער. אָט, אָט וועט קריסטוס אומפאַלן. אָט, אָט וועט אים דער צלם דערדריקן. אָט, אָט וועט זיך די דערנערקרוין אַראָפּגליטשן פון זײַן געפּייניקטן קאָפּ — נאָר זי גליטשט זיך נישט.

בלויז די דײַטשן האָבן באַוויזן די געשטאַלט אַרונטערצוהאַקן און דעם קאָשטשאָל צו פֿאַרברענען. איצטער איז דער קאָשטשאָל אַקוראַט אַזוי ווי ער איז געווען פריִער און קריסטוס שלעפּט און שלעפּט דעם צלם. גייט און גייט מיטן צלם און שטייט, ווי ער איז געשטאַנען דרײַ מאָל דרײַ געבויגן אונטער דעם אַראָפּזינקענדיקן קרייץ.

קריסטוסעס רעכטע האַנט איז ווי אַ באַזונדערע טייל פון זײַן גוף. זי קומט נישט צו הילף דער לינקער צו פֿאַרגרינגערן איר דאָס טראָגן די משׂא. זי שפּאַרט נישט אונטער דעם קערפּער כּדי אָנצו־האַלטן דעם גלײַכגעוויכט. קריסטוסעס רעכטע האַנט מיטן ווײַז־פינגער איז אויסגעשטרעקט ווײַט אַרויס פון גוף, ווי זי וואָלט עמעצן געבעטן. עמעצן געשאָלטן. געוואָרנט. געדראָט, באַשולדיקט.

די וואַרשעווער שפּערבלער און די גרויע טויבן זעען, ווײַזט אויס, נישט דאָס וואָס איך וויל זען אין דער טאַדלדיקער האַנט, אינעם אײַנגעדרייטן קערפּער, אינעם אַראָפּדריקנדיקן קרייץ. זיי פילן זיך גאָר היימיש צווישן די פֿאַלדן פון קריסטוסעס טוניק. זיי פלאַטערן אַרום אים. זיי רעשן איבער אים, זיי האָפּסלען פון איין טייל גוף צום אַנדערן און נעמען זיך נישט צו פיל איבער מיט דער הייליקייט, וואָס די סטאַטוע שטראַלט אויס. ווען זיי נעמען זיך יאָ איבער, וואָלטן זיי, די צעפּישטשעטע באַשעפענישן, אים נישט

אַזוי אָפּט און אַזוי פיל באַשפּרענקלט. די קרוין און די באָרד זענען שוין פון אָט די פייגל־סימנים גאַנץ ווייס.

ווען מײַן וואַרשע איז וואַרשע געווען מיט ייִדישן קלאַנג, געזאַנג און העוויות און איך — נאָך אַ קליין ייִנגל, האָב איך זיך קיין מאָל נישט פאַרהאַלטן אויף צו קוקן, צו פאָרשן און צו וועלן דערגיין וואָס וויל דאָ קריסטוס זאָגן, וואָס מיינט ער מיט דער אויסגעצויגענער האַנט?

אויפן וועג צום קיניגלעכן שלאָס און צו דער קערבעדזשאַ־בריק אויפן ווײַסלטײַך, בין איך קיין מאָל נישט געגאַנגען אויף דער זײַט טראָטואַר, וווּ עס האָט זיך געפונען די קריסטוס־פיגור, נאָר אויף דער אַנדערער זײַט פון גאַס, אַבי צו זײַן ווײַטער פון אים און פונעם קאָשטשאָל. כ'האָב אַפילו נישט געוואָגט אויפצוהייבן מײַנע אויגן און פונקט ווי ער, געקוקט צו דער נידער.

ס'האָט זיך מיר געדאַכט אַז ער בייזערט זיך וואָס פאַרבײַגייענ־דיק נעם איך נישט אַראָפּ פאַר אים דאָס היטל.

כ'האָב מורא געהאַט פאַר דער אויסגעשטרעקטער האַנט. ס'האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז אויב די קריסטלעכע קינדער אין גאַס האָבן מיך נישט באַמערקט, נישט פאַרטשעפּעט און נישט געשלאָגן, האָט זײַן פינגער אָנגעוויזן אויף מיר:

— דאָס איז אַ זשידעק! אַ זשידעק! אַ זשידעק!

— — —

אויף קראָקעווער פּאָרשטאָט, בײַם קאָשטשאָל פון „הייליקן קרייץ" קלאַפּט מיר דאָס האַרץ שטאַרקער ווי שטענדיק.

## דער ספּעקטאַקל

פּוילישע מענטשן שפּילן ייִדיש טעאַטער אין וואַרשע.

פּוילישע מענטשן לאָזן זיך אין אַ מיצווה־טאַנץ אין ייִדישן טעאַטער אין וואַרשע.

קאַפּאָטעס צעפּלויגן. קאַסקעטן און שטריימלעך פאַרהויבן. בערד און פאות צעפּאַטלט. אויגן פאַרגלאָצט. הענט מיט הענט פלעכטן זיך. הענט פון הענט צעשיידן זיך. פיס מיט פיס הייבן זיך. פיס מיט פיס בייגן זיך. נייגן זיך אַקוראַט ווי עס דאַרף צו זײַן — אַזוי ווי זיי וואָלטן דאָס געזען בײַ אַ ייִדישן שכן, מחוץ דעם טעאַטער, פון יענער זײַט גאַס, אויף יענער זײַט לעבן.

פּוילישע פּרוּוען אין קליידער מיט לאַנגע אַרבל און שלייפן, אין לאַנגע זאָקן זינגען אין ייִדישן טעאַטער ייִדישע לידער וועגן זיווגים, רײַזעס איבער ימען מיט יענער פאַרבענקטקייט און מיט יענער דבקות, אַזוי ווי זייערע ייִדישע פאַרגייערינס האָבן אַ מאָל, אַ מאָל געזונגען אין דער ענגשאַפט פון וואַרשעווער שטיבער בײַ די נײַמאַשינען, אָדער בײַם העפטן מאָנאָגראַמען אויפן חתונה־אויסשטײַער. די ייִדישע ווערטער אין זייערע ניט־ייִדישע מײַלער זענען אַרויסגעקומען עכטער פון עכט. דער ניגון אָבער, דער ניגון האָט אַרומגעבלאָנקעט ווי אַ יתום, ווײַל די בענקשאַפט האָט פאַר־לוירן אַלע אַדרעסן פון די געשדכנטע חתנים.

פּוילישע אַרטיסטן שפּילן טאַטעס און מאַמעס און מומעס מיט גווידערס, און פעטערס מיט ליולקעס — און דאָס פּוילישע פּובלי־קום, מיט טרײַבלעך אויף די אויערן, פאָלגט נאָך די אַקציע אויף דער בינע מיט וואַקסנדיקן נײַגער. זיי קוויקן זיך מיט די אויסטער־לישע פאַרשווינען, וואָס טוען זיך ניט שווינען און לויפן פאַריאַכ־מערט פון איין זײַט סצענע צו דער אַנדערער, רעדן מיט די הענט, שאָקלען מיט די קעפּ, פירן וויכּוחים, טומלען און שמײַען.

און אויסערן זאַל פון טעאַטער, בײַ דער פאָסטער קאַסע שטופּט זיך אַ מאַסע. אַ מאַסע גײַסטער — יונג און אַלט און קינדער. זיי זענען לײַכט. זיי זענען גרינג. זיי זענען לופט און רויך און נעפּל. מען זעט זיי יאָ און מען זעט זיי ניט. זיי רעדן יאָ און זיי רעדן ניט. זיי ווילן אויסקויפן די בילעטן אויף צו זען דעם בייז־ווונדער ווי אַנדערע פירן אויס די ראָלן פון זייער לעבן. ווי אַנדערע דערציילן זייערע וויצן און זייערע גלײַכווערטלעך אויף די סצענישע ברע־טער — אָבער שפּעטער, ווען דער פאָרהאַנג פאַלט, די רעפלעק־טאָרן צאַנקען און דער זאַל ווערט לער, קאָן עמעצער מיט אַ גוט

געהער אויפכאַפּן דעם שלוכץ און דעם קרעכץ פון אַ חסידישער קאַפּאָטע. דאָס פאַרקלעמטע געוויין פון אַ ווײַבעריש טיכל. דעם טויבן געשריי פון אַ טלית וואָס פאַלט אין די אָרעמס פון צוויי אָפּגעקראָכענע שבת־לײַכטער.

דער שומר לעשט אויס דאָס לעצטע לעמפּל. מען הערט דעם אָפּהילך פון זײַן שווערן גאַנג. מען הערט דעם גרילץ פון אַ שליסל.

פון הינטער די קוליסן קומט די פינצטערניש צו גיין און נעמט אין איר רשות אַלץ אַרײַן, ביז דער טאָג וועט אויפשטיין פון שלאָף, ביז צום ערשטן זונענשײַן.

די מידקייט וויגט און פאַרוויגט אַ חפץ נאָך אַ חפץ. דער חושך מעקט אויס די שפּיגלען אין דער גאַרדעראָב און פאַרשוואַרצט די שאַבלאָנען מיטן גרים; מען הערט ניט מער פון זיי קיין פּיפּס, קיין שאָרך.

בלויז די ייִדישע ווערטער זענען וואַך. זיי קאָנען ניט אײַנליגן. מען קאָן זיי ניט אײַנוויגן. ס'איז זיי ענג. זיי שטיקן זיך. עס פעלט זיי לופט. עס פעלט זיי דער פּשוטער ייִד פון גאַס. דאָס קינד אין קלאַס. די באַלעבאָסטע אין שטוב.

דער ייִדישער טעקסט פון די ראָלן (מיט לאַטײַנישע אותיות) איז אין סך־הכל פאַרן פוילישן אויספירער אַ טייל פונעם ספּעקטאַקל, אַ מיטל, אַ פּרעטעקסט אויף צו זינגען און צו זאָגן.

קלאָגן די ייִדישע ווערטער אין דער נאַכטיקער רו און הערן ניט אויף צו קלאָגן.

# אינהאַלט

## ישׂראלדיקע פּייזאַזשן



## פונקען פון אַ שײַטער

**מוזיקאַלישע וואָרט־אימפּראָוויזאַציעס**



**ביימער און מענטשן**



**קיניגן און הערשער**

**וואַרשע — אַפּריל 1986**

**ביז איצט דערשינענע ביכער**
**פון זעלבן מחבר:**

**די באַן** — יגור, 1956

**המסילה** — הקיבוץ המאוחד, 1960

**מזלות** — י. ל. פרץ־פאַרלאַג, 1965

**מזלות** (בעברית) — הקיבוץ המאוחד, 1969

**צווישן גרענעצן** — הקיבוץ המאוחד, 1972

**המספר שאתה מבקש מזמן עלה באש** —
הקיבוץ המאוחד, 1981

**נעמט מיך אין לאַנד פון פאַרגעסן** —
קיבוץ אלונים, 1983

**קחוני אל ארץ השכחה** — הקיבוץ המאוחד, 1989